ריש פינפטה איז דז אין די לייט פון דען אלף המשיח אונ׳ נאך דען שטרייט
פון גוג ומגוג װערט פריד אונ׳ רוא אין דיא גאנצה װעלט זיין • אונ׳ דיא
מענשן װערן קיין שטרייט גיפעס מער בידארפן • גלייך ישעי׳ ב׳ ( אונ׳ זיא
װערן צו שטוסן איר שװערדר צו זיכלן אונ׳ איר שפיסן צו שנייד מעסר • אונ׳ איין
פאלק װערט קעגן דש אנדרי קיין שװערד אויף היבן אונ׳ זיא װערן קיין שטרייט
מער לערנן ) • אונ׳ יחזקאל ל״ט ( אונ׳ זיא װערן אויז גין דיא אין װאוגר פון
דיא שטעט ישראל אונ׳ װערן ברענן אונ׳ אין הייצן מיט דיא װאפן אונ׳ שילטן מיט
בוגן אונ׳ פיילן אונ׳ מיט הענטבארדן אונ׳ שפיסן • אונ׳ װערן זיבן יאר דר מיט
פייאר ברענן • אונ׳ װערן קיין הענצר פון דען פעלד נעמן : אונ׳ װערן ניט
האלן אויז דיא װעלדר • ניארט מיט דיא װאפן װערן זיא פייאר אן צינדן ) •
אונ׳ הושע ב׳ ( אונ׳ דען בוגן אונ׳ שװערד אונ׳ שטרייט װער איך צו ברעכן פון
דיא ערד אונ׳ איך װער זיא מאכן ליגן אין זיכרהייט ) • אונ׳ זכרי׳ ט׳ ( אונ׳
דער שטרייט בוגן װערט פר שניטן װערן אונ׳ ער װערט פריד רידן צו דיא
פעלקר ) :

ריש זעקסטי איז דז אין דיא לייט פון דען אלף המשיח װערט פריד זיין אין
ארץ ישראל צווישן דיא בייזי טיר אונ׳ דש צאמי הויז פיך דז זיא װערן
אננדר ניט שעדיגן • אונ׳ נאך פיל װיניגר דיא מענשן גלייך ישעי׳ י״א ( אונ׳
דער װאלף װערט װאונן מיט דש שאף • אונ׳ דער לעפרט װערט הויארן מיט דש
ציקליין • אונ׳ דש קאלב אונ׳ איין יונגר ליב אונ׳ איין פעטר אקס װערן מיט אננדר
װאונן • אונ׳ איין קליינר יונג װערט זיא פירן • אונ׳ איין קוא אונ׳ איין בער װערן
צו גלייך װיידן • אונ׳ איר קינדר בייא אננדר ליגן • אונ׳ דער ליב װערט שטרוא
עסן אז איין רינד • אונ׳ איין זייגדיג קינד װערט זיך שפילן אויף דש לאך פון איין
שלאנג • אונ׳ אויף דיא שפאלט פון איין גיפטיגה שלאנג װערט איין אנטוויינט
קינד זיין האנט שטרעקן • זיא װערן קיין בייז טון אונ׳ ניקש פר דארבן אויף איין
גאנצן היילגן בערג • דען דיא גאנצי ערד װערט דר פילט זיין מיט דיא וויסן
שאפט פון גאט ) • אונ׳ ישעי׳ ס״ה ( דר װאלף אונ׳ דש לאם װערן צו גלייך װיידן •
אונ׳ דער ליב װערט שטרויא עסן אז איין רינד • אונ׳ דיא שפייז פון דער שלאנג
װערט ערד זיין • זיא װערן קיין בייז טון אונ׳ ניקש פר דארבן אויף איין גאנצן
היילגן בארג זאגט גאט ) : אונ׳ יחזקאל ל״ד ( אונ׳ איך װער מיט זיא פר
שניידן איין פר בונד פון פריד • אונ׳ איך װער פר שטערן דיא בייזי טיר פון דיא
ערד • אונ׳ זיא װערן אין דיא װישטינייא מיט זיכרהייט װאונן • אונ׳ װערן אין
דיא װעלדר שלאפן ) • װייטר שטיט ( אונ׳ זיא װערן ניט מער צו פר אכטונג
זיין אונטר דיא פעלקר אונ׳ דיא װילדי טיר דר ערדן װערן זיא ניט אויף עסן ) •
אונ׳ הושע ב׳ ( אונ׳ איך װער אן דעם טאג איין פר בונד מיט זיא פר שניידן
מיט דיא טיר דש פעלדש אונ׳ מיט דען פוגל דש הימלש אונ׳ דיא קריכנדי טיר

דר ערדן) :

ריש זיבנטה איז דז איין דיא לייט פון משיח ווערן קיין לייד נאך זארג אונ׳ זיפצן
זיין אין גאנצן ארץ ישראל אונ׳ דהרום ווערן גרוסט פֿאלק לאנג לעבן אונ׳
ווערן איין גוט לעבן האבן · גלייך ישעי׳ ס״ה ( דער זיך ווערט ריאן אויף דיא
ערד דער ווערט זיך ריאן מיט דעם וואראפֿטיגן גאט · אונ׳ דער דא ווערט
שווערן אויף דיא ערד דער ווערט שווערן ביים דעם וואראפֿטיגן גאט · דען די
ערשטי לייד ווערן פֿר געסן ווערן אונ׳ ווערן פֿר בארגן זיין פון איין אויגן) ·
ווייטר שטיט ( אונ׳ איך ווער איך פֿרייאן מיט ירושלים אונ׳ ווער איך פֿר לושטיגן
מיט איין פֿאלק · אונ׳ עס ווערט ניט מער דרינן גיהערט ווערן איין שטים פֿון
וויינן אונ׳ טרייאן · עס ווערט קיינר מער דרינן זיין איין יונגר פֿון טעג דז ער
זאלט ניט לאנג לעבן · אדר איין אלטר מאן דער ניט זאלט זיין טעג אויש לעבן ·
דען דער דא ווערט שטערבן צו הונדרט יאר דער ווערט איין יונגר מאן זיין · אונ׳
דער דא ווערט זינדיגן צו הונדרט יאר דער ווערט גישאלטן ווערן · אונ׳ זיא ווערן
הייזר בויאן אונ׳ ווערן זיא בזיצן · אונ׳ ווערן איין גערטן פֿלאנצן אונ׳ איר פֿרוכט
עסן · זיא ווערן ניט בויאן אונ׳ איין אנדרר ווערט עס בזיצן · זיא ווערן ניט
פֿלאנצן אונ׳ איין אנדרר ווערט עס עסן · דען גלייך וויא דיא טעג פֿון איין בוים
אזו ווערן זיין דיא טעג פֿון איין פֿאלק · אונ׳ דש ווערק פֿון איר הענד ווערן איין
אויש דר ווילטי פֿר שלייסן) :

ריש אכטה איז דז איין דיא לייט פֿון אלך המשיח ווערט דיא שכינה ווידר קומן
צו ישראל גלייך וויא צום ערשטן · אונ׳ דיא נבואה אונ׳ קלוגהייט אונ׳
ווישן שאפֿט ווערט פֿר מערט ווערן אונטר דש פֿאלק ישראל · גלייך יחזקאל ל״ז
( אונ׳ איך ווער מיט זיא פֿר שטיירן איין פֿר בונד פֿון פֿרידן · איין אייביגר פֿר
בונד ווערט מיט זיא זיין · אונ׳ איך ווער זיא געבן אונ׳ פֿר מערן · אונ׳ ווער איין
הייליקייט צווישן זיא געבן אויף אייביג · אונ׳ איין וואונונג ווערט איבר זיא זיין ·
אונ׳ איך ווער זיא זיין צו איין גאט אונ׳ זיא ווערן איר זיין צו איין פֿאלק · אונ׳ דיא
פֿעלקר ווערן ווישן דז איך בין גאט דער דא הייליגט ישראל אז איין הייליקייט
ווערט אייביג צווישן זיא זיין ) אונ׳ יחזקאל ל״ט ( אונ׳ איך ווער איין אן גיזיכט
ניט מער פֿון זיא פֿר בערגן ווייל איך הב איין רוח הקדש אויש גיגאסן איבר דש
הויז גזינד פֿון ישראל זאגט גאט דר הער ) · אונ׳ יחזקאל מ״ג ( אונ׳ גאט
זאגט צו איר דאס מענשן זון דש אורט פֿון איין שטול אונ׳ דש אורט פֿון דיא באלין
פֿון איין פֿיס דאו איך ווער אייביג וואונן צווישן דיא קינדר ישראל ) אונ׳ אום
ענדר פֿו יחזקאל שטיט ( אונ׳ דר נאמן פֿון דיא שטאט ירושלים ווערט בלייבן וויא
ער איז גיוועזן אן דעם טאג אז גאט האט זיך דארטן ביווייזן ) · אונ׳ יואל ב׳
( אונ׳ איר ווערט ווישן דז איך בין צווישן ישראל אונ׳ איך בין גאט אייער גוט אונ׳
קיינר מער · אונ׳ איין פֿאלק הערן ניאר מער פֿר שעמט ווערן ) אונ׳ יואל ג׳

אונ׳

(אונ׳ דר נאך ווער איך איין רוח הקדש אויש גיסן אויף אלי בישעפניש אונ׳
אייער זין אונ׳ טעכטר ווערן וויישזאגן) · אונ׳ יואל ד׳ (אונ׳ איר ווערט אישן
דז איך גאט אייער גאט וואון אין ציון איין הייליגן בערג · אונ׳ ירושלים ווערט
הייליג זיין אונ׳ עס ווערן קיין פרעמדי אובר דורך גין) · אונ׳ אזו יואל שטיט
(אזו איך זעלט זיא שון לידיג לאזן אבר פון וועגן דש בלוט וואש זיא האבן פר גאסן
ווער איך זיא ניט לידיג לאזן אונ׳ גאט וואונט אין ציון) · אונ׳ זכריה ב׳ (זינג
אונ׳ פריא דיך דוא שטאט ציון דען איך קום אונ׳ ווער אין דיר וואונן זאגט גאט) ·
אונ׳ ישעי׳ י״א (דען דיא ערד ווערט דר פילט זיין אויט דיא וויסנשאפט פון
גאט גלייך וויא דיא וואשר דיא גרוב פון ים בידעקן) · אונ׳ ירמי׳ ל״א (אונ׳
זיא ווערן ניט אמער לערנן איין איטליכר אן זיין גיזעלן אונ׳ אן זיין ברודר צו זאגן קענט
גאט · דען זיא אלי ווערן מיך קענן פון איר קלענשטי ביז איר גרעשטי זאגט
גאט · דען איך ווער איר זינד פר געבן אונ׳ וואש זיא האבן גיזינדיגט ווער איך
ניט אמער גידענקן) :

אונ׳ נאך דעם אלז דז דיא גיאונלדטי קאנדיציאט וועלכי דורך דיא נביאים
פר שפראכן זיין דיא אונז פר גוויש אן דען ווארהאפטיגן משיח ביפונדן
ווערן אונ׳ אבר אן ישו הנוצרי ניט ביפונדן ווארן · אזו איך דיא גיאונלדטי פר
הייסונגן אונ׳ נאך אנדרי דיא איך היר ניט גידאכט האב אויש פורכט דר
ווייטלופיקייט וועלכי פר שפראכן ווארן דז זיא זאלן ביפעסטיגט ווערן אין דיא
צייט פון דען ווארהאפטיגן פר הופטן משיח · דיא זיינן ביז אלהער נאך ניט
גישעהן גלייך אין זעקסטן פרק בישריבן ווערט · אלזו פאלגט אויש אל דיזר רעדן
דז דער ווארהאפטיגר פר הופטר משיח אן וועלכן זונדר צווייבל אל דיזי
קאנדיציאט ווערן ביפונדן ווערן נאך ניט גיקומן איז · אונ׳ אזו ווערן ווער אין
זיין צייט גישעהן דיזי פר הייסונגן אונ׳ פר זיכרונגן גלייך וויא דיא נביאים האבן
פר שפראכן אונ׳ אויך קיין אנדרי אזגיר · אלזו האלטן איר פר גוויש אויש
קראפט דיזי רעדן אונ׳ פראפעצייאונגן דז ישו הנוצרי האט ניט גיקענט משיח
זיין :

# פרק ב

אונ׳ וואש דיא נוצרים זאגן דז גאט האט דש פאלק ישראל פר שטאסט וויל
זיא האבן ניט וועלן פאלגן דש גיזעץ פון משיח דער פון אונש איז גמאכט
גיווארן אונ׳ וויל זיא האבן אים גיפייניגט · אונ׳ דז גאט האט אויש דר וויילט
דש פאלק פון דיא נוצרים אונ׳ ער איז פון אירט וועגן גיפייניגט גיווארן אום
איר זינד צו העלפן וויל זיא האבן אים אן גינומן אונ׳ אן אים גיגלויבט :
דיא ענטפרט איז דז זיא דאר איט ניקש בווייזן קענן · דען זיא ביקענן דאך

זעלבשט דז איערישו איז גיקומן האבן זיא אן גאט יתברך גילייקנט אונ׳ האבן
אב געטר גדינט • אונ׳ אויך זעלבשט נאך זיין קוואשט האבן זיא איס נאך ניט אן
גינומן אונ׳ ניט אן איס גיגלויבט ביז פֿיל הונדרט יאר דר נאך • אונ׳ זיא זעלבשט
האבן פֿר טילגט אל זיין תלמידים אונ׳ שלוחים אונ׳ אל דיא דא וואורן נאך זיין נאמן
גינענט • דען נירון דר קיסר פֿון רום האט לאזן טיטן אין רום דען פיטר אונ׳
פויל איט איין גרייאליכן טוט ווייל זיא האבן דש פֿאלק אן גירייצט אונ׳ פֿר פֿירט
צו דען גלויבן פֿון ישו אונ׳ דש גישאך אין דש פֿינף׳ אונ׳ צווענציגשטה יאר נאך איר
רעכינונג • אונ׳ אזו האט דר קיסר ביפֿולן דז מאן זאל דען לארינץ לעבנדיג בראטן
אויף איין אייזירנה פֿאן אין דיא שטאט רום ווייל זיא האבן דיא פֿיינד אן גירייצט
צו דען גלויבן פֿון ישו • אין דש יאר צוויא הונדרט פֿיר אונ׳ פֿופֿציג נאך איר
רעכינונג • אונ׳ אזו אויך אל דיא קיסריות דיא נאך איס וואורן האבן דיא נוצרים
פֿר פֿאלגט אונ׳ דיא פויפסן גיטיט איט אלי דיא זיך גילוגן הבן נאך דש גיזעץ
פֿון ישו גלייך אין איר ספֿרים גישריבן שטיט • אבר דר ערשטר קיסר דער
דא וואר אין גיטרעטן אין דען גלויבן פֿון ישו דש וואר דר קיסר קוסטנטין דער
האט זיין ערשטן גלויבן פֿר לאזן אונ׳ האט אן גינומן דען גלויבן פֿון ישו אונ׳ האט
אויף גריכט דש גיזעץ פֿון דיא נוצרים דרייא הונדרט יאר נאך דען טוט פֿון ישו
אונ׳ פֿון איס שטיט אין דניאל י״א (אונ׳ דער הער גאט ווערט זיין לעסטרן פֿר
שטערן אונ׳ ווערט איס זיין לעסטרונג ווידר אום בילאנן) • אונ׳ אין זיין צייט וואר
דער חכם אריוס דער אין בוך האט גיאמכט וואורין ער ברענגט רעדן אונ׳
ביוויז קעגן דיא לער דר נוצרים אונ׳ דער קוסטנטין האט נאך זיין ריד ניט
וועלן הערן • אונ׳ נאך זיין טוט האט אן זיין שטאט גירעגירט זיין זון
קוסטנטינוס דער נאך זיין נאמן גינענט וואר • אונ׳ דער האט דען קלוגן אריוס
גיפֿאלגט אונ׳ האט דש גיזעץ דר נוצרים אונטר גיבראכט • אונ׳ נאך איס הוט
גירעגירט זיין זון טלימן קיסר דער האט אויך גיפֿאלגט דיא דעה פֿון אריוס אונ׳
האט ניט וועלן פֿאלגן דיא לער פֿון דיא נוצרים אונ׳ אויך ניט זיין זון אונ׳ זיין זונש
זון • אונ׳ נאך היינט דש טאגט זיינן אונטר זיא וועלכי דיא איינונג פֿון אריוס
פֿאלגן אונ׳ דיא ווערן גינענט דיא אריאנר • אונ׳ אזו אויך דיא פארסיאנר אוליש
בייא זיא קאם ויזאנק דר הגאון פֿון הרגא אוק זיא צו לערנן דען גלויבן פֿון ישו
האבן זיא איס אין שטיקן גיהויאן אין דש יאר ניין הונדרט אונ׳ ניינציג נאך איר
צאל • אונ׳ דש פֿאלק נרוגיאה אונ׳ פֿולוניאה האבן זיין גלויבן ניט גינומן נאך אער
אז טויזנט אונ׳ פֿיר הונדרט יאר נאך איר צאל • גלייך איר קרוניקו דש אויש
בווייזן • אונ׳ היינט נאך זיינן אונטר זיא איניגן וועלכי דינן דיא שלאנגן אונ׳
בעם אונ׳ שטיינר אונ׳ דש פֿייאר גלייך זיא פֿון צו פֿור גיוואונט וואורן • אונ׳ אויך
זעלבשט אין איר דינשט הייזר האבן נאך ניט אויף גיהערט דיא בילדר פֿון זילבר
גאלד האלץ אונ׳ שטיין • אונ׳ אין ווגרהייט דיא בילדר פֿון ברוט וועלכי זיא דינן

אונ׳ דר צו בוקן גלייך זיא מיער לייטן גיוואונט וואורן · אונ׳ דש אונש טון זיא קענן
דיא יעצר פון ישו דען ער האט זיא דש שטרענג פר באטן · אונ׳ אך זעלבשט דיא
נעבנריגי טיר דיא צו מיר בילדר גישעפט ווערן האבן זיין תלמידים אונ׳ גיזאגטן
פר באטן דזאן זאל זיא ניט עשן · אונ׳ אזו אוך דש גיזואורג׳ נה פיך אונ׳ דש בלוט
ווערכש אין אן גליין פר באטן איז צו עשן אונ׳ דש האלטן מיר גרעשטי חשובים
אך ניט · אך ענטהייליגן זיא דען טבת טאג ווערכש איין שווער גיבאט איז דז
ישו איט אל זיין תלמידים אונ׳ דיא נאך אים גיפאלגט זיין גיהאלטן האבן ביז
פינף הונדרט יאר אונ׳ דען האבן זיא אן גיהובן צו האלטן דש גיבאט פון דען
פויפס דז זיא היטן דען זונטאג אן שטאט פון דען העכטן טבת טאג ווערכש
ישו נאך זיין דיסיפולן גאנץ אונ׳ גאר ניט גיבאטן האבן · נון וויל דעם אזו איז
וויא קענן זיא דען זאגן דז ער האט זיא אויש דר וועלט וויל זיא האבן אים אן
גינואן · נאך דעם אלז זיא האבן פר טיליגט פון דיא ערד אל די נאך זיין נאמן
גינענט וואורן · אונ׳ נאך הייגט דש טאג צו האלטן זיא זיך ניט נאך זיין לער אונ׳
פר אערן אונ׳ פר איכרן דיא דיר פון אן גליין · אונ׳ אם ענדר פון אן גליין פר
פלורכט ער איט איין גרייאליכה פלוך דיא דא ווערן פר אערן אודר פר איכרן פון
זיין ריד גלייך ביקענט איז אן דיא דריגן לייאכן אונ׳ וויא ביטיידן ווערט אין דען
ניין אונ׳ פירציגשטן אונ׳ פופציגשטן פרק פון דיזן חלק :

# פרק ג

עש האט איר איינר אויש דש פאלק גרלימה פיר גיהאלטן וויא קואט דש דא
מיר האט היינט קיין קיניג אער אויש אייער אייגן פאלק גלייך איר הוט
אייער לייטן גיהאט · דש איז אנדרשט ניט אז וויל איר האט ניט אן גינואן דען
גלויבן פון ישו הנוצרי אונ׳ זיין רעגירונג דז ער וואר איין קיניג איבר ישראל אונ׳
דארום איז דש קיניגרייך פון ישראל פר לורין גיוואורן :

איך ענטפערט אים דז עש איז ביקענט אונ׳ אופן באר אויש דיא ריד דר
נביאים ע״ה דז וועגן אונזרי פילי זינד איז אונזר קיניגרייך פר לארן
אין דיא צייט פון נבוכדנצר דר קיניג פון בבל אז ער האט פר טריבן דען צדקיה
דער קיניג פון יהודה נאך בבל אער אז פיר הונדרט יאר פאר דיא צייט פון
ישו · אונ׳ האבן אין בבל דיא בבלייאים גידינט דר נאך דינטן זיא דען אלך פון די
אונ׳ דר נאך דיא יונים · אונ׳ אין לאנגי צייט אייער ישו וואר גיבארן זיינן איר
שון דינשטבאר גיוועזן אונטר די אכט פון דיא רומייאי דוא קענשט דאך זעהן
אין אייער אוון גליון אין (לוקש פרק ג׳) שטיט דז אין דש פופצעהנטי יאר דש
רעגירונגש טיבריוס קיסר האט פילאטוס איבר יהודא גיהערשט · אונ׳ אין
(יואהנוס פרק י״ט פסוק ט״ו) שטיט דז די פרושים הבן גיזגט איר הבן אנדרשט

קיין קיניג אז דען קיסר אליין · אונ׳ דז דוא צו רעגינשט דש קיניגרייך פֿון ישראל פֿון ישו · דש וויסן איר ניט ווער אים האט צום קיניג גיזאלבט אונ׳ ווא ערוואר קיניג איבר ישראל נאך דעם אזו זיא האבן, אים צום טוט פֿר אורטיילט אז ווייא איין אנדרר אונטר דש גיזאייטה פֿאלק · אונ׳ דיזא קיניגן פֿון רום וואורן די אורזאך פֿון זיין טוט אונ׳ פֿון זיינה תלמידים אונ׳ שלוחים · אונ׳ איר רעגירונג בלייבט נאך · אונ׳ איר זייט דש פֿאלק פֿון גרליאה דיזא דרן גלויבן פֿון ישו האבן אן גינומן פֿור דיזא אנדרי פֿעלקר אונ׳ נאך דעם איר האט שון לאנג אן אים גיגלויבט איז אייער רעגירונג פֿר לאהרן אונ׳ האט קיין קיניג אטר אויש אייער פֿאלק אזוויא איר דר פֿיר האט גיהאט · דען דר קיניג פֿון ישמעאל דש איז דר טעריק דער איצונד הערשט איבר דש לאנד פֿון ישראל דער הערשט אוך איבר דש לאנד פֿון יון וועלכש איז גרליאה · אונ׳ אזו אוך דש קיניגרייך פֿון אונגרין ווען טון זיא האלטן דען גלויבן פֿון ישו הנוצרי · איז דאך איר קיניגרייך צו ריסן אונ׳ איר רעגירונג פֿר לארן אונ׳ האבן קיין קיניג אטר אז אין ערשטי צייטן אויש איר אייגן פֿאלק גיווערט דר טערק הערשט איבר זיא · אזו אוך פֿיל קיניגרייכן פֿון דיזא פֿעלקר דר נוצרים וועלכי אייער צייטן אויש איר אייגן פֿאלק האבן קיניג גיהאט · דיזא דינן אלי איצונד דעם טערקן · ווען טון דז ער אונ׳ אל די ישמעאלים ניט גלויבן דיזא לער פֿון ישו אונ׳ האסן אלי דיזא דרמן גלויבן · זיינן זיא גלייך וואול נאך היינט דש טאגש גליקליך אין איר רעגירונג גלייך ווייא איר נאך היינט זעהט :

# פרק ד

עש האט איין גוויסר הער פֿון אמרטין לוטרש פארטייא קעגן איר גירישפוטירט אונ׳ זאגט דוא ווייסט דאך וואול ווש גישריבן שטיט אין אייער אוון גליון, אין (מקטא מפוסטאלורום פרקא ה׳ פסוק ל״ד) דז רבן גמליאל דער גרוזער הער אונ׳ לערן מייסטר פֿון דיזא יהודים האט אזו גיזאגט צו דיזא יהודים פֿון וועגן דיזא זאכן פֿון דיזא שלוחים פֿון ישו : לאזט זיא מיט פֿרידן אונ׳ איר ווערן איר ראט אונ׳ ווערק צו זעהן · ווען עש אנדרשט מענשליך ווערק איז ווערט עש אין איין קארצי צייט פֿר שטערט ווערן · ווען אבר איר ווערק אויז גאטליך ווערק איז זוא איז עש ניט מיגליך צו פֿר שטערן גיווארט ווערט אונ׳ אייער בישטאנד האבן · אונ׳ דארום שטעלט אייך ניט קעגן דיזא גידאנקן אונ׳ ראט פֿון גאט · אונ׳ ער ברווייזט ביווייז דארויף פֿון טיאודס אונ׳ יהודא הגלילי דיזא פֿון זיך זעלבסט האבן שטורן אונגער דען וויל, אונ׳ ביפֿעל פֿון גאט · וועלכי אין קורצ צייט מיט אל אירי אנהענגר זיינן פֿר גאנגן אונ׳ פֿון דיזא וועלט וועק גיקומן : אונ׳ איר זעהט דאך טייגבארליך דז דער גלויבן פֿון ישו מיט זייני גיזאגטן האט שון

אער

אודר אז פֿופֿצעהן הונדרט יאר גידויארט אונ׳ איז ניט פֿר שטערט גיווארן ׃
אלזו איז דש איין פֿול קומנטליך בייוייז דז אירי זאכן אונ׳ ווערקן מיט גאטש ווילן
אונ׳ ביפֿעל גישעהן זיין ׃

אונ׳ איך הב אים אזו גיענטפֿרט ׃ דיזי זאכן דיא אין אייער און גלויבן שטין
דז רבן גמליאל האט דיא גיזאגט ׃ דש האלטן איר ניט פֿר גוויש ׃ אונ׳
וואן עש שון ביקענט ווער דז רבן גמליאל וועלט זיא גיזאגט הבן ׃ ווישן איר וואל
דז ער ווערט זיא ניט בנבואה גיזאגט האבן דען ער וואר קיין נביא ׃ נייארט
עש ווערט אים אזו גידונקט האבן פֿאלגנט דש עקסעמפל פֿון טיאודוס אונ׳
יהודא הגלילי וואש אן זיין לייט איז גישעהן אונ׳ אייער קען זיך וואל אירן אונ׳
פֿעלגין אין זיין איין בילדונג גלייך תהלים י״ט (ווער קען דיא מישגרייפֿונג
פֿריבן אונ׳ זיך דר פֿאר היטן) ׃ אונ׳ יויך ווין איר מיט ווארהאפֿטיגי לייגן
ביווייזן דז עש ניט אזו איז ווימ דו דא זאגשט ׃ דען נעם דיר איין עקסעמפל פֿון
דיא פֿרעמדי דינשטן דיא פֿר דיא לייט פֿון ישו גיוועזן זיין אונ׳ דיא נאך זיין לייט
זיינן אויך גיקומן אונ׳ טון פֿיל טויזנט יארן גידויארט האבן ׃ אונ׳ דוא ווייסט דאך
וואול דז דיא דינשטן דר אב געטר זיינן טון פֿר דיא לייט פֿון אברהם אבינו אין
דיא וועלט גיוועזן דען תרח דער פֿאטר פֿון אברהם אבינו ע״ה האט אב געטר
גידינט ׃ גלייך דיא טרייפֿט פֿון אים בילייגט אין יהושע כ״ד (תרח וואר דער
פֿאטר פֿון אברהם אונ׳ נחור אונ׳ זיא דינטן פֿרעמדי געטר) אונ׳ פֿון דיא
זעלביגה לייט ביז אילגד זיינן אודר אז דרייא טויזנט יאר ׃ אונ׳ דיא דינשט דר
בילדר האט נאך ניט אויף גיהערט ׃ גלייך ווימ איר זעלבשט דז איר זייט פֿון דיא
פֿארטיי וונקליקי דיא דא גין אין רעגוועג פֿון אמרטין לוטר ׃ בישולדיגט אל
דיא דא פֿאלגן דעם וועג פֿון דען פויפסט פֿון רום וויל זיא דיא בילדר דינן אין איר
דינשט היייר ׃ אונ׳ דש איז דאך גוויש דז גאטש ווילן אונ׳ ביפֿעל איז ניט דז אין
זאל בילדר דינן ׃ אונ׳ נאך גלייך וואול זיינן זיא היינט דען טאג נאך ניט פֿר
שטערט ׃ אונ׳ אזו אוך דער מחמיט האט פֿר דיא ישמעאלים איר גייאמי גיזעצן
אויף גריכט ׃ פֿון וועלכי איר אך ווייסט וואש דר אן צו טון איז ׃ אונ׳ גלייך אזו
האט איר אמונה שון פֿיל טויזנט יאר גיווערט אונ׳ האט נאך ניט אויף גיהערט ׃
זעלט אן דען דארום זאגן דז דיא לוייא אמונות עש זיינן פֿון דיא בילדר אודר פֿון
דען מחמיט זעלטן אויף גיקומן זיין מיט גאטש ווילן אונ׳ ביפֿעל וויל זיא ביז אלהער
נאך ניט אויף גיהערט האבן אונ׳ אזו אין לאנגה לייט האבן גידויארט ׃ איך
ווייס גוויש אנדר לייבל דז קיין פֿר שטענדיגר מענש ווערט דש זאגן ׃ אבר
דיא רעדן דר פֿון איז דז הקב״ה לאזט דארום אזו לאנג זעלכי גלויבן אין דיא וועלט
זיין ׃ דען ער זאגט לאזן דיא נארן טון וואש זיא וועלן דען זיא ווערן דאך ענדליך
אזן רעכן שטראפֿט גיבן ׃ גלייך אין (מסכת ע״ז) בישיידן איז פֿון איין גוויסה
שאלה דיא אן רבן גמליאל איז גיפֿרעגט גיווארן ׃ אונ׳ עש איז אוך ביקענט אויש

דיא נביאים ע״ה דז דיא דינשטן דר אב געטר ווערט גיוועהרן ביז צו דיא צייט
פון משיח וועלכש קוושט איר פר האפן · דען פון דיא אלביגא צייט שטיט
אין ישעי׳ ב׳ (אונ׳ דיא אב געטר ווערן אל צו מאל אוועק קואן) · אונ׳ צפני׳ ב׳
(דיא דער שרעקניש פון גאט ווערט אויף זיא זיין דען ער ווערט פר שוועכן אלי
געטר דר ערדן · אונ׳ אל דיא פעלקר דיא אין דיא אי לענדר וואונן ווערן קואן
אין אידר פון זיין אורט אונ׳ ווערן זיך צו אים בוקן) · אונ׳ זכריה י״ג (אונ׳ עש
ווערט זיין אן דען זעלביגן טאג זאגט גאט דר היר שארן ווער איך פר שניידן דיא
נעאן דר בילדר פון דיא ערד אונ׳ זיא ווערן ניט אער גידאכט ווערן) · אונ׳ דען
ווערט ביפעשטיגט ווערן וואש גיזאגט ווערט אין זכריה י״ד (אונ׳ גאט ווערט
אין קיניג זיין איבר דיא גאנצה ערד · אן דען זעלביגן טאג ווערט גאט אייניג
זיין אונ׳ זיין נאאן ווערט אייניג זיין) :

# פרק ה

צום אנדרן הוט איר דער גיאנטוורטר הער פאר גיהאלטן ווייל איר ווייסט דז
אזו לאנג אז איר האט גאטש ווילן גיטאן אונ׳ זיין גיבאט גיהאלטן האט
איר אין דיזה וועלט ביגליקט · דען דיא קיניגן פון ישראל וואָרן אזו גרוט אונ׳
שטארק ביז דז אונזר עלטרן אונ׳ פיל פעלקר האבן אייך אונז דינן אונ׳ צינז געבן ·
אונ׳ איצונד ווייל איר האט קעגן גאט גיזינדיגט איז דיא זאך גאנץ פר קערט
גיוואָרן דז דש קיניגרייך איז פון אייך אוועק גינואן אונ׳ איז אן אונש גיקואן · אונ׳
דיא דינשט איז פון אונש אב גינואן אונ׳ איז אן אייך גיקואן דז איר אוטט אונש
דינן דען איר האט איצונד קיין קיניג נאך פורשט אונ׳ איר זייט דינשטבאר צו
אלי פעלקר דיא אויף דיא ערד זיין אלזו דז דיזה אונזרי ביגליקונג איז איין גרוש
ביווייז אויף אונזרן גוטן גלויבן גלייך ווי אייער ערשטי ביגליקונג איז איין ביווייז
גיוועזן אויף אייער ווארהאפטיגן גלויבן דיא איר ערשט האט גיהאט · אלזו דז
דיזה אייער נידריקייט איז אוך איין ווארהאפטיג ביווייז אויף אייערי בייזי
ווערקן אונ׳ דז איר ניט רעכט אן גאט גלויבט :

אונ׳ איך האב אים אזו גיענטפרט · דיין רעדן גיט אויף קיינרלייא אופיר
ניט אן אונ׳ קענשט ניקט דר מיט ביווייזן · דען אין דיזה וועלט זייגן פיל
רשעים דיא עש אזו וואול גיט אז וויא עש גיהערט דיא צדיקים צו גין · אונ׳ אזו
אך אינט קעגן טייל זייגן אופט צדיקים דיא עש איבל גיט · נעם דיר איין
עקסעמפל פון נבוכדנצר דר רשע אונ׳ אלכסנדר מוקדון דיא האבן גיהערשט
איבר דיא גאנצי וועלט אונ׳ אין זונדרהייט איבר דש פאלק ישראל · אונ׳ דאך הוט
אן אין דיא גאנצי וועלט קיין קיניגן גיזעהן דיא אזו גליקליך וואָרן אין איר
קיניגרייך אז זיא · נאך גלייך וואול וואר איר ביגליקונג קיין ביווייז דז איר גלויבן
זעלט

# פרק ה

זאלט דארום בעסר גיוועזט זיין אז דער גלויבן פון ישראל ווען שון זיא האבן איבר ישראל גיהערשט · וויל דאך ביקענט איז דז זיא האבן דיא בילדר אול דיא שטערן דר הימל גדינט · אול נאך הייגט דש טאגס ביקענט איר נוצרים זעלבשט דז דש גיזעץ דר ישמעאלים איז ניט וואר האפטיג געטליך גיהערט אעגנטליך אויש גיטראכט אול אויך גישטעלט פון איר נביא אחא"ט · אול גלייך וואל ביגליקן זיא אין דיזה וועלט אול הערשן איבר דש גרעשטי טייל פון דיזן וועלט · דען איר קיניגרייך שטרעקט זיך איבר גאנץ אסיא אול אפריקא · דיא פילוסופים זאגן דז דיא וועלט איז גיטיילט אין דרייא טייל · אירופא אפריקא אול אסיא וועלכי זיינן אבער אז דרייא פירדי טייל פון דיא וועלט · זעלשטו דען דארום זאגן דז איר ביגליקונג איז איין בוויז אויף איר גוטן גלויבן · אול דיא טריפט בילייגט דש קעגן טייל אין ירמי' י"ב (ווארום ביגליקט דר וועג פון דיא רשעים) · אול משלי ג' (וועם גאט ליב האט דעם שטראפט ער) · דארויש פאלגט דז דיזה בוויז וואש דוא האשט גיבראכט דז וויל איר ביגליקט אול עש גיט אייך וואל דז איר זעלט דארום דען רעכטן גלויבן האבן · דש איז קיין פאשט בוויז גלייך בייא איין אידר פר שטענדיג אענט ביקענט איז:

# פרק ו

עש האט איך איין גווישר חלק פון דיא נוצרים גיפרעגט איר האבן גיזאגט אין דיא נביאים אול האבן ניט איינס גיפונדן דער וואש זעלט גירעט אדר גיפראפעצייאט האבן פון דיזה גיפאנגנשאפט אין וועלכה איר איצונד זייט וועלכש איז דש גלות פון רום · נייארט אלי נביאים האבן גירעט פון גלות בבל אול פון דיא זעלביגה ערלייזונג · אול אוך פון דען פאל פון בבל אין די האנט אדי אול פרס · אבר פון דיזה אייער גיפאנגנשאפט דז איר זייט פר טריבן גיוואהרן דורך דיא רוואיים אול אכל שכן פון דיא זעלביגה ארלייזט צו ווערן אול נאך פיל וויניגר פון דען פאל דש קיניגרייכש פון רום ווערט אין דיא ביכר דר נביאים ניקש דר פון גיפונדן · אלזו איז דיא פראג וואור דורך קען אן דען גיווער ווערן דז דער פר הייסינר משיח נאך ניט גיקומן איז אול דז ער נאך ערשט קומן ווערט נאך דעם דז אלי פר הייסונגן וועלכי אין דיא ליד דר נביאים בישריבן זיין שון ביפעסטיגט אול גישעהן זיין אין דיא צייטן דש צווייטה בית המקדש · וואר פון דער אטימאש אין פרק י"א וי"ג האט גיזאגט דז אל די נביאים אול דיא תורה האבן גיפראפעצייאט ביז יוחנן (יאהנים):

אונ' איך ענטפערטי אים אלזו · עש איז ניט צו פר וואונדרן וויל דוא האשט אין דיא נביאים קיין נבואה גיפונדן פון דיזן גלות וואורין איר איצונד זיין אול פון איר ערלייזונג · דען עש שטיט אין תהלים קמ"ז (ער זאגט זיין ריד צו

יעקב

יעקב · זיין גיזעץ אונ' גריכט צו ישראל · ער האט ניט אזו גיטאן צו איין אידר פאלק · אונ' דיא גריכט האט ער זיא ניט לאזן ווישן) אבר איך וויל דיר ערשט וויזן פראפעצייאונגן וועלכי אן זייגן פון אונזרי פר שפרייטונג אונ' צו שטרייאונג אין דיזן גלות איין וואונדרבארליכה אונ' אונגמעסיגליכה צורשטרייאונג · דאש איז צו פר שטין דז איין פאלק זאל פר שפרייט ווערן פון דש איינה ענד דר ערד ביז אן אנדרן ענד · אונ' דר נאך וויל איך דיר אן וויזן זעלכי פראפעצייאונג וועלכי אן זייגן פון אונזר ווייאן אין דיזן גלות איין לאנגי צייט ביז אין דיא לעצטי טג · אונ' אך וויא דיא נביאים האבן אונש בילובט דז איר ווערן פון דיזן גלות דר לייזט ווערן · אונ' אך פיל פר הייסונגן אויש דיא נביאים פון דען פאל דאש קיניגרייכט פון רום אונ' אנדרי קיניגרייכן וועלכי זיך ניט ווערן ביוויליגן גיהורזאם צו זיין צו דש פאלק ישראל אין דיא צו קונפטיגה צייט · אונ' דר גלייכן פיל פראפעצייאונגן וועלכי גיזאגט זיין פון דיא צו קונפטיגה צייט אונ' דיא נאך ניט זיינן גישעהן אונ' אנדר גלייבן צו דער בישטיאטה צייט ווערן ביפעסטיגט ווערן :

**אבר** וואש אן גיט פון אונזר פר שפרייטונג אונ' צורשטרייאונג אין דיזן גלות וועלכש איז דש גלות פון רום · שטיט אין דברים כ"ח (אונ' גאט דיין גאט ווערט דיך פר שפרייטן אונטר אלי פעלקר פון דש איינה ענד דר ערדן ביז אם אנדרן ענד) · דען אין גלות פון רום וואורן דיא יהודים אין דיא צייט פון דש צווייטה בית המקדש פר שפרייט אין אלי לענדר פון מזרח אונ' מערב ווייל דיא רוואיים רעגירטן איבר אלי לענדר · אונ' האבן פיל פעלקר פון אלי לענדר מיט זיך גיבראכט אוף ירושלים צו בילעגרן · דען זיא האבן זיא ניט גיקענט בילוויגן פון וועגן דיא גבורה פון דיא יהודים · דען אל דיא אמבט פון דיא רוואיים וואורן בייא דיא יהודים פר ניקש גירעכנט גלייך פר אעודט ווערט אין יוסיפון פרק פ"ג · אונ' דיא פעלקר פון דיזה לענדר זיינן דר נאך ווידר איין אידר אין זיין לאנד גיקערט · נעמליך נאך גריכינה אונ' אניאנים (דש איז טייטש לאנד) איטליא אישפניא אונ' פראנקרייך אונ' נאך מער אנדרי לענדר וועלכי איינוגר אונטר דיא אמבט פון דיא נוצרים אונ' ישמעאלים זיין · וועלכש אבר ניט אזו וואר אין דיא צייט פון דיא פר ווישטונג דש ערשטי בית המקדש · דען צו דער צייט וואורן דיא יהודים זער ווייניג אונ' שוואך זאט דז דיא בבליים אליין גינוג וואורן אוף זיא אונטר טעניג צו מאכן אונ' צו פר טרייבן · דארום וואורן זיא ניט ווייטר פר טריבן אז נאך בבל · גלייך גישריבן שטיט אם ענד פון דברי הימים (אונ' ער האט פר טריבן די נאך איבר גיבליבן וואורן פון דען שווערד נאך בבל אונ' זיא וואורן צו איים אונ' זיין קינדר צו קנעכט ביז דש קיניגרייך פרס רעגירטה) · אונ' אזו שטיט אך אין עזרא ב' (דיא דא אויף גיגאן פון דיא גיפענקניש דר פר טריבני וועלכי נבוכדנצר דר קיניג פון בבל האט פר טריבן

נאך בבל אונ׳ זיא ווידר קערטין נאך ירושלים אונ׳ יהודה איין איידר נאך זיין שטאט) · אונ׳ עזרא א׳ (אז דיא גיפעס פון גאלד אונ׳ זילבר ווארן פינף טויזנט אונ׳ פיר הונדרט דש אלש האט ששבצר אהין גיבראכט מיט דש אויף גין פון דיא פר טריבני אויש בבל נאך ירושלים ) · אלזו קענטשו פר שטין אויש דיא גילייגניש דיזר שריפטן דז זיא ווארן נור נאך בבל פר טריבן אונ׳ זיינן נייארט אויש בבל ארויש גיגאנגין · אונ׳ דארום אלזו אז פר שטין דעם פסוק דז גאט האט דיך פר שפרייט אונטר אלי פעלקר פון איינם ענד דר ערד ביז צום אנדרן · דש קען ניט אויש גילייגט ווערן אויף גלות בבל נייארט אויף דש גלות פון רום · אונ׳ אזו אוך וואש דר נביא יחזקאל האט גיזאגט שיאן כ״ב (אונ׳ איך ווער דיך פר שפרייטין אונטר דיא פעלקר אונ׳ צו שטרייאן אין דיא לענדר · אונ׳ ווער דיין אונרייניקייט פון דיר אב טון) דש קען אנדרשט ניט בישיידן ווערן אז אויף דיזש לעצטה גלות ווצלבש איז דש גלות דער רואיים · דען אין גלות בבל האט איר אונרייניקייט ניט אויף גיהערט פון זיא · דען אך זעלבשט נאך דעם זיא אויש בבל גינגן אונ׳ אין ארץ ישראל קאמן ווארן נאך אונטר זיא גיפונדן דיא פרעמדי וויבר האבן גינומן אונ׳ די דען שבת ענטהייליגטן אונ׳ נאך אנדרי זינד · אונ׳ דעש וועגן זיינן איר נאך פר שולדיגט איין גרוש גלות צו ליידן דורך דיא רואיים פון וועגן דיא ערשטי אירי זינד · דארום האט אונש דר נביא אן גילייגט דז אויש אורזאך דיזש לאנגה ביטרה אונ׳ שווערן גלות ווערן אונזרי זינד אונ׳ אונרייניקייטן פון אונש גאנץ אב גיטאן ווערן אונ׳ ווערן אוך ניט מער פר טריבן ווערן · גלייך איכה ד׳ (דיין זינד איז צו געענדט דוא טאכטר ציון ער ווערט דיך ניט מער פר טרייבן) · אונ׳ עמוס א׳ (אזו האט גאט גיזאגט אויף דרייא זינד פון עזה האב איך זיא פר געבן · אבר אויף דיא פירדי ווער איך זיא ניט מער פר געבן · ווייל זיא האבן ישראל אין גאנץ שווערי פר טרייבונג פאר טריבן אונ׳ האבן זיא איבר ענטפערט אין דיא האנט פון אדום) · ווייטר שטיט ( אזו האט גאט גיזאגט אויף דרייא זינד פון צור הב איך זיא פר געבן אבר אויף די פירדי ווער איך זיא ניט פר געבן · ווייל זיא האבן ישראל איבר ענטפערט צו אדום צו איין פולקומליכי פר טרייבונג אונ׳ האבן ניט גידענקט אן דען ברידרליכן פר בונד) · דיזי פראפעציאונגן ווארן גיזאגט אויף דש צו קונפטיגה נעמליך אויף דיא פר איסוונג פון דש צווייטה בית המקדש · דען דיא אנטקומן ווארן פון דיא גיפענקניש פון טיטוס אונ׳ אנטפלאבן דורך פלשתים לאנדר · אונ׳ דורך דש לאנדר פון צור וועלכי נאהנט ווארן ביים ארץ ישראל · זא נאמן זיא דיא פלשתים אונ׳ דיא אומן פון צור אונ׳ איבר ענטפערט זיא אין דיא האנט פון אדום דש איז טיטוס מיט זיין הימרשאר · ווייל אל דיא פעלקר דר נוצרים אונ׳ פאר נעמליך דיא רואיים נענט דיא שריפט איבר אל אדום אדר דיא טאכטר אדום · ווייל זיא האבן אנטפאנגן דען גלויבן פון ישו הנוצרי דורך איינם בידינטן פון אדום אונ׳ נאך דען

נאמן פון דען ערשטן פויפסט איז זייני אין הענגר דיא פון ארום וואורן · אונ׳ ווען טונרט ג׳אנלי פאלק פון ארום זיין ווידר גיקערט צו דיא תורה פון ישראל אין דיא צייט פון הורקנוס דער קיניג פון ישראל דער זיא האט דר צו גיצוואונגן גלייך פר אנצלט ווערט אין יוסיפון פרק כ״ת · אבר נאך דר פר ווישטונג דאש בית המקדש אז אירצווינגר אוועק וואר דא זיא זאלן דיא נידריקייט פון דאש פאלק ישראל · האבן זיא דען גלויבן פון ישו אן גינומן פור אל דיא אנדרי פעלקר · דארום וואורן אל דיזי פעלקר גינענט איט דען נאמן פון ארום פון וועגן דאשן פאלק וואור איט זיא האבן זיך פר אייניגט · גלייך וויא דיא פעלקר די דא האבן אן גינומן דש גיזעץ דר ישמעאלים דיא וואורן אוך ישמעאלים גינענט נאך דעם נאמן פון דעם דער דיא אמונה האט אויף גיבראכט וועלכר איין ישמעאל אי גיוועזן דער גלייכן ווערטש אוך פינדן דז צפו דר זון אליפז דר זון פון עשו וועלכר ארום גינענט ווערט · דער האט ערשט גירעגירט אין דש לאנד פון כתים איבר דש גאנצה לאנד פון כתים וועלכי דיא רוואייש וואורן · אונ׳ איבר דז גאנצה לאנד איטליא גלייך בישריבן איז אין יוסיפון פרק ב׳ · אונ׳ וויל ער וואר פון ארום דארום וואורן דיא רוואיטה פעלקר איט אל דיא נוצרים דיא זיך צו זיא ביהעפטן ארוואיים גינענט נאך דען נאמן פון אירן ערשטן קיניג · גלייך וויא דיא צעהן שבטים גענענט זיין דיא טריפט אלי איט דען נאמן פון אפרים וויל איר ערשטר קיניג ירבעם וואר פון שבט אפרים · אונ׳ אז ער זאגט זיא האבן גאנץ אונ׳ גאר פר טריבן · דש איז צו פר שטין דז עש וואר ניט איינר פון זיא איבר גיבליבן דער ניט גיוועזן איז אונטר דש יאך פון דיא רוואיים · דען אין גלות בבל וואורן נאך פיל פון זיא איבר גיבליבן דיא דא האבן ניט גיוועלט זיין אונטר דש יאך פון דיא כשדים אונ׳ גינגן נאך אצרים · גלייך דיא טריפט פון זיא ביצייגט אין ירמיה מ״ג · אונ׳ אז ער זאגט זי הבן ניט גיבראכט אן דען ברידרליכן פר בונד · דש וואר דר פר בונד וואש דא וואר צווישן חירם מלך צור אונ׳ צווישן שלמה המלך · גלייך מלכים א׳ה׳ (אונ׳ זיא פר שניידטן איין פר בונד איט אננדר) אונ׳ זיא נענטן זיך איט אננדר ברידר · גלייך מלכים א׳ט׳ (וואש זיינן דש פר שטעט וואש דוא האשט איר גיגעבן איין ברודר) :

אבר וואש אן גיט דז איר טון אז איין זער לאנגי צייט אין דעם גלות זיינן גיוועזט · אבר נאך דעם איר ווערן טון אין דיא העכשטי צרות אונ׳ ביטריבטייניט גיקואן זיין · אז איר ווערן אונש ווידר צו גאט קערן ווערט ער זיך אין די לעצטי טעג איבר אונש דר באראן · אונ׳ ווען טון עש האט איין לאנגי צייט גידייארט · ווערט דאך גאט גילובט איז ער ניט פר געשן אן זיין פר בונד אונ׳ שבועה וואש ער האט אן אונזר עלטרן גישוואורן · אונ׳ דאר פון שטיט גישריבן אין דברים ד׳ (ווען עש ווערט דיר לייד זיין אונ׳ דז אל דיזה זאכן · ערן דיר איבר קואן אין דיא לעצטי טעג זאלשט דוא ווידר קערן צו גאט דיין גאט אונ׳ זאלשט זיין

שטיק הערן׳ דען גאט איז דר בארמיג. ער ווערט דיך ניט פר לאזן
נאך פר דארבן אונ׳ ווערט ניט פר געסן דען פר בונד פֿון דיין עלטרן ווש ער
האט צו זיא גישווארן) אונ׳ הושע ג׳ (דען פֿיל טעג ווערן דיא קינדר ישראל
זיצן אונדר קיניג אונ׳ הער אונ׳ ווערט קיין שעכטונג. נאך אויך גיריכטי שטיין זיין
דרויף צו אופפֿרן אונ׳ קיין איפֿוד נאך בילדר׳ דר נאך ווערן דיא קינדר ישראל
ווידר קערן אונ׳ ווערן זוכן גאט אירן גאט אונ׳ דוד אירן קיניג׳ אונ׳ ווערן דר שרעקן
פֿר גאט אונ׳ זיין גוטהייט אין דען לעצטי דר טאגן) דיזה פרופֿעצייאונג ווערט
אויך גיזאגט אויף דיא טעג פֿון דיזן גלות אין וועלכן איר הייכט דען טאג. נאך זיין
דז איר האבן קיין קיניג נאך פֿורשט פֿון ישראל דען איר זייכן אין דיזן אמלכות פֿון
דיא פֿעלקר אונ׳ אויר קיניגן אונ׳ פֿורשטן׳ אונ׳ איר האבן קיין שעכטונג צו גוט
דז ער זעלט אונש זאגן צו קוואנדיגי זאכן דורך אורים ותומים׳ אויך זיין קיין בילדר
צו דיא פֿרעמדי ריכשטן דיא דא האבן צו קוואנדיגי זאכן גיזאגט נאך דר איינונג
דר זעלביגה דיא דדא; גיגלויבט האבן׳ אויך זייכן איר כל ישראל אין דיזן גלות׳
אונ׳ דז ער זאגט דר נאך ווערן דיא קינדר ישראל ווידר קערן׳ דז ווערט גישעהן
אין דיא לעצטי טעג׳ אין דיא צייט אז זיא ווערן גיהאלפֿן אונ׳ דר ליזט ווערן דען
ווערן די קינדר ישראל ווידר קערן צו גאט אונ׳ ווערן גאט אירן גאט אונ׳ דוד איר
קיניג זוכן׳ . דען דש זעלביגט אמל ווערן זיא ברויאן האבן אויף דעם ווש זיא
האבן גיזאגט אין שמואל ב׳ כ׳ (איר האבן קיין טייל אן דוד אונ׳ קיין ערב טייל אן
דען זון פֿון ישי)׳ דען דער ווידר שפעניג איז קעגן דש קיניגרייך פֿון דש הויז
גזינד פֿון דוד דער איז גלייך אז ווען ער זעלט ווידר שפעניגן קעגן גאט דער דש
קיניגרייך האט גיגעבן איט אין פֿאשט פר בונד צו דוד אונ׳ זיין זאמן ביז אויף
אייביג׳ אונ׳ דען ווערט ביפֿעסטיגט ווערן ווש דא שטיט ירמיה ל׳ (אונ׳ זיא
ווערן דינן גאט אירר גאט אונ׳ דוד איר קיניג דעם איך ווער פר זיא אויף ריכטן):

**אזו** אויך ווש מן גיט דיא דר ליזונג אויש דען גלות דר רואיים׳ ווערשטו פֿינדן
דז דיא נביאים האבן אין פֿיל ערטר דר פֿון גירעט׳ גלייך דברים ל׳
(אונ׳ גאט דיין גאט ווערט ווידר אום קערן דיין גיפֿאנגני אונ׳ ווערט זיך איבר
דיך דר בארמן׳ אונ׳ ווערט דיך ווידר איין זאמלן פֿון אלי פֿעלקר׳ ווען דוא טון
זעלשט פר שטוסן ווערן ביז אום ענד דר הימלן ווערט דיך גאט פֿון דארטן איין
זאמלן אונ׳ גאט דיין גאט ווערט דיך ברענגן אין דעם לאנד ווש דיין עלטרן האבן
גיערבט אונ׳ דוא ווערשט דש זעלביגי ערבן אונ׳ ער ווערט דיר אער גוטש טון
אונ׳ ווערט דיך פר מערן נאך אער אז דיין עלטרן׳ אונ׳ גאט דיין גאט ווערט בשניידן
דיין הערץ אונ׳ דש הערץ פֿון דיין זאמן דז דו ווערשט גאט דיין גאט ליב האבן מיט
דיין גאנצן הערצן אונ׳ מיט דיין גאנצה זיל ווען דורך דו ווערשט לעבן) נון קענשטו
דאך זעהן דז דיזי פרופֿעצייאונגן זייכן נאך ניט ביפֿעסטיגט גיווארן אז יהודה
אונ׳ בנימין זייכן ווידר גיקומן אויש בבל׳ דען עש קאמן ניט אער אז צווייא אונ׳

פירציג טויזנט אונ' דרייא הונדרט אונ' זעכציג גלייך בישיידליך שטיט אין עזרא
ב' אונ' דיא איינשטי וואָרן אין בבל געבליבן דז זיא האבן ניט געוואָלט גין נאך
ירושלים ביז נאך אויף דיזן טאג · גלייך וויא אוך אן גוויזן האט דער חכם דער
געלערט מחבר זעלר אן דיא נוצרים (סיאן בורגיי) אין ספר עזרא אין זייכה אויז
ליגונג אם ענד דז צווייטה סדר אלזו וויא איז דען ביפעשטיגט געוואָרן דיא פר
הייסונג (ווען דוא טון זעלשט פר שטוסן ווערן ביז אם ענד דר היאלן ווערט דיך
גאט דיין גאט פון דאָרטן איין זאמלן אונ' ווידר ארויש ברנגן) · אונ' אך זעלבשט
דיא צייט פון דש צווייטה בית המקדש אין דען ישראל האט ער אונש ניט אוער
גוטש גיטאָן אוך ניט פר אערט אער אז אונזר עלטרן · אונ' וואָר איט איז דען
ביפעשטיגט געוואָרן דיא פר צייכנונג (אונ' ער ווערט דיר אוער גוטש טון אונ' דיך
פר אערן נאך אער אז דיין עלטרן) גלייך ער אנהיר האט פר הייסן דען אזו לאנג
אז דש צווייטה בית המקדש האט געשטאנדן וואָרן איר אין לייד · אונ' אנגשט
גלייך דניאל ט' (אונ' נאך צוויא אונ' זעכציג שבועות ווערט דיא שטאט ווידר
געבויאט ווערן איט איר גאסן אונ' גראבן אונ' אין דיא צייטן ווערן זיא אין ליידן
לעבן) · אונ' אין נחמיה ט' שטיט וויא זיא האטן פרעמדי וויבר גלייך בישיידן
איז אין ספר עזרא אונ' נחמיה · אלזו וועלט איך גערן וויסן וואָר איט דיא אובן
געמעלדטי פר הייסונגן זיין ביפעשטיגט געוואָרן · אונ' אזו אך וואס געשריבן
שטיט אין ישעיה מ"ג (פערכט דיך ניקש דען איך בין איט דיר · פון מזרח ווער
איך דיין זאמן ברענגן אונ' פון מערב ווער איך דיך איין זאמלן · איך ווער זאגן צו
דעם צפון ווינד גיב זיא ווידר · אונ' צו דען דרום ווינד ווער איך זאגן הער ניט אויף
צו וויאן · ברענג איין זין פון ווייטן אונ' איין טעכטר פון ענד דר ערדן) · אונ'
ישעיה י"א (אונ' ער ווערט איין באניר אויף היבן צו דיא פעלקר אונ' ווערט דיא
פר שטוסני פון ישראל פר זאמלן אונ' דיא פר שפרייטי פון יהודה ווערט ער פר
זאמלן פון דיא פיר ענדן דר ערדן) · אונ' יחזקאל ל"ט (אונ' איך ווער זיא ברענגן
אין איר לאנד אונ' ווער קייני אוער פון זיא דאָרטן שטין לאזן) דיזי פר צייכנונגן
זיינן גאר ניט פר פילט געוואָרן אז זיא גינגן פון בבל נאך ירושלים · דען נאך
דעם מאל זיא וואָרן אין גלות בבל ניט פר שפרייט אין אלי פיר ענדן דר ערד ·
וויא קאן דען פר פילט ווערן דיא פר הייסונג (אונ' ער ווערט איין זאמלן דיא
פר שטוסני פון זיין פאלק ישראל אונ' דיא פר שפרייטי פון יהודה ווערט ער פר
זאמלן פון דיא פיר עקין דר ערד) · אונ' וויל דאך דיא איינשטי פון זיא זיינן אין
גלות געבליבן גלייך אובן בישיידן איז וואו דורך איז דען פר פילט געוואָרן דיא פר
הייסונג (אונ' איך ווער קייני אוער פון זיא דאָרטן לאזן) · אונ' וואס דא שטיט
אין ישעיה ס' (אונ' דיא פרעמדי ווערן דיין מויארן בויאן אונ' זייר קיניגן ווערן
דיך דינן) דש איז אך אין דר צייט פון דש צווייטה בית המקדש ניט געשעהן · דען
דאָרטן האבן עש דיא יהודים זעלבשט געבויאט אונ' דיא פרעמדי פעלקר האבן

אויש זי גישפאט אונ' זאגטן (וואש טון דא די שוואכי יהודים) גלייך נחמיה ג' אונ'
האבן זיא פר הינדרט אונ' פרשטערט פון דיא מויאר צו בויאן גלייך אין נחמיה
בשיידליך שטיט אך ווש גישריבן שטיט (אונ' איר אלקים ווערן דיר דינן) דש איז
אך אין דש צווייאטה בית המקדש ניט גישעהן· גלייך עזרא ט' (דען איר זיין
קנעכט אונ' אין אונזר דינשט האט אונז אונזר גאט ניט פר לאזן אונ' האט אונז
גינאד גיגעבן בייא די קיניגן פון פרס)· אונ' נחמיה ט' (איר זיינן היינט קנעכט
אונ' דש לאנד וואש דוא האשט גיגעבן צו אונזר עלטרן אום איר פרוכט אונ' גוטש
צו עשן זיינן איר קנעכט דריגן· אונ' איר פרוכט ווערט פר מערט פר דיא
קיניגן דיא דוא האשט איבר אונש גישטעלט פון וועגן אונזרי זינד· אונ' זיא
הערשן איבר אונזר לייבר אונ' אונזר פיך נאך איר ווילן אונ' איר זיינן אין גרושי
לייד)· אזו אך וואש דא שטיט אין ישעיה ס' (אונ' דיין פארטן ווערן אל צייט
אופן שטין אונ' ווערן טאג אונ' נאכט ניט פר שלאסן ווערן)· דש איז אויך אין דז
צווייאטה בית המקדש ניט גישעהן· גלייך נחמיה ז' (אונ' ער זאגט צו זיא דיא
פארטן פון ירושלים זאלן ניט גיעפנט ווערן ביז דיא זון ווערט הייס זיין)· אלזו
קענטשטו זעהן דז ניט אליין דז דיא האבן גיאעלדט פר זיכרונגן אונ' פר הייסונגן
זיינן אין דז צווייאטי בית המקדש ניט פר פילט גיווארן· ניימרט דז אך זעלבשט
דש קצגן טייל איז דריגן ביפוכרן גיווארן גלייך איר האבן ביטיידן· דארום איז
דש אנדר צווייבל דז אל דיזי בילובונגן אונ' פר זיכרונגן אונ' לטק פיל אער דר גלייכן
דיא איר היר ניט גיאעלדט האבן דיא לייגן אויף אונזר ערלייזונג. פון דיזן גלות
אין וועלכן איר היינט זיין· אזו אויך וועגן דען פאל פון אלי פעלקר אונ' אין אנדר
הייט דש קיניגרייך דר רואיים וועלכש ווערט גישעהן אין די צייט פון דעם פר
האפטן משיח· דאר פון שטיט אין במדבר כ"ד (איך האב עש גיזעהן אבר
אילונד ווערט עש נאך ניט גישעהן· איך האב דרויף גילוגט אבר דיא צייט
איז ניט נאהנט· דר שטערן האט גיטרעטן פון יעקב· אונ' עש ווערט אויף
שטין איין רוט פון ישראל אונ' ווערט צוברעכן דיא הערן פון מואב אונ' ווערט דורך
צעברן אל דיא קינדר פון שת)· דארויש קענשטו זעהן דז דר פאל פון אלי קינדר
פון שת ווערט זיין דורך דען אלך המשיח דר דא ווערט אויף שטין פון ישראל:
אונ' די שריפט האט אים צו איין שטערן גיגליכן פון וועגן דיא ביששטענדיקייט
זיינש קיניגרייכש אונ' וויל זיין הערשאפט אונ' ווערק ווערט ביקאנט ווערן אין
דיא גאנצי וועלט· אולדש קען קיינר אויש לייגן אויף דוד המלך נאך אויף קיין
מלך פון ישראל וויל קיינר האט גיהערשט איבר דיא גאנצה וועלט וועלכי זייק
דיא קינדר פון שת· אונ' נאך פיל ווייניגר זיינן זיא פור אים גיפאלן· אונ' אין
אנדרהייט פון דען פאל דר רואיים שטיט ווייטר (אונ' ארום ווערט אין ערב טייל
זיין אונ' שעיר ווערט אין ערב זיין צו זיין פיינר אונ' ישראל ווערט גיטר פר זאמלן·
אונ' עש ווערט אין הערשר קומן פון יעקב אונ' ווערט אמכן פר לירן אין איבר

בלייבונג פֿון דיא טאמט) · אונ׳ דש איז וואש געזאגט ווערט אין עובדי׳ (אונ׳
עש ווערט קיין איבר בלייבונג זיין פֿון דש הויז גיינר פֿון עשו) · אונ׳ ווייטר
זאגט ער אויך אין במדבר כ״ד (אונ׳ עש ווערן שיפֿן אויש גין פֿון דיא כיתים
אונ׳ זיא ווערן אשור אונ׳ עבר אונטר דרוקן אונ׳ ער ווערט אוך אויביג פֿר
לארן ווערן) · אונ׳ דער פֿון ווערט געזאגט אין דניאל י״א (אונ׳ עש ווערן איבר
אים קומן שיפֿן דר כתיים אונ׳ ער ווערט צו ברעכן ווערן) · אונ׳ איר האבן שון
גיזעלדט דז דיא כתיים זיינן דיא רוֹמייא גלייך (סיאן בוהני) בילייגט אין
דניאל אין זיין אויש לייגונג פֿון דיזן פסוק דז דיא כתיים זיין דיא פֿון איטליא אונ׳
אנדרי פֿעלקר פֿון דיא לאטיינישה שפראך וועלכי דיא רוֹמייא זיין · אונ׳ דש איז
אוך דיא מיינונג פֿון אנדרי חכמים ז״ל דז וועגן שון דיא רוֹמייא מיט אלי פֿעלקר
דר נוצרים נעמט דר פסוק מיט דען נאמן פֿון אדום · גלייך ווא אז ווערן דיא
רוֹמייא אויך בזונדר כתיים גינענט · אונ׳ אזו שטיט אך אין יוסיפון פרק א׳
דז דיא כתיים זיין דיא רוֹמייא דיא וואונן אין דש לאנד כנפייא אן דען בוך
טוברו :

אונ׳ אזו אך ישעי׳ הנביא ע״ה האט גיפראפֿעצייט אויף דען פֿאל דש
קיניגרייכש אדום אין ל״ד וועלכש אן היבט (גינעהנט איר פֿעלקר צו
הערן) · דען ווייטר זאגט ער (זיא ווערט אויף אדום גידרן) · אונ׳ ווייטר
שטיט (אונ׳ איין גרושי שלאכטונג ווערט זיין אין דש לאנד פֿון אדום) · אונ׳ צו
ערשטן האט ער געזאגט (דען גאט ווערט איין צארן ביווייזן איבר אלי פֿעלקר)
צו לאזן ווישן דז דש פֿאלק אדום אין דיא צייט פֿון איר פֿאל ווערט זיא אונטר זיך
האבן פֿיל קיניגן אונ׳ שטארקי פֿעלקר אונ׳ דש זיינן אל דיא פֿעלקר דיא פֿר
מיינגט זיין אין דש גיזעצן דר נוצרים · אונ׳ ווייטר זאגט ער (דען עש ווערט
זיין איין טאג דר ראכונג פֿר גאט · איין טאג דר בילאונג פֿון וועגן קריג פֿון
ציון) · דער מיט גיבט ער צו פֿרשטין דז אום צווייא ווארזאכן האלבן ווערט אז
איין פֿאל קומן אויף דש פֿאלק פֿון אדום · דש איינה איז וויל עש ווערט זיין אין
טאג פֿון נקמה פֿון גאטש וועגן · דש איז צו פֿרשטין פֿון וועגן דיא ענטהייליגונג
זיינש הערליכן נאמן דז זיא האבן אים ענטהייליגט דורך אירי וועגן אונ׳ גלייבן
אונ׳ דש אנדרי איז אין יאר פֿון בילאונג פֿון וועגן דען קריג פֿון ציון · דש איז
וויל זיא האבן בייגיטאן או דיא קינדר פֿון ציון וועלכי זיינן דש פֿאלק פֿון ישראל
אין דיא פֿרווישטונג פֿון דש צווייטה בית המקדש · אונ׳ אזו אוך אז זיא וואר
אין גלות אונטר איר אמכט · אונ׳ נאך דעם ער האט אויש גירעט פֿון דען פֿאל
פֿון אדום האט ער תכף דר בייא גיטשטעלט דיא היילונג פֿון ישראל · אונ׳ האט א
גיהובן אין ל״ה (זיא ווערן זיך פֿון אירנט וועגן פֿרייאן דיא ווישטנייא אונ׳ אז
פֿר דערטי אונ׳ ווישטי פֿעלדר ווערן זיך פֿרייאן אונ׳ ווערט אויש בליאן אז אי
ליליג) · אונ׳ אז ענג זאגט ער (אונ׳ דיא מיט גאטש היילג ווערן דר לייט ווער

דיא

דיא ווערן ווידר קומן קען ציון מיט געזאנג אונ׳ מיין ליביגה. פרייד ווערט אויף
מיר הויבט זיין׳ פרייליכקייט אונ׳ לוסטיקייט ווערן זיא ערייכן׳ אונ׳ טרויאריקייט
אונ׳ זיפצן ווערן פון זיא ענטפליהן ) · אונ׳ דאר פון האט ירמי׳ הנביא
גיפראפעצייאט אין איכה ד׳ ( דיין זינד איז אויס ענד דוא טאכטר ציון ער
ווערט דיך ניט מער פר טרייבן׳ · ער האט גירוכט אן דיין זינד דוא טאכטר
אדום ער האט דיין זינד גיאופנבארט ) · דאר מיט האט ער ביקענט גיזאגט
דז ווען אדום ווערט פר ווישט ווערן וועלכי זיין דיא רוימר אונ׳ דיא זיך צו זיא
ביהעפטן דיא ישראל האבן אויש מיר לאנג פר טריבן׳ · דען ווערן כל ישראל
אויש גין אויש דעם גלות אונ׳ ווערן ניט מער פר טריבן ווערן · אז כ׳ גלייך ישעיה
ס״ו ( דיא זיך הייליגן אונ׳ רייניגן אייגליך וויש איטן אין דיא גערטן׳ · דיא דא
עסן דש פלייש פון חזיר אונ׳ אונרייני טיר אונ׳ מייז דיא ווער איט אנכנדר פר גין
זאגט גאט ) · דש ביטייט אויף דיא פר צירונג דר גרויסה פעלקר אונטר
וועלכרט אמבט דש פאלק ישראל אין דעם גלות זיין · אונ׳ דש זיינן אדום אונ׳
ישמעאל · דען אז ער זאגט ( דיא זיך הייליגן אונ׳ רייניגן אייגליך וויש איטן
אין דיא גערטן ) · דש ביטייט אויף דש פאלק פון ישמעאל וועלכי ווייזן דז זיא
הייליג אונ׳ ריין זיין איט דעם דז זיא זיך אלי טאג פיל אמל איר לייבר וועשן · אונ׳
עשן גלייך וואול אלי אונרייני זאכן אונ׳ וואש קען זיא דען דש העלפן דז זיא זיך פון
אויסן הייליג וועשן · אונ׳ דז ער זאגט ( דיא דא עסן דש פלייש פון חזיר אונ׳
אונרייני טיר אונ׳ מייז ) דש ביטייט אויף אדום · אונ׳ נאך דעם ער האט
גישפראכן פון דיא פר צירונג דר גרויסה פעלקר · האט ער דר ביי גימעלדט
פון דען אויש גאנג פון ישראל אויש דען גלות גלייך ווייטר שטיט ( אונ׳ זיא ווערן
ברענגן אל אייער ברידר פון אל דיא פעלקר פור איין פרעזענט פר גאט איט
פערד אונ׳ רייט וועגן אונ׳ קוטשן אונ׳ אויל אייזלט אונ׳ איט גישווינד לויפנדיגי
טיר ווערן זיא ישראל ברענגן אויף איין הייליגן בערג זאגט גאט ) · אונ׳ אום ענד
פון יואל שטיט ( אלרים ווערט צו פר ווישטונג זיין אונ׳ אדום צו איין פר ווישטי
ווילדרניש · פון וועגן דען רויב דר קינדר יהודה דז זיא האבן אונשולדיג בלוט פר
גאסן אין איר לאנד ) · האמרויש קענטשו זעהן דז דיא שריפט נענט דש
קיניגרייך דר ישמעאלים איט דען נאמן פון אלרים · נאך דען נאמן פון הגר
דיא מוטר פון ישמעאל דיא פון אלרים וואר · אונ׳ דיא פרויא פון ישמעאל וואר
אוך פון אלרים · גלייך בראשית כ״א ( אונ׳ זיין מוטר נאם פר אים איין פרויא
אויש דעם לאנד אלרים ) · אונ׳ דיא נוצרים נענט ער איט דען נאמן פון אדום
ווייא ער אוך פלעגט צו טון אויף אנדרי ערטר פון וועגן דיא אורזאך דיא איר
האבן ביטיידן · אונ׳ ער גידענקט נור אליין פון דיא פר צירונג דיזר צווייא
פעלקר ווייל זיא האבן ט׳עבט גיהאנדלט איט דיא שטאמן יהודה אונ׳ בנימין
דיא צווישן זיא פר טריבן וואורן · דען זיא האבן אין איר לאנד בלוט פר גאסן אונ

אבער וועלכש איז ניט פֿר טולדט האבן נייארט פֿון וועגן איר שווערי ביפֿעל
דז זיא האבן איבר איז ביפֿולן דז זיא זאלן גאט פֿר לייקינן · אונ' דז ער זאגט
(פֿון וועגן דען רויב דר קינדר יהודה) אונ' זאגט ניט דיא קינדר ישראל · דאר
מיט גיבט ער צו קענן דז דער פסוק ווערט גיזאגט פֿון דיזן גלות · דען דיא
צעהן גישלעכטר דיא דר קיניג אשור האט פֿר טריבן דיא וואורן אין דיא גמלכה
לייט פֿון בבל ניט אונטר דיא אמלכט פֿון דיזי צווייא פֿעלקר · אונ' נאך דעם ער
האט גירעכט פֿון דיא פֿר צירונג דיזר צווייא פֿעלקר דיא זיא בירויבט האבן ·
האט ער באלד דר נאך גיזאגט פֿון די ביטטענריקייט דר קינדר יהודה דיא
ניך ווערן גיטריסט ווערן · גליך ער ווייטר זאגט (אונ' יהודה ווערט אל צייט
בלייבן אונ' ירושלים פֿון גבירר צו גבירר) · אונ' אזו האט אך עובדיה הנביא
גיפראפֿעצייאט פֿון דען פֿאל פֿון אדום דער דא ווערט זיין אין דיא צייט פֿון דיא
היילונג פֿון ישראל · גליך גישריבן שטיט (אונ' דש הויז פֿון יעקב ווערט זיין פֿייאר
אונ' דש הויז פֿון יוסף פֿלאם אונ' דש הויז פֿון עשו ווערט זיין צו שטרוא אונ' זיא
ווערן זיא אן ציגדן אונ' פֿר ברענן אונ' עס ווערט קיין איבר בלייבונג זיין פֿון דש
הויז פֿון עשו דען גאט האט עס גירעט) · אונ' ווייטר שליסט ער זיין
פראפֿעצייאונג אונ' זאגט (אונ' דיא גיהאלפֿני ווערן אויף גין אויף דען בארג
ציון צו ריכטן דען בארג פֿון עשו אונ' צו גאט ווערט דש קיניגרייך זיין) אונ' דאר
פֿון האט אך גיפראפֿעצייאט יחזקאל אין כ"ה (אונ' איך ווער איין ראכונג געבן
אן אדום דארך איין פֿאלק ישראל אונ' זיא ווערן טון אין אדום גלייך אז איין
צארן אונ' איין גרים צארן אונ' זיא ווערן ווישן פֿון איין ראכונג זאגט גאט דר
הער) · אונ' עס איז ביקענט דז אלי דיזי פראפֿעצייאונגן דיא איר גיזאגט
האבן דיא זיין נאך גאר ניט ביפֿעסטיגט גיווארן אונ' זיא ווערן ערשט
ביפֿעסטיגט ווערן אין דיא טעג פֿון דען ווארהאפֿטיגן משיח וועלכש קומט איר
נאך פֿאר האפֿן :

דיש איינה איז די פֿר זאמלונג דער צעהן גשלעכטר אונ' דז זיא וועדן ווידר פֿר
איינגט ווערן מיט דאס גישלעכט יהודה אונ' בנימין אונ' ווערן
גיהערשט זיין אן איין קיניג דער דא ווערט זיין אויש דען זאמן פֿון דוד המלך ע"ה
גלייך יחזקאל ל"ז (אונ' דוא מענטשן קינד נעם דיר איין האלץ אונ' שרייב דרויף צו
יהודה אונ' דיא קינדר ישראל זייני גיזעלן) אונ' אזו ווייטר ביז צום ענדר דש
קאפיטלש :

דיש צווייטה איז פֿון גוג ומגוג אונ' אירן פֿאל אויף דיא בערג פֿון ישראל · אונ'
דז דיא אין וואונר דר שטעט פֿון ישראל ווערן פֿייאר אן צינדן מיט וואפֿן אונ'
אלירלייא שילטן מיט בוגן אונ' פֿיילן אונ' הע'עבארדן אונ' שפיסן ווערן זיא האבן
זיבן יאר דר מיט צו ברענן · גלייך יחזקאל ל"ח ל"ט אונ' זכרי' י"ד · אונ'
דארטן שטיט אך (אונ' דאס ווערט זיין דיא פלאג מיט וועלכה גאט ווערט פלאגן

אלי

אלי פֿעלקר דיא דא האבן גיהערט איבר ירושלים · זיין פֿליש ווערט פֿר גין
אונ׳ ער ווערט אויף זיין פֿיס שטין אונ׳ ווערט גלידר הייט צו פֿאלן · אונ׳ זיין אויגן
ווערן צו גין אין איר לעכר וואו זיא דריכן זילן · אונ׳ אירי צונגן ווערן צו גין אין איר
מויל ) · אונ׳ דאר פֿון ווערט גיזאגט אם ענד פֿון ישעי׳ ( אונ׳ איך ווער איין
צייכן אן זיא טאן אונ׳ דיא דא ווערן אנטקואן ווער איך פֿון זיא שיקן צו דיא
פֿעלקר :

דש דריטה איז דז דר אויל בארג ווערט צו שפאלטן ווערן · אונ׳ דש איז איין
גרויסר בארג גנאהנט בייא ירושלים אונ׳ איז ניט אנדר צווישן בייד איז דר
טאל פֿון יהושפֿט · גלייך זכרי׳ י״ד ( אונ׳ אן דעם זעלביגן טאג ווערן זיין פֿיס
שטין אויף דעם אויל בארג וועלכר פֿר ירושלים איז אן דיא מזרח זייט · אונ׳ דער
אויל בארג ווערט אין דיא העלפֿט צו שפאלטן ווערן אן דיא מזרח אונ׳ מערב זייט
אערט איין זער גרושר טאל זיין · אונ׳ ער ווערט ווייכן דיא העלפֿט פֿון דעם בארג
נאך צפֿון אונ׳ דיא אנדרי העלפֿט נאך הדרום ) :

דש פֿירדה איז דז דר באך פֿון מצרים אונ׳ פרת ווערן פֿר שניטן אונ׳ פֿר
טרוקנט ווערן אין דיא צייט אז דיא פֿר שטוטני אונ׳ פֿר שפרייטי פֿון
יהודה ווערן פֿר זאמלט ווערן פֿון דיא פֿיר עקין דר ערד · דז דיא ישראל ווערן
טרוקן דורך גין גלייך זיא זיינן דורך דעם ים סוף גיגאנגן אז זיא זיינן אויש
מצרים · גלייך ישעי׳ י״א ( אונ׳ גאט ווערט טרוקן מאכן דעם שטראם פֿון דש
ים מצרים אונ׳ ווערט זיין האנט אויף היבן אויף דען באך מיט זיין שטארקן ווינד
אונ׳ ווערט אים שלאגן אין זיבן בעך אונ׳ ווערט זיא דורך פֿירן מיט שוך · אונ׳
עס ווערט איין שטעג זיין פֿר זיין איבריג פֿאלק וואש דא ווערט איבר בלייבן פֿון
אשור גלייך וויא עס איז גיוועזן צו ישראל אן דעם טאג אז ער אויף גינג אויש
דען לאנדי מצרים ) :

דש פֿינפֿטה איז דז עס ווערן אויש גין קוועלידיגה וואשר אויש דען בית
המקדש דיא העלפֿט נאך דען מזרח ים אונ׳ דיא אנדרי העלפֿט צו דעם
הינטרשטה ים · אונ׳ אלי פֿרוכֿטבארי בעם דיא דא ווערין וואקסן אין בארטן
פֿון דען באך ווערן צייטיג ווערן פֿון אנהיט צו אנהיט · גלייך יחזקאל מ״ז
( אונ׳ ער האט איך ווידר גברענגט צו דיא טיר פֿון הויז אונ׳ דא גינגן וואשר אויש
פֿון אונטר דיא שוועל פֿון הויז אן דיא מזרח זייט ) · אונ׳ ווייטר שטיט ( אונ׳ אן
דען בארטן פֿון דען באך אן ביידי זייטן גינג אויף אלר לייא בעם פֿון עסן שפייז ·
זיין בלאט ווערט ניט פֿר וועלגט ווערן אונ׳ זיין פֿרוכֿט ווערט ניט פֿאר גין · אלי
אנהיט ווערט ער צייטיג ווערן · דען זייני וואשר גינגן אויש דאש בית המקדש
אונ׳ זיין פֿרוכֿט ווערט זיין צו עסן אונ׳ זיין בלאט צו היילן ) · אונ׳ זכרי׳ י״ד ( אונ׳
אן דען טאג ווערן קוועלידיגי וואשר אויש גין פֿון ירושלים דיא העלפֿט נאך דש
מזרח ים אונ׳ דיא אנדרי העלפֿט צו דעם הינטרשטה ים אונ׳ דש ווערט זואר אונ׳

ווינטר זיין)׃ אונ׳ אזו עגר פון יואל שטיט (אונ׳ איין קוואל ווערט אויש גין פון
גאטש הויז אונ׳ ווערט טרענקן דען באך פון שיטים)׃

דש זעקשטה איז דז פון אלי שפראכן דר פעלקר ווערן צעהן אמאן אן גרייפן
אן איין עק פון קלייד פון איין יהודי אונ׳ ווערן זאגן לאזין איר מיט אייך
גין דען איר האבן גיהערט דז גאט איז מיט אייך׃ גלייך זכרי׳ ח׳׃

דש זיבנטה איז דז דיא איבר בלייבונג דר פעלקר ווערן אלי יאר ארויף גין
כאך ירושלים צו בוקן פר דען קיניג גאט דער היאר שארן אונ׳ צו פייארן
דען פייאר טאג פון סכות׃ גלייך זכרי׳ י״ד׃

דש אכטה איז דז דיא פעלקר ווערן קומן אין שבתות אונ׳ אנכיטן צו בוקן
פר גאט אין ירושלים׃ גלייך גשריבן שטיט אם ענד פון ישעי׳׃

דש נייכטה איז דז דיא בילדר אונ׳ איר גידעכטניש אונ׳ דיא פאלשי נביאים
אונ׳ דער רוח הטומאה ווערן פר שניטן ווערן פון דיא ערד גלייך זכרי׳ י״ג
אונ׳ ישעי׳ ב׳ (אונ׳ דיא אב געטר ווערין אל צו אמאל וועק קומן)׃ אונ׳ ישעי׳ מ״ב
(זיא ווערן הינטר זיך וויכן אונ׳ פר שעמט ווערן דיא זיך פר זיכרן אן דיא בילדר
דיא דא זאגן צו דיא גיגאסני בילדר איר זייט אונזר גאט)׃ אונ׳ תהלים צ״ז
(זיא ווערן פר שעמט ווערן אל דיא בילדן דינרש דיא זיך ריאן מיט דיא אב
געטר׃ אלי אב געטר ווערן זיך פר אים בוקן)׃

דש צעהנטי איז דז אין דיא גאנצי וועלט ווערט איין גלויבן אונ׳ איין תורה זיין׃
אונ׳ דש איז דיא תורה פון ישראל׃ גלייך ישעיה מ״ה (ביי מיר האב
איך גשווארן׃ גירעכטיקייט איז ארויז אויז מיין מונד גיגאנגן׃ מיין זאך וועל
ניט ווערט צו רוק גין׃ דז פר מיר ווערן זיך נידר בייגן אלי קניאן׃ אונ׳ אלי
שפראכן שווערן) אונ׳ ישעי׳ נ״ב (דר וועק דיך דר וועק דיך ביקלייד דיך מיט
דיין שטארקייט ציון׃ קלייד דיך אן דיין צירליכי קליידר דוא ירושלים
דיא הייליג שטאט׃ דען עש ווערט ניט מער אין דיר קומן קיין אונבשניטנר
נאך אונריינר)׃ אונ׳ ישעי׳ ס״ו (דיא זיך הייליגן אונ׳ וויט הילגן אונ׳ רייניגן איטן
אין דיא גערטן׃ דיא דא עשן דש פלייש פון חזיר אונ׳ אונרייני טיר אונ׳ מייז
דיא ווערן מיט אננדר פר גין)׃ אונ׳ זכרי׳ ט׳ (אונ׳ איך ווער זיין בלוט אויש זיין
מויל נעמן אונ׳ זיין גרייליכי זאכן פון צווישן זיינר ציהן׃ אונ׳ ער ווערט אויך פר
אונזר גאט איבר בלייבן)׃ אונ׳ זכרי׳ י״ד (אונ׳ גאט ווערט איין קיניג זיין איבר
דיא גאנצה ערד אן דעם טאג ווערט גאט איינציג זיין) אונ׳ דאר פון ווערט אוך
בשטיין אין פרק מ״ד אונ׳ נאך אנדר פסוקים דיא דא הין ווייזן דז אלי פעלקר
ווערין קומן אלי חדשים אונ׳ אלי שבת פר גאט צו בוקן׃ אונ׳ דז דיא פעלקר דיא
ווערן בלייבן ווערן אלי יאר ארויף קומן כאך ירושלים צו פייארן דען פייאר טאג
פון סוכות גלייך איר האבן אובן גירעכט׃

דש עילפטה איז דז אין דיא גאנצה וועלט ווערט איין קיניג גלייך זיין אונ׳ דש

דיא פֿר שטעהונג שיקט זיך אונדרשט ניט צו רידן אז פֿון דש בעשטי אונ'
הערליכשטי טייל וואט אין דען מענשן איז ווענליכט איז דער פֿר שטאנד אבר
ניט פֿון דיא געשטאלט דר גלידר · אזו אך בראשית ה' ( אונ' ער געווינט אין זיין
גלייכניש נאך זיין פֿארים ) · דש איז ער האט אים גלייך אין הייליקייט אונ' פֿר
שטאנד · אבר דז איר זעלטן דש ווארט ( צלם ) מויט לייגן אויף דיא אויש
ווינגשטה געשטאלט · דש קען ניט זיין · דען זונשטן ווער דש ווארט ( כצלמו )
איבריג · וויל ער האט שון געשריבן ( ברואתו ) אין זיין געשטאלט · אלזו איז
דש ווארט ( כצלמו ) ביטייטן אויף דען פֿר שטאנד · אונ' וויל דער מענש איז
בישאפֿן אין דען פֿארם פֿון גאט · אונ' דש ווארט ( אלהים ) ווערט אך געזאגט
פֿון דיא ענגלן · דארום האט דוד המלך ע"ה געזאגט אין תהלים ח' ( אונ' דוא
האשט דען מענשן איין וויניג גרינגר געמאכט אז דיא ענגלן אונ' מיט עהר אונ'
שונקייט האשטו אים געקריינט ) · אזו אך איז גאט האט געזאגט צו דיא ענגלן
דז דר מענש זאל זיין נאך אונזר גלייכניש דש ביטייט אויף דיא רעגירונג אונ'
הערשאפֿט דז גלייך וויא איר רעגירן דיא וועלט אזו זאל דער מענש אך דיא
מאכט האבן צו רעגירן איבר דש זעלביגה וואש אונטר אים איז · אונ' דארום
האט ער אך ווייטר געזאגט ( אונ' זיא זאלן הערשין איבר דיא פֿיש אין מער אונ'
איבר דיא פֿיגל פֿון הימל ) · אונ' דאר פֿון האט אך דוד המלך ווייטר געזאגט
( דוא האשט אים מאכן הערשן איבר דש ווערק פֿון דיין הענד · דוא האשט אלש
אונטר זיין פֿיס געשטעלט ) · דארויש קענשטו זעהן דז די פסוקים מויט וועלכי
די נארים וועלן ביווייזן אויף דען גלויבן דר דרייא פֿעלטיקייט אונ' אל אירי אונדרי
ביווייז דיא זיא ברענגן · דיא קען איין פֿר שטענדיגר אמן וואול ביגרייפֿן דז
אן ניקש דרויט ביווייזן קען · דארום האב איך ניט אבר ווען דרויף ענטפֿרן ·
אך איז דר גלויבן דר דרייא פֿעלטיקייט נייא אויף געקומן פֿון איין טייל חכמים
דר נארים אונדר איין פֿאשט פרמפֿעטיש ביווייז · אונ' שטרייט קעגן דיא
געטליכה תורה אונ' נביאים אונ' קעגן דען מענשליכן פֿר שטאנד · אונ' אך קעגן
דיא אייגשטי שרייבר פֿון איר אונ גלויבן · דען דיא געטליכה תורה ברענגט מיט
דיא אייניקייט פֿון גאט יתברך אונ' דר ווייטרט פֿון אים דיא פֿיהייט · גלייך
דברים ו' ( הער צו ישראל גאט אונזר גאט איז איין איינציגר גאט ) · אונ'
דברים ד' ( דוא האשט דיך בוויזן אום צו וויסן דז גאט איז דער גאט דז קיינר
איז זונדר אים ) · ווייטר שטיט ( אונ' דוא זאלשט היינט וויסן אונ' דיר צו הערצן
נעמן דז גאט איז דער גאט אובן אין הימל אונ' אונטן אויף דיא ערד אונ' קיינר
מער ) · אונ' ישעי' מ"ג ( איך אליינט בין גאט אונ' זונדר מיר איז קיין העלפֿר )
אונ' ישעי' מ"ד ( אזו האט גאט געזאגט דר קיניג פֿון ישראל אונ' זיין דר לייזר
גאט דר הימל שארן · איך בין דער ערשט אונ' דר הינטרשט אונ' זונדר מיר איז
קיין גאט ) · אונ' ישעי' מ"ה ( איך בין גאט אונ' קיינר מער · זונדר מיר איז

קיין גאט · אויך דש זיא זאלן וויסן פון דען אויף גאנג דר זון אונ' אויך אונטר גאנג
דז קיינר איז אונדר איר איך בין גאט אונ' קיינר אנדר) · אונ' ישעי' מ' (אונ'
ביים וועמן ווילט איר גאט פר גלייכן אונ' וואש פר איין גלייכניש ווילט איר ביים
איים שעצן) · אונ' ירמיה י' (דיינש גלייכן איז ניט דא גאט דא ביסט גרוש
אונ' דיין נאמן איז גרוש מיט שטארקייט) · אונ' הושע י"ג (אונ' איך בין גאט
דיין גאט דער דיך האט גיהאלפן אויז דש לאנד מצרים אונ' פון קיין אנדרן גאט
זאלשטו וויסן אונ' קיין העלפר איז אונדר איר) · אונ' תהלים פ"ו (דען דא ביסט
גרוש אונ' טושט וואונדר דא ביסט גאט אליינט) · אונ' נחמי' ט' (דא ביסט גאט
אליינט דא הושט בישאפן דען הימל דר הימלן אונ' דיא הימלן מיט אל איר שטרן) ·
אונ' דברי הימים א' י"ז (עש איז ניט דיינש גלייכן אונ' איז קיין גאט אונדר דיר) ·
אונ' נאך פיל אנדרי פסוקים אין דיא נביאים · אונ' ווייל דיא ערשטי
אינים ווייל זיא האבן גיזעהן אין די וועלט זא פלי זאכן דיא קעגן אננדר שטרייטן
דש איז דז אין דיא וועלט זיינן גוטי אונ' בוזי ווערקן · דארום האבן זיא גיגלויבט
דז עש מוזן צווייא געטר אין דיא וועלט זיין דז דר איינר ווערקט דיא גוטי אונ'
דר אנדרר דיא בוזי ווערקן · דען זיא זאגטן דז עש איז ניט מיגליך דז דיא גוטי
אונ' דיא בוזי זאלן קעמן פון איין אורזאך גיווערקט ווערן · דארום אום דיזן
פאלשן גלויבן צו ניכט צו מאכן האט גאט גיזאגט אין דברים ל"ב (זעהט אצונד
דז איך בין עש אליינט אונ' איז קיין גאט מיט איר · איך מאך טוט אונ' לעבנדיג ·
איך מאך וואונדן אונ' איך ווידר גינעזן) · אונ' ישעי' מ"ה (ער בישאפט דש
ליכט אונ' דיא פינשטרניש · ער מאכט פריד אונ' בישאפט בוז · איך גאט
טוא דש אלש) · דז אויז דיזא פסוקים איז צו פר שטין דז דער גאט דער
דא מאכט טיטן דער מאכט אוך לעבנדיג · אונ' ער וואונדט אונ' גינעזט · אונ'
דער דש ליכט האט בישאפן דער האט אך דיא פינשטרניש בישאפן · אונ' דער
דא מאכט פריד דער האט אך דש בוז בישאפן · אבר קיין אנדרר אז וויא דיא
אינים פר שטין · נון קענשטו זעהן וויא דיא געטליכה תורה אונ' דיא נבואה
ביפעשטיגן דען גלויבן פון דער איינקייט פון דען בישעפר יתברך · אונ' לייקינן
אונ' פר שטושן דיא מיינונג פון דיא דא גלויבן אן אנדר אז איינס · אך ברענגט
דער מענטשליכר פר שטאנד מיט דיא וואורהאפטיגה איינקייט פון גאט יתברך
זונדר מייניגה פר מערונג אונ' פר טיילונג אדר פר ענדרונג · דען נאך דעם
אלז דז גאט יתברך האט אליינט בישאפן אלש וואש אין דיא וועלט איז אונ' אלש
וואש אונדר גאט איז דש זיינן מיטל בישעפנים דיא פון גאט זיינן בישאפן
גיווארן · אלזו אוז דאך פאלגן דז קיינר קען איים גלייך זיין · דען עש איז דאך
ניט מיגליך דז דש בישעפנים זאלט גלייך זיין מיט זיין בישעפר · אונ' ווייל דאך
זיינש גלייכן ניט איז · זא איז ער אך וואורהאפטיג איינציג דז זיינש גלייכן ניט
איז אונטר אלי אנדרי זאכן דיא מן אך איינציג נענט · דען אל דיא אנדרי

איינציגי

מיינליגי זאגן דיא אין דיא וועלט זיין דיא זייכן פון פיל זאכן אונ' חלקים ביים
אנדרר גיברויכט אונ' צו זאמן גישטעלט גיווארן · אונ' קענן אך פר טיילט אונ'
פר ענדרט ווערן · וויל מיר מיגליכקייט נור צו פעליג איז · אונ' דארום ווען אין
שון פון וואש אנדרש זאגט דש איז מיגליג דש ווערט נור אזו גיזאגט וויל עש דש
לשון אזו מיט ברענגט אבר ניט דז עש וואורהאפטיג מיגליג איז דען עש בשטיט
דאך אין פיל · אבר גאט יתברך דער איז אליין וואורהאפטיג מיגליג אונ' איז
ניקש אנדר אים דז וואורהאפטיג מיגליג איז · אונ' וויל דאך גוויש איז דז ער
אליין וואורהאפטיג מיגליג איז · זא איז עש דאך ניט מיגליך דז ער זאלט פון
צווייא אדר דרייא צו זאמן זיין · דען וואש פון צווייא אדר דרייא בישטיט דש קען
ניט וואורהאפטיג מיגליג זיין · אונ' נאך פיל וויניגר קען דש זיין דיא דא גלויבן
דז מיינט איז דרייא אונ' דרייא זייכן מיינט ווען שון איין אידרש איין בזונדר ווען
פר זיך זעלבשט איז · דיזר גלויבן שטרייט קעגן דען מענטשליכן פר שטאנד ·
אונ' דער גלייכן אך וואש זיא גלויבן דז דער בישעפר איז געטליך אונ' לייבליך צו
גלייך · דש קען אך אום מיגליך גיגלויבט ווערן פון דען בישעפר יתברך · זעען
איין זאך דיא פון צווייא זאכן איז צו זאמן גישטעלט · דש האט איינן ניטיג דער
עש זאל צו זאמן שטעלן · אונ' אלש וואש צו זאמן גישטעלט ווערט · דש ווערט
דורך דיא צו זאמן שטעלונג בישאפן · אונ' דען איז עש גלייך צו דיא לייבליכי
בישאפנים · אלזו מוטש עש אך קענן פר מערט אונ' פר ענדרט אונ' פר
טיילט ווערן · זא איז עש אך ניט מיגליך דז דש קען איין גאט זיין · דען איין
גאט האט גאר קיין גלייכן וויל ער ניט קען פר מערט נאך פר טיילט אודר פר
ענדרט ווערן · גלייך ישעי' מ' (ביים ווען ווילט איר גאט פר גלייכן · אונ'
וואש פר איין גלייכנש ווילט איר קעגן אים שטעלן) · אך ווען שון פון גאט ניט
גיזאגט ווערט דז ער קענט זיך זעלבשט צו זאמן שטעלן אונ' לייבליך מאכן גלייך
וויא אך פון אים ניט גיזאגט ווערט דז ער זעלט קענן איין אנדרן בישאפן דער
אים זעלט אין אלי זאכן גלייך זיין · דארום ווערט דאך זיין געטליכקייט גילובט
איז ער ניט פר מינרט חלילה · וועלכש בייא דיא פר שטענדיגי לייט וואול קלאר
אונ' ביקענט איז · אונ' אך זעלבשט דיא פילוסופים דיא קיין תורה האבן דיא
ביקענן דיא מיגליכקייט פון גאט יתברך · אונ' דר וייטרן פון אים דיא פילהייט
אונ' לייבליכקייט מיט ביווייז דיא מיר ניט ניטיג האבן היר צו מעלדן · אך אין
דיא שרייבר פון איר און גלויבן פינדן מיר פיל זאכן דיא דא שטרייטן קעגן דען
גלויבן דר דרייא פעלטיקייט · אונ' איך וויל איין טייל דר פון מעלדן · ער שרייבט
מטיאוש אין פרק י"ב פסוק ל"ב דער וואש רידט קעגן דען מענטשן זון דעם קען
עש פר געבן ווערן · אבר דער וואש רידט קעגן דען רוח הקודש דעם ווערט
עש ניט פר געבן אויף דיזה נאך אויף דיא אנדרי וועלט · דש ווארטש אך פינדן
מיר מרקוס פרק ג' פסוק כ"ח אונ' לוקוס פרק י"ב פסוק י' · אין דיזה רעדן

האבן דיא אונזן קלאר אן גיצייגט דז דר רוח הקדש אונ' דר זון ניט אייניש זיין ·
אלזו זיין דיא דרייא ניט אייניש · אונ' דז ישו איז איין מענשן זון אונ' קיין גאט
גלייך וויא זיא גלויבן · וועלכש בייא פר שטענדיגי לייט ביקענט איז · אונ' אזו
שרייבט מרקוס אין פרק י"ג פסוק ל"ב דעם טאג אונ' דיא שעה ווייש קיינר ·
ניט דיא מלאכים אין דיא הימלן אונ' אך ניט דר זון גיאמרט דר פאטר אליין · זא
האט ער דא מיט אך גוויזן דז דר פאטר אונ' דר זון ניט אייניש זיין · וויל דר זון
ניט ווייס וואש דר פאטר ווייש · אך ווערט דארויש בוויזן דז ער איז קיין גאט
וויל ער ניט ווייש וואש דר נאך ווערט גישעהן · אך פינדן מיר קיין קלארי אן
ווייזונג אין אונזן גליון אויף דען גלויבן דר דרייא פעלטיקייט וועלכש דיא נוצרים
גלויבן · אך פינדן מיר נירגנץ דז ישו זעלט זיך זעלבשט האבן גאט גינענט ·
גיאמרט ער רעכינט דיא געטליכקייט אונ' דיא קראפט אונ' מאכט צו גאט
יתברך · אונ' זיך זעלבשט האט ער גינענט דער גיזונטר פון גאט · גלייך
מטיאוש טרייבט אין פרק י' פסוק א' דער איך אן נעמט דער נעמט איך אן ·
אונ' דער איך אן נעמט דער נעמט דעם זעלביגן אן דער איך גישיקט האט ·
אך האט ער פון זיך זעלבשט גיזאגט דז ער וואר איין אמן · וויא גישריבן שטיט
אין יוחנן פרק ח' פסוק א' אונ' אילונר ווילט איר דעם אמן טויטן דער איט אייך
דיא ווארהאפטיגי ריד · אונ' אזו האט אך פוילוש פון איס גיזאגט אין זיין
שרייבן צו דיא רוויים אין פרק ה' פסוק ט"ו דורך דיא גינאד פון דען אמן ישו דר
משיח איז אן דיא גיאיינטה פיל גוטש גישעהן · אונ' דער גלייכן אך אין אנדרי
ערטר האט ער זיך גינענט דער מענשן זון · גלייך אין מטיאוש פרק ב' פסוק
י"ח איר גין אויף נאך ירושלים אונ' דער מענשן זון ווערט איבר ענטפערט ווערן
אן דיא כהנים · אונ' אין פסוק כ"ח שטיט דז דר מענשן זון איז ניט גיקומן דז די
זאלן איס דינן גיאמרט ער איז גיקומן אום צו דינן · גלייך דא פון ווערט אייטר
בישיידן ווערן · אונ' דיא זאך ווערט אך רעכט פר שטאנדן אויש דעם גיבעט
וועלכש אין איר שפראך ווערט (פאטר) גינענט וואש ישו האט אן זיין תלמידים
גילערנט וואר פון גישריבן שטיט אין מטיאוש פרק ו' דז ער האט ניט בפולן דז
אן זאל בעטן צו דיא דרייא פעלטיקייט גיאמרט צו דען איינציגן גאט דער דא איז
דער גאט דר הימלן גלייך דארטן גישריבן שטיט אונ' דש איז וואש אין איר
שפראך (פאטר) גינענט ווערט · אונזר פאטר דער אין דיא הימלן איז דיין
נאמן זאל גיהייליגט ווערן · דיין קיניגרייך זאל קומן · דיין ווילן זאל גישעהן אויף
דיא ערד גלייך וויא אין הימל · אונ' גיב אונש היינט אונזר גיזעלטי שפייז · אונ'
פר גיב אונש אונזרי זינד גלייך וויא מיר אך פר געבן אן דיא קעגן אונש וואש
פר שולדיגט האבן · אונ' ברענג אונש ניט צו פר זוכונג · אונ' ביטערם אונש פר
אלים בייזן אמן · דארויש קענשטו זעהן דז ער האט זיא ניט גילערנט דז זיא
זאלן צו איס בעטן וועלכר נאך איר זאגן דר זון איז · אונ' אך ניט צו דען רוח הקודש

גיאמרט

גיהערט צו דען פֿאטר דער אין דיא הימלן איז דז קיינר איז אנדר איך · דאר
ביא זיינן אוך פֿיל אין אונזר דור פֿון מיר חכמים דיא זיא נענן דיא אביוניטר
אונ' טרוליאנר אונ' אריינונר וועלכי שטרייטן קעגן דיא קרטאליישן אונ' לוטרישן
אונ' ביקענן דיא אייניקייט פֿון גאט · אונ' פֿר ווערפֿן דען גלויבן דר דרייא
פֿעלטיקייט · דען וואס דער חכם ניקולש פריטא האט גישריבן אין זיין בוך
וואס ער האט גימאכט אין לאטיין פֿון דיא אייניקייט פֿון דען בישעפֿר יתברך
וועלכש אין איר שפראך גינענט ווערט (די אונו וירו דיאו) דש איז צו פֿר שטין
פֿון דיא אייניקייט גאטש · אזו אך דר חכם ארטין לאווין אין זיין בוך היאלוגי
וואש ער האט גימאכט אין דיא פולישה שפראך אין זיין אוייאטה רעדן שטרייט
ער קעגן דיא איינונג דר גלויברש דר דרייא פֿעלטיקייט מיט שטארקי ביווייז
אויש דיא שריפֿט אונ' אויש דען פֿר שטאנד · אונ' אין זיין בוך וואס ער האט
גינענט (ג' יאים) פֿון דף כ"ח ביז ס"ט ווידר ליגט ער אל דיא ביווייז וואס די
גלויברש דר דרייא פֿעלטיקייט ברענגן אויש איר און גליון · אונ' אך פֿיל פֿון די
אובן גימעלדטי חכמים איין אידר אין זיין בוך פֿר ווערפֿן אל דיא ביווייזונגן דר
גלויברש דר דרייא פֿעלטיקייט · אזו דז אויש אל דיזי זאכן איז גינוג צו פֿר שטין
דז עס איז נור איין אייניגר גאט :

# פרק יא בראשית ב

**אונ'** פֿון דען בוים דר וויסן שאפֿט גוטש אונ' בייז זאלשטו ניט עסן דען אן דען
טאג אז דוא ווערשט דר פֿון עסן ווערשטו שטערבן · אויש דעם פסוק
פֿר שטין דיא נוצרים דז פֿון וועגן דיא זינד פֿון אדם הראשון דז ער האט פֿון
דעם בוים גיגעסן איז ער מיט זיין קינדר אונ' קינדש קינדר גישטראפֿט
גיווארן מיט איין אייביגן טוט פֿון דיא זיל · אונ' דאריבר זיינן דיא הייליגי עלטרן
אונ' דיא נביאים אונ' דיא פֿרומי לייט אין גיהנם גיקומן ביז דר משיח איר גאט
איז גיקומן אונ' האט דורך זיין טוט איר זיל אויש דען גיהנם דר לייזט · אונ'
ביווייזן דש וויל ער האט טאפלט גירעט (מות תמות) שטערבן דוא ווערשט
שטערבן דש ביטייט אויך דש שטערבן פֿון דיא זיל · אונ' אזו אך וואש אונזר
פֿאטר יעקב האט גיזאגט אין בראשית ל"ז (איך וועל נידרן צו מיין זון
טרויאריג אין דיא גרוב) · אונ' חזקי' האט גיזאגט אין ישעי' ל"ח (איך וועל
גין אין דיא פֿארטן פֿון דיא גרוב) · זאגן זיא דש ווארט (גיהנם) אונ' (שאול)
אונ' (תפֿתה) ביטייט אלש אויך דש גיהנם :

**ענטפֿרס** וואס דיא שריפֿט זאגט (דען אן דעם טאג אז דוא ווערשט דר
פֿון עסן ווערשטו שטערבן) · דש איז ניט צו פֿר שטין דז ער
ווערט שטערבן אן דעם טאג אז ער ווערט דר פֿון עסן · דען ער איז דאך אן

דען זעלביגן טאג ניט גישטארבן · נייארט ער וויל זאגן דז אן דעם טאג אז דוא ווערשט דר פון עסן ווערשטו דען טוט פר שולד האבן · אונ' דער גלייכן שטיט אך אין מלכים א' ב' (אן דעם טאג אז דוא ווערשט ארויש גין אונ' ווערשט איבר פארן דען בחל קדרון זאלשטו וויסן דז דוא ווערשט שטערבן) · אונ' שמעי איז ניט גישטארבן אן דעם טאג אז ער איז אויש ירושלים גיגנגן נייארט נאך דעם אז ער איז ווידר גיקומן פון גת קעגן ירושלים · אונ' אזו אך אז ער האט גיזאגט דוא ווערשט שטערבן האט ער דען טוט אליינט ניט גימיינט נייארט ער האט אים אוך אודר קעגן גיגעבן פון אנדרי לייבליכי שטראף מיט וועלכי גאט האט אים גישטראפט נאך דעם ער האט גיזינדיגט · אונ' דאר פון האט ער ווייטר צו אים גיזאגט אין בראשית ג' (דיא ערד זאל פר פלוכט זיין פון דיינט וועגן · מיט טרויאריקייט זאלשטו דר פון עסן אזו לאנג אז דוא ווערשט לעבן אונ' דערנר אונ' דישטלן זאל זיא דיר אויש שפראצן · מיט דעם שוויס פון דיין אן גיזיכט זאלשטו ברוט עסן) · וויל דש רעכט ניט מיט ברענגט דז גאט זאל אים אבער שטראפן אויף ליגן נאך זיין זינדה אז ווען ער אים צו פאר פר שפראכן האט אי ער האט גיזינדיגט · אונ' וויל דר לייבליכר טוט איז דיא שווערשטה שטראף אונ' גרעשר אז אלי אנדרי לייבליכי שטראף · דרום איז אונטר דען טוט ביגריפן אלי אנדרי שטראף מיט וועלכי דיא מענשן זיינן בישטראפט גיווארן · אונ' דש קאן מן בייוויזן אויש דברים כ"ד (דיא עלטרן זאלן ניט גיטיט ווערן פון וועגן די קינדר אונ' דיא קינדר זאלן ניט גיטיט ווערן פון וועגן דיא עלטרן) · וועלכש ניט צו פר שטין איז פון דען טוט אליינט · נייארט אך פון אנדרי שטראף דיא נאך מיט אונטר דען טוט פר שטאנדן ווערן · דז אזו אונ' אז דיא עלטרן זאלן ניט גיטיט ווערן ווען דיא קינדר ווערן שולדיג זיין גיטיט צו ווערן פון דש גריכט · אזו זאלן אך דיא עלטרן ניט גישטראפט ווערן אז דיא קינדר ווערן שולדיג זיין גישטראפט צו ווערן · אונ' פר קערט אך אזו · אונ' מיט דעם דז דיא שריפט האט ערשט דען מענשן אן גיזייגט פון דיא לייבליכי שטראף אונ' נאך לעצטן האט ער ערשט גיזאגט פון דיא שטראף דש טוטש · גלייך בראשית ג' (דען דוא ביסט ערד אונ' זאלשט ווידר ערד ווערן) · דער מיט האט ער אים לאזן וויסן דז דר טוט ווערט אים ניט מער איבר קומן אז אום ענד פון זיין גיזעלטי טעג נאך דעם ער ווערט דיא פר שפראכני שטראף גליטן האבן אזו לאנג אז ער ווערט לעבן אויף דיא ערד · אונ' ווען ער ווער גישטארבן אן דעם טאג אז ער האט פון דעם בוים גיגעסן העט ער קיין לייט גינוג גיהאט אום דיא זעלביגי שטראף צו לייון אונ' צו פרוכט בארן אונ' פר מערן אונ' דש מענשליכי גישלעכט צו אונטר האלטן · אך האט ער אים לאזן וויסן מיט דעם אז ער האט גיזאגט (דען דוא ביסט ערד אונ' ווערשט ווידר צו ערד ווערן) · דז דר טוט דער אן אדם הראשון פר הייטן וואר אי ער האט גיזינדיגט מיט דעם דז ער זאגט (דוא ווערשט

שטערבן

שטערבן) דש גיט אויף דען לייבליכן טוט· דען עש קען אנדרש ניקש צו ערד
ווערן אז וואש ערד איז· אונ׳ אזו אך איין אידר יסוד וואור פֿון דר אענגש איז
ביטאלפֿן. דער אערט נאך דען טוט ווידר אז וויא ער איז אין דר ערשט גיוועזן·
אונ׳ דאר פֿון האט שלמה המלך ע״ה גיזאגט אין קהלת י״ב (אונ׳ דר שטויב
ווערט ווידר צו דיא ערד קומן גלייך וויא ער איז גיוועזן· אונ׳ דיא נשמה ווערט
ווידר צו גאט קומן דער זיא האט גיגעבן)· אלזו קענשטו זעהן אויש די ביטייטונג
פֿון דיזי פסוקים דז ווען ער זאגט (מות תמות) דוא ווערשט שטערבן· דש וויזט
אויף זיין לייבליכן טוט אונ׳ נאך אנדרי לייבליכי שטראף דיא דארטן פֿר אעלרט
זיין· אונ׳ גלייך וואול קען עש אך ווייזן אויף דען טוט פֿון דיא זיל· וועלכש אן קען
איט דען פֿרשטאנד ביווייזן· דען אזו וואול אז דיא בישטענדיקייט פֿון דיא זיל איז
ווען זיא טוט רעכט ווילן פֿון גאט· אזו איז אך איר טוט ווען זיא טוט קעגן זיין
גיבאט· גלייך אז ווען איינר עשט וואש פֿר באטן איז שטיט אין ויקרא ז׳ (דען
דער דא עשט חלב פֿון איין בהמה פֿון וועלכה אן ברענגט איין פֿייאר אופפֿר פֿר
גאט· זא ווערט דיא זיל דש עשט פֿר שניטן ווערן פֿון איר פֿאלק)· אונ׳
ווייטר שטיט (אין אידרה זיל דיא דא ווערט בלוט עשן דיא זעלביגה זיל
ווערט פֿר שניטן ווערן פֿון איר פֿאלק)· אונ׳ דז ער זאגט (פֿון איר פֿאלק)
דש איז צו פֿר שטין דז דיא זעלביגה זיל ווערט ניט בייא גיבראכט אונ׳
ביהעפֿט ווערן איט איר פֿאלק דש איז איט די צדיקים· אבר בייא דיא צדיקים
שטיט פֿר קערט אין בראשית מ״ט (אונ׳ ער וואר איין גיטאן צו זיין פֿולק) וועלכש
צו פֿר שטין איז דז ער וואר איין גיטאן אונ׳ ביהעפֿט איט דיא זילן דר צדיקים
דיא זיין פֿאלק גינענט ווערן· אונ׳ אונקען ביווייזן דז דיא שריפֿט רעט ניט פֿון
דיא לייבר· אויש דעם וואש גישריבן שטיט פֿון משה רבינו ע״ה אין דברים
ל״ב (אונ׳ ווער איין גיטאן צו דיין פֿאלק)· אונ׳ זיין פֿאלק איז דאך ניט גיוועזן
אויף דען בארג עברים· נייארט דש איין טון ווערט גיזאגט פֿון דיא זיל·
גלייך ישעי׳ נ״ח (דיא עהר פֿון גאט ווערט דיך איין טון)· אזו אך וואש דא
שטיט אין ויקרא כ״ב (אונ׳ דיא זיל ווערט פֿון פֿר איר פֿרשניטן ווערן איך בין
גאט)· דש וויזט דז דיא זילן זיינן פֿון איין היילגן אורט גיקומן אונ׳ ווערן ווידר
הין קומן ווען זיא ווערן עש פֿר דינט האבן· אלזו קענשטו פֿר שטין אויש דעם
וואו דיא פסוקים אונש לערנן דז דיא זיל דיא דא זינדיגט דיא ווערט שטערבן·
דש איז דז זיא ווערט פֿר שניטן ווערן. פֿאר השם יתברך· אבר איין פֿרומה זיל
דיא ווערט ווידר קערן צו גאט דער זיא האט גיגעבן· צו דעם אורט וואו זיא
האט ערשט גיוואונט· צו גניסן פֿון דען גלאנץ דר שכינה אין דש איביגה
לעבן איט דיא זילן דר נביאים אונ׳ חסידים· דארום וואש דיא נוצרים זאגן דז
דיא הייליגי עלטרן אונ׳ דיא נביאים אונ׳ חסידים זיינן גיפֿאלן אין דיא נעלן פֿון
גיהנם פֿון וועגן דיא זינד פֿון אדם הראשון· דש איז אזו ניט· דען חלילה דז

גאט זאלט דש טון דז ער זאלט זיין פרומי לייט לאזן דר צו קומן דז זיא זאלטן דש
גיהנם זעהן · אונ' דז ער זאלט פר שטעהן דיא חן אין זיין אויגן פינדן אונ'
פיינט האבן דיא אים ליבן · אין זונדרהייט נאך דעם ער האט זיא ליב גיהאט
מיט איין גרושי אונ' וואונדרליכה ליבשאפט · אונ' האט זיא ביווארט פר אליש
ביזן ווייל נאך אירי זילן רואטן אונ' ביגרייפן ווארן, אין דען שוארצן גן' · וויא
זאלטן איר דען גלויבן דז אן דען טאג אז אירי הייליגי זילן פון אירי לייבר טיילן
זאלט ער פר ענדרט ווערן צו איין פיינד אום זיא אין דיא אונטרשטי גרוב צו
אבן נידרן · חלילה דז גאט זאלט דש טון · אונ' דש איז אזו אין איינונג
וועלכש קיין פר שטענדיגן אמנש פר שטאנד לייקנן קען · דען ווען דש אזו ווער
אז וויא זיא זאגן וויא שטיט דען אין יונה ד' דז יונה הנביא האט גיזאגט (אונ'
אילונד גאט נעם דאך איין זיל פון איר דען איין טוט איז בעשר אז איין לעבן) ·
וויא זאלט דען איין טוט בעשר זיין אז זיין לעבן ווען נאך זיין טוט זאלט זיין זיל אין
גיהנם קומן · אויך האט איר פינדן פון חנוך אונ' אליהו וועלכי דער ביטעפר
יתברך האט אוועק גינומן אונ' דש קען ניט פר שטאנדן ווערן פון דיא לייבר
ניימרט פון אירי זילן ווייל דארטן איר אורט איז · אונ' ווען אבר אירי זילן ווערן
שולדיג גיוועזן אין גיהנם צו קומן פון וועגן דיא זינד פון אדם הראשון וויא האט
ער זיא דען צו זיך גינומן · אך האט זיא גלויבן דז דער משיח מיר גאט האט
דיא זילן דר גישטארבני מענטשן דר לייזט פון דען גיהנם דורך זיין טוט · דש איז
אך אין זאך דז ניט צו ביגרייפן איז · דען וויא איז דש מיגליך דז איין זינד
וועלכש איז דש עשן פון אדם הראשון פון עץ הדעת זאל פר געבן ווערן דורך
איין אנדרי זינד דיא נאך שווערר איז · דש איז דז אן זאל דר שלאגן דען לייב
פון איר גאט · אונ' נאך אירי זאגן האט ער מיט זיין טוט דר לייזט אויש דען
גיהנם דיא זילן פון דיא עלטרן אונ' דיא קינדר דיא ערשטי אונ' דיא לעצטי אונדר
זיין תלמידים אונ' שלוחים אונ' דיא אים נאך גיפאלגט האבן וועלכי אך זייק דר
שלאגן גיווארן דורך ביפעל דר רואיים אונ' אנדרן · וועלכש זילן האבן זיא דען
דר לייזט מיט איר טוט · אונ' איר פינדן אין אייר און גלין דז פאולוס זיין גיזאנטר
שטרייט קעגן דיא דעה אין זיין טרייבן צו דיא רואיים אין פרקה' פסוק י"ד
ווארין ער זאגט דז דער ענגל דש טוטש פון אדם ביז משה איבר דיא זינדיגר
ווארין דיא גלייכנש פון דיא זינד פון אדם הראשון · אלזו האט פאולוס דאריגן
לוייא זאכן גיווין דיא קעגן איר גלויבן זיין · דש אייכה איז דז דר מלאך המות
האט ניט גיהערשט איבר דיא נביאים אונ' הייליגי צדיקים ניימרט איבר דיא
זינדיגר אליינט גלייך וויא בייא דיא זינד פון אדם הראשון · אונ' ווען איינר
זעלט דר אר קעגן שטרייטן אונ' זאלט זאגן עש שטיט ניט אין און גלין אויך דיא
זינדיגר גלייך וויא דיא זינד פון אדם הראשון גלייך וויא דוא זאגשט ניימרט אויך
דיא ניט זינדיגן · לאז דער קיגן שטרייטר זיין אויגן עפינן, ווערט ער זעהן וואש
גישריבן

גישריבן האט אמברוזיאוס אפיסקופוס מדיאולנוס דז אין דיא ביכר דר יודיש
האבן זיא דש פר פעלשט אונ' דז נאך אין זיין צייט איז אין דיא לאטייניש ביכר
גישריבן גישטנדן גלייך איר האבן אובן גישריבן · אונ' אזו שטיט אך אין דיא
בשרייבונג פון סיאן בודני · אונ' דוא ווערשט דיזה זאך וואול בישיידן פינדן
אין דש בוך פון ארטין לאווין וועלכש ער האט גינענט (אמאר ג' יאיש) אין
דן כ' · אונ' אויש דיא רעדן פון פויל ווערט פר שטאנדן דז דש גיבאט וואש
גישריבן שטיט אין תורת משה ויקרא י"ח (אונ' איר זאלט היטן מיין גיזעץ אונ'
מיין גריכט וועלכי דר מענש זאל טון אונ' דר דורך לעבן) · דש איז איין
בזונדרליכה פר בעשרונג צו דעם וואש גיזאגט איז צו אדם הראשון דז אין דעם
טאג אז דוא ווערשט דר פון עשן ווערשטו שטערבן · גלייך וויא אך דיא פר
הייסונג וועלכי גיזאגט ווערט אין ויקרא כ"ו (אונ' דיא ערד ווערט אייר פרוכט
געבן אונ' דר בוים דש פעלדש ווערט זיין פרוכט געבן) · איין בזונדרליכה
פר בעשרונג איז צו דיא פלוכונג אונ' דערנר אונ' דיסטלן ווערט זיא דיר אויש
שפראצן · דען אז דיא שריפט זאגט אונ' ער ווערט דר דורך לעבן · דש ווייזט
גאר ניט אויף דש לייבליכי לעבן גלייך וויא אן וואול אין דיא גשווינדיקייט מערקט
פר שטין · דען דיא דא היטן דיא מצות דיא לעבן דארום ניט לענגר אין דיזר
וועלט אז דיא עובר אויף דיא מצות זיין · אונ' דש אזו אן אזו פר שטין · דז וויל
אדם הראשון האט גמאכט ווארט ווידר שפעניקט איט דעם דז ער האט גיגעשן
פון דען עץ הדעת · איז אויף גיליגט גווארן דר טוט פון דיא זילן איט נאך
לייבליכי שטראף אויף אים · אונ' זיין זאמן דיא אים נאך גיפאלגט האבן אונ'
גמאכט ווארט אידר שפעניקט אבר דר זאמן פון אברהם זיין קנעכט אונ' דיא
קינדר פון יעקב זיין אויש דר ווילטה ווייל זיא טון גמאכט גיבאט דיא גישריבן
שטין אין דיא תורה פון משה דיא גינענט ווערט דר בוים דש לעבנש גלייך משלי
ג' (זיא איז איין בוים דש לעבנש פר דיא זיך דר אן האלטן) · דיא ווערן גניסן
דש לעבן דר זילן אונ' ווערן אך בישטראפט ווערן פון דיא שווערי לייבליכי שטראף
גלייך וויא אך דיא פרומי זייט בישטראפט ווארן גלייך נח חנוך אברהם יצחק אונ'
יעקב אונ' נאך מער אנדרי וויל זיא האבן גיטאן דען ווילן פון איר בישעפר
נאך זעלבשט אז דיא תורה וואר גיגעבן · דען זיא ווארן ניט גישטראפט פון
וועגן דיא זינד פון אדם הראשון איט דען טוט דר זילן ח"ו · גלייך פון חנוך
גיזאגט ווערט אין בראשית ה' (דען גאט האט אים אוועק גינומן) · אך
ווארן זיא בישטראפט פון דיא שטראף דר לייבר · גלייך דר פסוק בזייגט פון נח
הצדיק (דער ווערט אונש מאכן רואן פון אונזר ווערק אונ' פון דיא מיא אונ'
ארבייט פון אונזר הענד פון דיא ערד דיא גאט האט גיפלוכט) · אונ' פון יצחק
ווערט גיזאגט אין בראשית כ"ו (אונ' יצחק זאט אין דעם לאנד אונ' ער פינדט
אין דעם יאר הונדרט מאל אזו פיל אז וויא אן האט עש גישאצט אונ' גאט

בעשט איך ׃ אונ׳ דש קעגן טייל ווערט גיפֿונדן בייא קין אין בראשית ד׳ (אז
דוא ווערשט דיא ערד ארבטן ווערט זיא דיר איר קראפֿט ניט מער געבן) ׃
אונ׳ אז דוא ווערשט נאך זעהן אויך דיא שטראף פֿון אדם הראשון ווערשטו פֿינדן
דז קין איז ניט אזו בישטראפֿט גיווארן ווייל ער האט זיין פֿאטר נאך גיפֿאלגט ׃
אבר דער שטעטיגליך טוט דען ווילן פֿון זיין בישעפֿר איז זיין גלאכן הערלן אונ׳
גלאנצה זיל גלייך וויא אונזר פֿאטר אברהם ע״ה דער גינענט ווערט דר גליבטר
פֿון גאט גלייך ישעי׳ מ״א (דער זאמן פֿון אברהם איין ליב האבר) ׃ דארום
האט איך גאט גילובט איז ער אך ליב גיהאט איט איין ווינדרליכה ליבשאפֿט
ביז דז פֿון וועגן זיין גרושה ליבשאפֿט האט ער איך רעכט פֿערטיג גימאכט
איט זיין גיבאט אונ׳ האט איך אונ׳ זיין קינדר דיא נאך אים ווערן נאך פֿאלגן גיבאטן
דיא אלוה פֿון אילה נום פֿון זיא לו פֿר איינרן דיא פֿליישליכה גילושטיקייט
וועלכה זיך אן דען אענטן אונ׳ זיין זאמן ביהעפֿט האט דורך דש עסן פֿון דען עץ
הדעת ׃ אונ׳ האט זיא אך אמכן ערבן דורך איטל פֿון דט גיבאט אונ׳ נאך
אנדריאלות פֿון דיא געטליכה תורה דיא דר בוים דש לעבנש גינענט ווערט ׃
דש איביגה לעבן דר זילן אויף וועלכן ער האט גיוויזן איט דעם ער האט גיזאגט
(אונ׳ אז ער ווערט עסן ווערט ער איביג לעבן) ׃ גלייך אך אן גיליינט ווערט
אין דעם פסוק (דז דר אענטש זאל זיא טון אונ׳ דר דורך לעבן) ׃ אונ׳ דש
אייגינטה לשון פֿינדן איר אך עטליכה אמל אין יחזקאל כ׳ ׃ אונ׳ נאך דעם
אין יחזקאל י״ח בישיידן איז דז ער רעט פֿון דט לעבן דר זיל גלייך גישריבן שטיט
(אז ער טערט טון גריכט אונ׳ גירעכטיקייט ווערט ער לעבן אונ׳ ניט שטערבן) ׃
אונ׳ וויטר שטיט (אונ׳ אז ער טוט גריכט אונ׳ גירעכטיקייט אאלט ער זיין זיל
לעבן) ׃ ווייל ביקענט איז דז קיין לעבן איז דז דער טוט זעלט ניט דר נאך קואן
אז נור אליין דט לעבן דר זיל דיא איז איביגליך ׃ אונ׳ ווייל דורך דיא אורזאך
פֿון דיא פֿרויא איז דער אענטשליכר טוט גישטעלט גיווארן דז חוה האט דעם
ערשטן אענטש אן גירייצט ׃ גלייך בראשית ג׳ (דיא פֿרויא דיא דוא האשט איר
גיגעבן דיא האט איר פֿון דען בוים גיגעבן אונ׳ איך הב גיגעשן) ׃ אונ׳ די תורה איז
גיקואן אום דען איברעך פֿון דיא זינד אווען לו כנעאן ׃ דארום האט ער אוין פֿר
ביטן בייא דט געבן פֿון דיא תורה דז קיינר זאל בייא זיין פֿרויא גינעהן ׃ גלייך
שמות י״ט (זייט בירייט דז איר זאלט אין דרייא טאג בייא קיין פֿרויא קואן) ׃ ווייל אין
קראנקה ווערט גהיילט דורך דש קעגן טייל פֿון זיין קראנקהייט ׃ אונ׳ אין הינדר
קען קיין פֿור טפרעליר זיין ׃ נאו קענטשו זעהן אויש אל דיזי ביוויז דז דיא
צדיקים דיא הייליגי עלטרן זיינן ניט גיקואן אין גיהנם אונ׳ זיינן ניט גישטראפֿט
גיווארן איט בישטראפֿונג דר זילן חס ושלום פֿון וועגן די זינד פֿון אדם הראשון ׃
ווייל זיא ניט האבן ווידר שפעניגט גאטש ווארט גלייך וויא ער האט גיטאן ׃
ניאורט זיא האבן חן גיפֿונדן אין גאטש אויגן אונ׳ זאגן גיהאלפֿן איט איין

אויבינגה הילף פֿון וועגן איר אייגינה גירעכֿטיקייט אונ׳ האבן ניט ניטיג גיהאט
קיינם אנדרנס זכֿות אום איר זילן צו העלפֿן גלייך וויא דיא צדיקים איינן : אונ׳
דאר פֿון שטיט אין יחזקאל י״ח (דיא זיל וואש דא זינדיגט דיא ווערט שטערבן:
דר זון ווערט ניט ליידן פֿר דיא זינד פֿון דעם פֿאטר אונ׳ דר פֿאטר ווערט ניט
ליידן פֿר דיא זינד פֿון דעם זון) : דש איז צו פֿר שטין דז דיא זיל ווערט אנדרשט
ניט שטערבן אז פֿון וועגן איר אייגינה זינד אונ׳ ניט אום איין אנדרן זיין זינד :
גלייך וויא דא רעדט אין דיא ריד פֿון דעם נבֿיא יחזקאל וואול בישיידן איז : אבר
וואש גשריבן שטיט אין שמות כ׳ (ער גידענקט דיא זינד פֿון דיא עלטרן אויבר
דיא קינדר) : דש איז צו פֿר שטין וואן דיא קינדר אך בייזי ווערקן טון גלייך
וויא איר עלטרן האבן גיטאן : גלייך ער זאגט ווייטר (צו אייני פֿיינד) : אונ׳
דער גלייכן איז אן אנדר אן פֿר שטין : אונ׳ אזו האט אך גיזאגט דער קלאגר
ירמי׳ אין איכה ה׳ (אונזר עלטרן האבן גיזינדיגט אונ׳ זיינן ניט מער דא אונ׳
מיר האבן גיליטן אום איר זינד) : דש איז צו פֿר שטין דז אונזר עלטרן האבן
דש גלות פֿר אורזאכֿט דורך איר זינד אונ׳ נאך דעם זיא האבן גיליטן דש יאך
פֿון דש גלות זיינן זיא גישטארבן : אונ׳ מיר דיא דא זיינן אויבר גיבליבן אין
איר שטאט אין דעם גלות : האבן גליטן פֿר אונזר זינד אונ׳ איז נאך דער ביים
גיפֿינגט גיוואורן דיא זינד פֿון אונזר עלטרן וויל איר האבן אך איר בייזי ווערקן
גיטאן אך געלבשט וויל איר נאך אין גלות זיין : גלייך ויקרא כ״ו (אונ׳ דיא
פֿון אייך ווערן אויבר בלייבן דיא ווערן פֿר גין פֿון וועגן איר זינד אין דיא לענדר
פֿון אייער פֿיינט : אונ׳ אך פֿון וועגן דיא זינד פֿון איר עלטרן דיא זיא ביים זיך
האבן ווערן זיא פֿר גין) : אבר דיא ווייניג צדיקים דיא נאך ווערן גיפֿונדן
ווערן אין דיא צייט פֿון גלות גלייך אז ירמי׳ אונ׳ ברוך דר זון פֿון נרי׳ אונ׳ יחזקאל
אונ׳ דניאל מיט זייני חבֿרים אונ׳ נאך מער אנדרי : וועלכי זיא וואורן מיט פֿר
טריבן אונטר דיא אנדרי וויל זיא וואורן דש טייל פֿון דש זינדיגה פֿאלק : זא
וואר דאך איר גלות אנדרשט ניט אז צו איר טובֿה : דען זיא וואורן אין אין הוכֿה
מעלה בייא דיא קיניגן דר פֿעלקר אין דיא צייט פֿון גלות פֿיל מער אז זיא זיינן
גיזעסן אין דיא טאגן דר קיניגן פֿון ישראל אין דיא צייט פֿון איר מלכֿות : גלייך
וויא דיא שריפֿט ביזייגט פֿון ירמי׳ אונ׳ דניאל מיט זיין חבֿירים : אונ׳ דש וואר
וויל זיא טעטן ניט זעלכֿי ווערקן אז וויא איר בייזי עלטרן האבן גיטאן : דארום
זיינן זיא ניט גישטראפֿט גיוואורן פֿון וועגן איר עלטרן אונ׳ דארום זיינן דיא
שטראף אונ׳ פּלאגונג דיא דען אנכטן וואורן אויף גיליגט ניט אן גיגאנגן אן זיין
קינדר דיא צדיקים וואורן אונ׳ טון דען ווילן פֿון גאט : נייארט אויף זיין קינדר
דיא אים נאך גיפֿאלגט האבן אין זיין זינד גלייך דאש גיזאגט ביווייזט האט אום דש
צו קענן ווישן : אונ׳ אזו פֿינדן איר אך אין איר אן גלין אין גוויסה רעדן דיא
קענן דיזה שטעלונג שטרייט : גלייך אין לוקט פרק י״ו פסוק י״ט אונ׳ ווייטר :

דז ער זאגט דז דר ארמר לאזירוס האט זיך נאך זיין טוט פר לוסטיגט אין דיא
שוס פון אונזר פאטר אברהם · אלזו דז אברהם אונ׳ לאזירוס וואָרן ניט אין
גיהנם · אונ׳ דז דארויש פאלגט דז דיא צדיקים זייגן ניט אין גיהנם גיקומן אך
זעלבשט פור ישו נייארט דיא רשעים אלייגט · אונ׳ וואש זיא ווילן ביווייזן וייל
עש שטיט שאפלט (אות תאוות) שטערבן רוא ווערשט שטערבן דארום זאגן
זיא דז וויל עש שאפלט שטיט ווייזט עש נור אליין אויף דען טוט פון דיא זיל · דש
איז קיין פאשט ביווייז · דען דר טרר פון לשון הקודש ברענגט דש אויט דז עש
פלעגט ערשט צו שטין דר (אקור) דש איז דר אורשפרונג פון דש וואָרט אונ׳
דר נאך דש ווערק וואָרט · גלייך אז (אות) שטערבן דש איז דר אורשפרונג
אנדר פעולה · אונ׳ (תאוות) רוא ווערשט שטערבן דש הייסט דש ווערק וואָרט
וייל דיא פעולה דר ביים קומט · גלייך מלכים ב׳ ח׳ (גיא זאג צו אים
לעבן רוא ווערשט לעבן אונ׳ גאט הוט איר גוויזן דז שטערבן ער ווערט שטערבן)
אונ׳ דש וואָר דיא ענטפרט אויף דעם וואש ער הוט אים גיפרעגט (אוב איך
ווער לעבן בלייבן פון דיזה קראנקהייט) · אונ׳ דיא ענטפרט אז דאך זיין
אויף דיא אייגנשטה זאך וואש ער האט אים גיפרעגט · אונ׳ גלייך וויא דיא
פראג איז נור גיוועזן אויף דען גוף אוב ער ווערט לעבן אדר שטערבן · אזו
וואר אך דיא ענטפרט אויט דעם אז ער האט שאפלט גירעט שטערבן רוא
ווערשט שטערבן · דש גינג נור אליין אויף דען גוף אונ׳ אויף ניקש אנדרשט ·
אזו אך אין שמואל א׳ י״ד (שטערבן רוא מושט שטערבן יונתן) · אונ׳ שמואל
א׳ כ״ב (שטערבן רוא מושט שטערבן אחימלך) · ווען שון שאפלט גירעט
ווערט פון איר טוט · ווערט גלייך וואול ניט אער דרויש פר שטאנדן אז דער
טוט פון דיא לייבר · אזו אך שמות כ״א (רעכן ער זאל ווערן גירפכינט)
אונ׳ שמות י״ט (פר שטייניגן ער זאל ווערן פר שטייניגט אודר ווערפן ער זאל
ווערן גיווארפן · אונ׳ בראשית ט״ו (וויש רוא זאלשט וויסן) אונ׳ שמות י״ט (הערן
איר ווערט הערן) · אונ׳ נאך פיל אער פסוקים יאך פינדן איר דז פון דען טוט
דר זיל ווערט ניט שאפלט גירעט אין יחזקאל י״ח (די זיל די זינדיגט דיא ווערט
שטערבן) · אזו אך איר ביווייז וואש זיא ברענגן אויש בראשית ל״ז דז אונזר
פאטר יעקב ע״ה הוט גיזאגט (איך ווער נידרן צו איין זון אויט טרואריקייט אין די
גרוב) · אונ׳ דז חזקי׳ דר קיניג פון יהודה הוט גיזאגט אין ישעי׳ ל״ח (איך ווער גין
אין דיא פארטן פון דיא גרוב) · זיא זאגן זיא דז דש וואָרט (שאול) ביטייט אויך
דש גיהנם אדר דש וואָרט (תפתה) ביטייט נור אליינט אויף דש גיהנם · אבר
דש איז נאזט גיט · דען דש וואָרט (שאול) דש ווערט אך גירעט פון דען טוט אונ׳
דיא גרוב אונ׳ פון דש אונטרשטה טייל פון דיא ערד · פון דען טוט ווערט עש
גירעט אין תהילים מ״ט (לשאול שתו) זיא זיינן גישאצלט צום טוט · אונ׳
ישעי׳ ל״ח (כי לא שאול תודך) דען דער טוט ווערט דיך ניט לובן · אונ׳

פון

פֿון דיא גרוב אין איוב י"ד (מי יתן בשאול תצפינני) ווער וואלט דז דוא מיך בהאלטשט
איך אין דיא גרוב פֿר בערגן · אונ' קהלת ט' (בשאול אשר אתה הולך שמה)
אין דיא גרוב וואו דוא הין גישט · אזו אך בראשית ל"ז (כי ארד אל בני אבל
שאולה) דז איך ווער נידרן צו איין זון איט טרויאריקייט אין דיא גרוב · אונ'
ישעי' ל"ח (אלכה בשערי שאול) איך ווער גין אין דיא פֿארטן פֿון דיא גרוב ·
אונ' פֿון דש אונטרשטי דר ערד ווערט דש וואורט (שאול) גיזאגט אין תהילים
קל"ט (ואציעה שאול הנך) אונ' ווען איך זעצט איך אונטר דיא ערד אויך
שפרייטן בישט דוא דאך אך דא · אונ' איוב י"א (עמוקה משאול מה תדע)
וואש טיפֿר איז אז דש אונטרשטי פֿון דיא ערד וויא ווילשטו דש וויסן · אונ' אך
סיאן בודני דר לעלטר איבר זעלר פֿון דיא נוצריק דער האט נירגנץ איבר
גיזעלט דש וואורט (שאול) איט דען נאמן פֿון גיהנם נייארט אפֿט אלז האט
ער עש אויש גילייגט אין גרוב אודר איין גראבן אונ' דש אונטרשטי פֿון דיא ערד ·
גלייך פֿר שטין קענן דיא דא וואול אכטונג געבן אויף זיין איבר זעצונג :

# פרק יב בראשית ג

**אונ'** איין פֿיינדשאפֿט וויל איך טון צווישן דיר אונ' דיא פֿרויא אונ' צווישן דיין
זאמן אונ' איר זאמן ער ווערט דיר דען קאפֿף צו קוועטשן אונ' דוא ווערשט
איס אן דען פֿערש בייסן · אויט דעם פסוק ברענגן דיא נוצרים איין ביוויז
אויף איר גלויבן אונ' זאגן דז וואש ער זאגט ער ווערט דיר דען קאפֿף צו קוועטשן
דש גיט אויף ישו דז ער ווערט דען שטן טיטן ווען דר פסוק נענט איין שלאנג :
**ענטפֿרט** דאראויש קען אן ניקש ביווייזן · דען ווען דש וואר ווער וואש
זיא זאגן דז ווען דר פסוק זאגט ער ווערט דיר אויף דען קאפֿף
טרעטין דש גיט אויף ישו דז ער ווערט דען שטן טיטן אונ' דז דער דיא זינד האט
פֿר אורזאכט ווערט פֿר לארן ווערן · זא אושטן דאך דיא אן ישו גלויבן גאר ניט
זינדיגן · אונ' וויל זיא נאך היינט דען טאג זינדיגן זא אזו אך דיזה איר
שטעלונג ניקש זיין · אך שטרייט דער איינגישטר פסוק קעגן איר שטעלונג ·
דען ער זאגט דאך ווייטר אונ' דוא ווערשט איס אן דען פֿערש בייסן · דען
נאך דעם אמל דז ער ווערט טוט זיין וויא ווערט ער דען קענן דען אענשן אן דען
פֿערש בייסן · אונ' ווען דער שטן איז די אורזאך גיוועזן גלייך וויא זיא זאגן דז די
יהודים קול אנדרי פֿעלקר זאלן איס איט זיין תלמידים אונ' שלוחים טיטן · אלזו
האט ער דאך דען שטן ניט גיטיט נייארט דער שטן איז דיא אורזאך גיוועזן פֿון
זיין טוט אונ' זייני שלוחים · אונ' איר פֿינדן דז פויל זיין שליח שטרייט קעגן דעם
דז זיא דש גלויבן אין זיין בריב וואש ער האט גישריבן צו דיא רוואיים אין פרק י"ו
סיאן ב' אונ' דר גאט דש פֿרידש ווערט באלד דען שטן צו שטושן אונטר אייער

פֿיס׳ אך אין דען ערשטן בריב׳ וואש ער הוט געשריבן אין טסלונקי אין פרק ב׳ פסוק י״ח פֿון דעטט וועגן הבן איר וועלן ביים מייך קומן איך פויל מיין אמל אנדר צווייא אבר דר שטן האט אונש פֿר הינדרט׳ אלזו ווערט אויש דיזי רעדן פֿר שטאנדן דז דר שטן האט געלבשט נאך דעם טוט פֿון ישו אין דיא צייט פֿון פויל נאך געלעבט אונ׳ געהערשט איבר דיא אן אים האבן געגלויבט׳ אונ׳ דש איז קעגן איר גלויבן דז זיא גלויבן דז ווען געזאגט ווערט ער ווערט דיר דען קאפף צו טרעטן דש וויזט אויף ישו דז ער האט דען שטן געטיט גלייך וויא אובן פֿר מעלדט איז׃

# פרק יג׳ בראשית כב

**אונ׳** זיא ווערן זיך בענטשן איט דיין זאמן אלי פֿעלקר דר ערדן ווייל דוא האשט איין שטים געפֿאלגט) אויש דעם פסוק בווייזן די נוצרים דז דיזה פֿר הייסונג דיא גאט האט פֿר שפראכן אן אברהם דז איט זיין זאמן ווערן זיך אלי פֿעלקר דר ערדן בענטשן׳ דמר איט האט גאט קיינם געמיינט פֿון דען זאמן פֿון אברהם נייארט ישו אליינט האט ער דר איט געמיינט וועלכר דר פֿור געאכטר זאמן פֿון אברהם וואר׃ אונ׳ דארום איז דיזה פֿר הייסונג אן קיינם פֿון זיין קינדר בפֿעסטיגט געווארן אז אן אים אליין׳ דען אן אים אונ׳ אן קיינם אנדרן זיין געבענטשט געווארן אלי פֿעלקר דר ערדן ווייל זיא זיינן דורך אים געקומן צו דיא געטליכה קענטניש אונ׳ צו דיא בגליקונג דר זילן׃

**ענטפֿרט** דער דארויף וויל וואול אכטונג געבן דער ווערט קלאר קענן זעהן דז זיא קענן דארויש ניקש בווייזן׳ ווייל דער געברויך דר נוצרים איז אין בווייז אויף איר גלויבן צו ברענגן אויש איין טייל דר פראפֿעלייאונג זונדר דיא זאך רעכט צו פֿר שטין אונ׳ זונדר צו טראכטן אויף דיא זאכן דיא דר נאך פֿאלגן אודר אויף דיא פֿר גלייפֿניט דר זאכן דיא אין דיא זעלביגה פראפֿעלייאונג פֿר מעלדט זיין׳ גלייך זיא וועלן היר בווייזן אויש דעם וואש געשריבן שטיט אונ׳ זיא ווערן זיך בענטשן איט דיין זאמן אלי פֿעלקר דר ערדן׳ אונ׳ זעהן ניט אויף דעם פסוק וואש דר פֿור שטיט (דען איך ווער דיך בענטשן אונ׳ ווער דיין זאמן פֿר מערן אז דיא שטערן אין הימל אונ׳ אז דש זאנד וואש אן בארטן פֿון דש מער איז׳ אונ׳ דיין זאמן ווערט ערבן דיא פֿארטן פֿון זיין פֿיינד)׃ אונ׳ דר נאך זאגט ער (אונ׳ זיא ווערן זיך בענטשן איט דיין זאמן אלי פֿעלקר דר ערדן)׃ אלזו קענטשו זעהן דז דיא טריפֿט רעכט ניט פֿון איין בזונדרן מענש נייארט אין כלל דז פֿון דען פֿילן זאמן דיא דוא ווערשט המובטח דא ווערט זיין אז דיא שטערן אין הימל אונ׳ אז דש זאנד אום בארטן דש מערש איט דעם זעלביגן זאמן ווערן זיך בענטשן אלי פֿעלקר דר ערדן׳ אונ׳ דעם

מאן איז דש גאנצה פאלק ישראל גלייך ווי משה רבינו ע״ה האט פון זיינ
גיזייגט אין דברים א׳ (גאט אייער גאט האט אייך פר מערט אונ׳ איר זייט
הייט אזו פיל אז דיא שטערן אין הימל) · אונ׳ דש האט גאט אך בילובט אן
יצחק אונ׳ יעקב · צו יצחק האט ער גיזאגט אין בראשית כ״ו (אונ׳ איך וויל
דיין זאמן פר מערן אונ׳ איך ווער אן דיין זאמן געבן אל דיזי לענדר אונ׳ זיא ווערן
זיך בענשן מיט דיין זאמן אלי פעלקר דר ערד) · אונ׳ צו יעקב האט ער גיזאגט
אין בראשית כ״ח (אונ׳ דיין זאמן ווערט זיין אז דש שטויב פון דיא ערד אונ׳
דוא ווערשט דיך אויס שטרעקן אן דיא מערב אונ׳ מזרח אונ׳ צפון אונ׳ דרום זייט אונ׳
מיט דיר אונ׳ דיין זאמן ווערן זיך בענשן אלי גישלעכטר דר ערדן) · אונ׳ צו
אברהם האט ער גיזאגט אין בראשית י״ב (אונ׳ איך ווער בענשן דיין בענשר ·
אונ׳ דיין פלוכר ווער איך פלוכן אונ׳ מיט דיר ווערן זיך בענשן אלי גישלעכטר דר
ערדן) · אונ׳ בראשית י״ח (אונ׳ אברהם ווערט זיין אויין גרויש אונ׳ שטארק
פאלק אונ׳ מיט אים ווערן זיך בענשן אלי פעלקר דר ערד) : זא דז דיא טריפט
האט אונש ביקענט גיאמכט דז אזו וואול אז אן אנדרי הייליגי עלטרן איז בילובט
גיווארן דז אלי פעלקר דער ערדן ווערן זיך מיט זיא בענשן וויל זיא האבן אן
אלי פעלקר ביקענט גיאמכט וואס גאט איז אונ׳ זיין הייליקייט אונ׳ דז ער אויך
אלין הערשונג גיבט אונ׳ פון זיין אמכט · דען אבר אל וואו זיא גיגאן האבן
זיא דען נאמן פון גאט אן גירופן אזו דז ביזונדרליכי פעלקר זיינן גיקומן צו דיא
געטליכה וויסן שאפט ווענכה פר אורזאכט אן דיא דש פר שטין אין
אמרה אפטיגי בענשונג אונ׳ דיא ביגליקונג דר זילן · אזו זייכן זיא אך פר זיכרט
גיווארן דז אירי קינדר זיא נאך זיא ווערן קומן אך אין אירי טריט גין
אונ׳ ווערן טון וויא דיא עלטרן האבן גיטאן · גלייך בראשית י״ח (דען איך
הב אים ליב וויל ער ווערט גביטן אן זיין זין אונ׳ הויז גזינר דיא נאך אים ווערן
זיין דז זיא זאלן היטן דען וועג פון גאט צו טון גירעכטיקייט אונ׳ גריכט · דעמ
וועגן ווערט גאט ברענגן אויף אברהם וואש ער האט פון אים גירעדט) · אונ׳
ישעי׳ נ״א (קוקט צו אברהם אייער פאטר אונ׳ צו שרה דיא אייך האט גוואונן
דען איך האב אים אליין גירופן אונ׳ האב אים גיבענשט אונ׳ פר מערט) · אונ׳
עש איז ביקענט דז קיין בענשונג אודר ביגליקונג פון דיא זיל קומט אויף דיא
פעלקר דר וועלט אז דורך מיטל פון דש פאלק ישראל · גלייך דיא טריפט אין
פיל ערטר בילייגט אונ׳ איך וויל אין טייל דר פון מעלדן : אין במדבר י׳ שטיט
(אונ׳ אז דוא ווערשט מיט אונש גין זוא ווערן מיר דיר מיט טיילן פון דש גוטש וואש
גאט ווערט מיט אונש טון) · אונ׳ ישעי׳ י״ד (דען גאט ווערט זיך דר בארמן
איבר יעקב אונ׳ ווערט ווידר אויש דר וועלן אן ישראל אונ׳ ווערט זיא שטעלן אויף
איר ערטרייך אונ׳ דר פרעמדר ווערט זיך צו זיא ביהעפטן אונ׳ זיא ווערן זיך פיגן
ביים דש הויז גזינר פון יעקב) · אונ׳ ישעי׳ נ״ו (אונ׳ דיא קינדר דר פרעמדן

דיא

דיא זיך ווערן צו גאט ביהאפֿטן אום אים צו דינן אונ' דען נאמן פֿון גאט ליב
האבן אונ' קנעכֿט פֿר אים צו זיין · איין איטלכר דער דען שבת היט דז ער
אים ניט ענטהייליגט אונ' דיא אן גרייפֿן אן איין פֿרבונד · דיא ווער איך
ברענגן צו מיין הייליגן בערג אונ' ווער זיא דר פֿריאן אין דעם הויז פֿון איין
גיבעט) · אונ' ישעי'ה (אונ' דיא פֿעלקר ווערן גין בייא דיין ליכט אונ' דיא
קיניגן בייא דיא שיין פֿון דיין גלאנץ) · אונ' זכריה ב' (אונ' פֿיל פֿעלקר ווערן
זיך אן דען זעלביגן טאג צו גאט ביהעפֿטן אונ' ווערן איר זיין צו איין פֿאלק אונ'
איך ווער וואונן דיר ווארן אונ' דען ווערסטו וויסן דז גאט דר הימל שארן האט
איך צו דיר גשיקט) · אונ' זכריה ח' (אזו האט גיזאגט גאט דר הימל שארן אין
דיא זעלביגי טעג ווערן פֿון איין אידרה שפראך דר פֿעלקר צעהן מאנן אן גרייפֿן
אן איין עק פֿון דש קלייד פֿון איין יהודי אונ' ווערן זאגן לאזן איר מיט אייך גין דען
איר האבן גיהערט דז גאט איז מיט אייך) · אונ' תהלים ס"ז (גאט ווערט
אונש גינעדיג זיין אונ' בענשן · ער ווערט אונש אויבגליך מיט זיין אן גיזיכט
לייכטן · דז מאן ווערט אונטר אלי פֿעלקר פֿון אים וויסן) אונ' וויא נאך וויטר
שטיט ביז צום ענד פֿון דעם מזמור · אונ' נאך פֿיל אנדר דער גלייכן פסוקים
וועלכֿי נאך בעסר ווערן ביטיידן ווערן אין דעם צווענציגשטן פרק פֿון דיזן ספֿר
מיט דיא הילף פֿון גאט יתברך:

# פרק יד בראשית מט

ער ווערט ניט אב טון דיא גוועלטיקייט פֿון יהודה אונ' דען טרייבר פֿון צווישן
זיין פֿיס ביז עש ווערט קומן שילה אונ' צו אים ווערט זיין דיא פֿר זאמלונג
דר פֿעלקר · דארויש זאגן דיא נוצרים דז אונזער פֿאטר יעקב האט
גיפראפֿעצייאט אויף דיא קומשט פֿון ישו דעם ער האט גינענט מיט דען נאמן
פֿון (שילה) אונ' זיין נבואה איז וואר גיווארן דז דיא רוט דש קיניגרייך ווער
ניט אב גיטאן פֿון ישראל ביז ישו איז גיקומן אונ' תיכף נאך זיין קומשט וואר דיא
רוט דש קיניגרייכֿש פֿון אייך אוועק גינומן גלייך וויא איר היינט זעהט:

ענטפרט היר אין שטרייטן זיא קעגן זיך זעלבשט · דען נאך דעם זיא
גלויבן דז ישו וואר אויז דעם שטאם פֿון יהודה אונ' וואר איין
קיניג איבר דיא יהודים · אלזו וואר דאך דש קיניגרייך פֿון יהודה ניט אב
גיטאן זעלבשט נאך זיין קומשט · אונ' וויא זאגן זיא דען דז נאך דיא קומשט פֿון
ישו איז דיא רוט פֿון דש קיניגרייך פֿון אונש אוועק גינומן · אונ' איר האבן שון
גיזעהן דז דיא רוט פֿון דש קיניגרייך וואר אב גיטאן פֿון יהודה אין דיא פֿר
וויסטונג פֿון דש ערשטי בית המקדש אז נבוזר אדן האט פֿר טריבן דען צדקיה
מלך יהודה וועלכֿר גילעבט האט פֿור דיא גיבורטה פֿון ישו הנוצרי בייא דיא

פֿיר הונדרט אונ׳ דרייסיג יאר · אונ׳ אין דיא צייט פֿון דש צווייאטה בית המקדש
האבן איר קיין קיניג גיזעהן דער דא האט גיהערשט איבר ישראל אויש דש
גישלעכֿט פֿון יהודה ניימרט איר קנעכֿט הורדוס אונ׳ זיין זין האבן נאך אים
גירעגירט ביז צו דיא פֿר ווישטונג פֿון דש צווייאטה בית המקדש · אונ׳ וויא קענן
זיא דען אויש ליגן דעם פסוק ( עש ווערט ניט אב גיטאן ווערן דר גיוואלד פֿון
יהודה ) דז דש קיניגרייך פֿון ישראל ווערט ניט אויף הערן ביז אן זיין קומשט
אונ׳ דז נאך זיין קומשט ווערט דש קיניגרייך פֿון זיא אויף הערן · דען דז דיא
טריפֿט זאגט עש ווערט ניט אב גיטאן ווערן דיא גיוועלטיקייט פֿון יהודה דש
איז צו פֿר שטין אויש דש גישלעכֿט פֿון יהודה · דען אונזר פֿאטר יעקבֿ ע״ה האט
אין זיין בענטשונג גיגעבן דיא הערשאפֿט צו יהודה איבר זיין ברידר אז ער זאגט
( אונ׳ זיא ווערן זיך צו דיר בוקן דיא קינדר פֿון דיין פֿאטר ) · אונ׳ דארום האט
ער אים גיגליכן צו איין ליב דער דא איז דר קיניג איבר דיא ווילדי טיר · אונ׳
דארום וואר דער באניר פֿון דיא שאר פֿון יהודה דער ערשטר צו ציהן פֿר אלי
אנדרי באנירן · אונ׳ נחשון דער הער איבר יהודה האט זיין קרבן אן דען ערשטן
טאג גיאופֿפֿרט · אונ׳ אין שופטים א׳ שטיט ( אונ׳ עש וואר נאך דען טוט פֿון
יהושע פֿרעגטן דיא קינדר ישראל אן גאט ווער זאל ערשט פֿון אונש ארויף גין
אום איט דען כנעני צו שטרייטן · זאגט גאט יהודה זאל ארויף גין ) · דש איז
צו פֿר שטין דז נאך דעם דער פֿירר דער פֿור זיא גינג וואר גישטארבן פֿרעגטן
זיא אן וועלכן פֿון דיא גישלעכֿטר זאל דיא רעגירונג דר הערשאפֿט זיין אונ׳ זאל
דען פֿור גאנג האבן · אונ׳ גאט האט זיא גיענטפֿרט דז עש זאל זיין אן דש
גישלעכֿט יהודה פֿאלגנט דיא בענטשונג פֿון יעקבֿ זיין פֿאטר · אונ׳ דברי הימים
א׳ ה׳ ( דען יהודה וואר גישטערקט איבר זיין ברידר אונ׳ וואר איין הער איבר
זיא ) · אונ׳ דש האט גיוועהרט ביז דוד המלך ע״ה דעם גאט האט אויש דר
ווילט צו איין קיניג איבר ישראל אויף איביג · גלייך דברי הימים א׳ כ״ח ( אונ׳
גאט דער גאט פֿון ישראל האט אן מיר אויש דר ווילט פֿון דש גאנצה הויז מיינר
פֿון איין פֿאטר צו זיין איין קיניג איבר ישראל אויף איביג · דען אן יהודה האט
ער אויש דר ווילט צו איין הער · אונ׳ אן דש הויז מיינר פֿון יהודה דש הויז פֿון מיין
פֿאטר אונ׳ אונטר דיא זין פֿון מיין פֿאטר איז זיין ווילן גיוועזן אום איך צו מאכן
קיניג איבר גאנץ ישראל ) אונ׳ פֿון דוד המלך ע״ה האט דש קיניגרייך גידיימרט
ביז צדקיהו מלך יהודה דער דא וואר אויש דען זאמן פֿון דוד המלך ע״ה אונ׳ דען
האט אויף גיהערט דש קיניגרייך פֿון דש גישלעכֿט יהודה אונ׳ בליבן נור איבר פֿון
דען עלביגן זאמן גראבן אונ׳ הערן אונ׳ אובערשטן די זיא אין גלות האבן אונ׳ דיא
ווארן ( מחוקקים ) שרייבר גינענט · אונ׳ די רעגירטן איבר זיא אזו לאנג אז דש
גלות בבֿל האט גיוועהרט אונ׳ אין דיזן גלות וואורין איר איינר זיין אונ׳ אך אזו
לאנג אז דז צווייאטה בית המקדש האט גישטאנדן · אונ׳ אך זעלבשט אין דיא
צייט

לייט פון דיא רעגירונג דר כהנים אונ׳ איר קנעכט האבן ניט אויף געהערט ד
הערן אויז דען זאמן פון דוד פון דיא אב קומט פון זרובבל גלייך פר שטע
ווערט אין סדר עולם זוטא · אונ׳ דז איר פינדן דז צום ערשטן האט ש
גיהעגירט אונ׳ דער וואר ניט אויז דש גישלעכט פון יהודה ניימרט פון בנימין
דש וואר דארום וויל צו דער צייט האט עש גאט ניט וואול גיפאלן דז זיא הא
איין קיניג הון גיהייסן דארום האט ער ניט גיוואלט אז איינם איבר זיא שטט
דער דא זאל זיין אויז דעם שבטים גישלעכט אויף וועלן דש בישטענדיג
קיניגרייך איז בילובט גיווארן · ניימרט ער האט איין קיניג איבר זיא גישטעל
קענן זיין ווילן דז דש קיניגרייך זאל אין איין קורצה נייט אויף הערן · גלייך
הושע י״ג (איך ווער דיר איין קיניג געבן אין איין צארן אונ׳ ווער אים ווידר
וועק נעמן איט איין גרים צארן) · דען ער וואר גיטיט איט זיין זין אונ׳ ד
קיניגרייך וואר פון אים אויף גיהערט · אונ׳ דש וואר וויל זיא ביגערטן איי
קיניג אין דיא צייט פון שמואל דר נביא פון גאט וועלכר איר ריכטר אונ׳ פיר
וואר · אונ׳ דארום שטיט אין שמואל א׳ ח׳ (זיא האבן דיך ניט פר שמעה
נייארט איך האבן זיא פר שמעהט פון צו קיניגן איבר זיא) · אונ׳ גלייך וואו
וואר זעלבשט אין דיא צייט פון שאול דיא הערטשאפט אונ׳ רעגירונג ניט גווי
פון דש גישלעכט פון יהודה · דען דוד האט ישראל אויז אונ׳ איין גפירט · גלייך
שמואל ב׳ ה׳ (וויל שאול וואר נאך איין קיניג איבר אונש וואר שטו דער אויז
אונ׳ איין פירר פון ישראל) · אונ׳ דז ער זאגט דער אויז אונ׳ איין פירר דש א
ער וואר דער רעגירר אונ׳ דער הערט · אונ׳ דער גלייכן שטיט אין במדבר כ
(אונ׳ דער זיא זאל אויז אונ׳ איין ברענגן אונ׳ דז דיא גימיין פון גאט זאל ניט זיין
אז איין שאף דז קיין הערט האט) · דארום איז דיא רעכטי אויז לייגונג פון דען
פסוק (עש זאל ניט ווערן אב גיטאן דיא רוט פון יהודה) דז עש זאל ניט ווערן
אב גיטאן דיא רוט פון דש קיניגרייך פון יהודה אזו לאנג אז דיא צייט פון דש
קיניגרייך ווערט גיוועהרן · (אונ׳ דער שרייבר פון צווישן זיין פיס) דש אי
עש ווערט קיין אאל אויף גין דיא שרייבר דש זיינן די חכמים אונ׳ סופרים וועלכ
ווערן רעגירן אונ׳ הערשן אויז דען זאמן פון יהודה אין דיא צייט פון גלות · דען
דיא הערן אונ׳ אובערשטן דיא איבר זיא רעגיהטן אין דיא צייט פון גלות די וואר
פון דיא קינדר פון דוד · וויל דיא אייניקלי פון אונזר פר טריבני וואר אויז דש
גישלעכט פון יהודה · אונ׳ דיא אייניקלי אונזר זיא וואר אויז דען זאמן פון דוד
המלך ע״ה אונ׳ דיא וואר גילערנטי לייט אונ׳ דיא דא אאול ווושטן צו מורטיין
אונ׳ דש וואר דיא חכמים אונ׳ ספרים דארום האט ער זיא גינענט (מחוקק)
שרייבר גלייך וויא אך משה רבינו ע״ה דער הערר איבר דיא נביאים (מחוקק)
גינענט ווערט · גלייך דברים ל״ג (דען דארטן איז דש טייל (מחוקק) פון דען
שרייבר פר בארגן) וויל ער וואר איין הערשר אונ׳ רעגירר פון דיא תורה ·

אזו אך וואש אין שופטים ה׳ שטיט ( פון אליר זייגן הער גיקומן (אחוקקים)
דיא שרייבר · אונ׳ פון זבולן דיא דא ציהן מיט דיא פען פון דען שרייבר ) · דש
איז צו פר שטין דיא חכמים אונ׳ סופרים די דא ווארן הערשן אונ׳ רעגירן איבר
זיא · אונ׳ דז אין דעם פסוק שטיט ( פון צווישן זיין פיס ) דש איז פון זיין זאמן ·
גלייך דברים כ״ח ( דז דא אויז גיט פון צווישן איר פיס ) אונ׳ שמות א׳ ( דיא
דא גינגן אויז דען דיכט פון יעקב ) · אונ׳ אמט ווייטר שטיט ( ביז שילה ווערט
קומן ) · דש איז צו פר שטין זיין יונגשטר זון אונ׳ דש איז זיין צעלטר זון · גלייך
דברים כ״ח ( ובשליתה ) זאגט דער תרגום אונקלוס ( אונ׳ איר קלענשטן זון ) ·
דש גיט אויף דען אלך המשיח אויף וועלכן איר המפן דער ווערט פון זיין זאמן
אויף שטין אין דיא צעלטי טעג · אונ׳ דז ער זאגט ( ביז שילה ווערט קומן ) דש
איז אן ניט פר שטין דז נאך זיין קומשט ווערט דש מלכות אב גיטאן ווערן פון
יהודה · ניימרט אן אז דש פר שטין גלייך בראשית כ״ח ( דען איך ווערדיך
ניט פר לאזן ביז איך ווער האבן גיטאן וואש איך דיר צו גיזאגט הב ) · אונ׳ דר
נאך ווערט ער אים אך ניט פר לאזן · אונ׳ דברים ז׳ ( עט ווערט קיינר פר
דיר בישטין ביז דוא ווערשט זיא האבן פר טילגט ) · דש איז אן פר שטין דז
ווען דוא ווערשט זיא שון האבן פר טילגט ווערט אוך קיינר קענן פר דיר
בישטין · אזו אך ווען שון שילה ווערט גיקומן זיין ווערט דאך דש קיניגרייך פון
יהודה ניט אב גיטאן ווערן · אונ׳ דז ווייטר שטיט ( אונ׳ צו אים ( יקהת ) ווערן
זיך איין זאמלן דיא פעלקר ) · דש איז דז צו אים ווערן אלי פעלקר גיהורזאם
זיין · גלייך משלי ל׳ ( ליקהת אם ) דש איז צו דיא גיהורזאמהייט פון דיא
מוטר · אונ׳ פון אים שטיט אין דניאל ז׳ ( אונ׳ אלי הערשאפטן ווערן אים דינן
אונ׳ גיהורזאם זיין ) :

## פרק טו דברים יד

דוא זאלשט קיין אונווערדיקייט עסן · דש פיך אז מאגשטו עסן · דאריבר
דישפוטירן דיא גלחים קעגן אונש דז אונש אין דיא געטליכה תורה
איז פר באטן פון אונרייני טיר צו עסן וועלכש איר אך האלטן: זאגן זיא עט שטיט
אין און גליון אין מטיאש פרק ט״ו דז וואש אין דש מענטשן אונד גיט דש אמלכט
אים ניט אונריין ניימרט וואש אויש זיין אונד גיט · אלזו דז איר אייך אום זאנשט
היט פר דיא פר באטנה שפייז :
ענטפרט דש איז גוויש דז ווען איינר אופט גיהינדרט ווערט פון איין שפייז
צו עסן ווען שון עש גשיכט ניט פון וועגן קלוגהייט גשיכט עש
אום צוייא אורזאכן האלבן · דש איינה איז דז דיא שפייז איז גאר חשוב אונ׳
קאשטליך אונ׳ דער דר פון עסן זאל איז איין שלעכטר גרינגר מענש · אונ׳ דש

אנדרי איז פֿר קערט דז דיא שפייז איז שפֿאל אונ׳ דר אמן איז צו חשוב דר צו אוש
אצלכֿי גרינגה שפייז צו עסן · נוא קענן דיא נוצריק ניט זאגן דז דיא טיר זיין
אונט דארום פֿר באטן וויל זיא אונגש צו חשוב זיין אונ׳ איר זייגן צו גרינג דר צו
דען דיא שריפֿט ווייזט אונגש דאך דש קענן טייל דז וויל זיא אונריין זיין אונ׳ איר
הייליג דארום זייגן זיא אן אונגש פֿר באטן אבר פֿר גרינגי אעסן זייגן זיא ניט
פֿר באטן · גלייך דיא שריפֿט ביליגט אין ויקרא י״א (עט איז אונריין צו אייך)
דש איז פֿר אייך זייגן זיא אונריין וויל איר הייליג זייט אבר פֿר זעלכֿי דיא ניט
הייליג זיין זייגן זיא ניט אונריין · אוך שטיט ווייטר (איר זאלט אייערי זילן ניט
פֿר אונרייניגן אויט אל דש קריכֿנדי טיר וואש דא ווירקט אונ׳ איר זאלט אייך
ניט דר איט פֿר אונרייניגן אונ׳ דורך זיא פֿר אונרייניגט ווערן דען איך בין גאט
אייער גאט אונ׳ איר זאלט אייך הייליג האלטן אונ׳ הייליג בלייבן דען איך בין הייליג
אונ׳ איר זאלט אייער זילן ניט פֿר אונרייניגן אויט אלירלייא קריכֿנדי טיר וואש
אויף דיא ערד קריכֿט) · אונ׳ ויקרא כ׳ (אונ׳ איר זאלט אונטר שיידן צווישן דש
ריינה פֿיך אונ׳ דש אונרייניה אונ׳ צווישן דען אונריינן פֿוגל אונ׳ דען רייגן אונ׳ איר
זאלט אייערי זילן ניט פֿר אונרייניגן אויט דיא פֿיך אודר פֿיגל אונ׳ אויט אליס
וואש אויף דיא ערד קריכֿט וועלכֿש איך האב אייך אב גישיידן צו פֿר אונרייניגן·
אונ׳ איר זאלט פֿר איר הייליג זיין דען איך גאט בין הייליג אונ׳ איך האב אייך אב
גישיידן פֿון דיא פֿעלקר דז איר זאלט פֿר איר זיין) · אונ׳ דברים י״ד (איר זייט
קינדר צו גאט אייער גאט · איר זאלט אייך ניט קראצן אונ׳ קיין קאלונג אאכֿן
צווישן אייער אויגן אוס וילן איין טוטן דען דוא ביסט איין הייליג פֿאלק צו גאט
דיין גאט אונ׳ אן דיר האט גאט אויש דר ווילט פֿר איס צו זיין איין גליבט פֿאלק
אויש אלי פֿעלקר דיא אויף דיא ערד זיין · דוא זאלשט קיין אונוועדיקייט
עסן) · אונ׳ ווייטר זאגט ער (איר זאלט קיין נבלה עסן · צו דעם גר דער אין
דיין שטעט איז זאלשטו זיא געבן אונ׳ ער זאל זיא עסן אודר אן איין פֿרעמדן פֿר
קויפֿן דען דוא ביסט איין הייליג פֿאלק צו גאט דיין גאט · דוא זאלשט דש
ציקלין ניט קאכֿן אין דיא אילך פֿון זיין אוטר) · זוא קענשטו זעהן דז אל דיזי
פסוקים בילייגן אונ׳ גיבן צו גלייך צו קענן דז דיא טיר וויל זיא אונריין אונ׳ צו
טעכֿט זיין דארום זייגן זיא פֿר באטן אן ישראל וויל זיא הייליג אונ׳ דיא קינדר
פֿון גאט זיין · דען איין אונריינה שפייז פֿר אונרייניגט דען לייב פֿון דעם
דער זיא עסט · אונ׳ נו דש לייב איז אונריין ווערט דיא זיל וואש דרינן איז אך
פֿר אונרייניגט · אונ׳ איין אונריינה זיל דיא קענן ניט קואן וואו הייליג איז · דש
איז זיא קענן ניט קואן צו גאט דער זיא האט גיגעבן נייארט זיא ווערט פֿר
שניטן פֿון איר וואונונג · אונ׳ דארום פֿון זעלכֿי פֿעלקר דיא זעלכֿי או ריינה זאכֿן
עסן שטיט אין ישעי׳ ס״ו (דיא דא עסן דש פֿלייש פֿון חזיר אונ׳ אונרייני טירן
אונ׳ אייז דיא ווערן צוגלייך פֿרגין זאגט גאט) · אונ׳ נאך דעם אן בישייך

איז אויש דיא געטליכה תורה דז דיא אונרייניגה שפייז פר אונרייניגט דען
לייב פון דעם דער זיא עשט · דארום ווש דיא נוצרים ווילן בווייזן אויש איר
אוון גליון דז ווש דא גיט אין דען מונד דש טמאכט אים ניט אונריין
נייארט ווש אויש זיין מונד גיט דש איז קיין פשטה רעדן · וויל זיא שטרייט
קעגן דיא שריפטן דיא אין דיא תורה שטין · דען ווען דש אזו ווער אז וויא זיא
זאגן דז איין אונרייניגה שפייז דיא אין מענטש מונד גיט דיא פר אונרייניגט
אים ניט · ווארום האט דען גאט אין פיל ערטר אין דיא תורה גבאטן דז מן
זאל קיין אונרייני שפייז עשן גלייך וויא ער זאגט (אונ' איר זאלט אייך ניט אן
זיא פר אונרייניגן אונ' דורך זיא פר אונרייניגט ווערן) · דר נאך זאגט ער
ווידר (איר זאלט אייער זילן ניט פר אונרייניגן מיט אלירליי קריכנדי טיר) ·
אזו דז אויש אל דיזי פסוקים ווערט פר שטאנדן דז איין אונרייניגה שפייז דיא
פר אונרייניגט דען לייב אונ' דיא זיל גלייך אובן גימעלדט איז · אונ' וויל דש נון
אזו איז ווער וויל זיך דען דר ווען קעגן זיין ריד צו שטרייטן אונ' צו אורטיילן קעגן
זיין ביפעל אונ' אותר צו מאכן ווש גאט האט פר באטן · אונ' ווען איין אונרייניגה
שפייז די דען מענטש דורך זיין מונד גיט זעלט אים ניט פר אונרייניגן · ווארום
האבן דען דיא אפוסטולן אין מעשה אפוסטולורום פר באטן ווש דר שטיקט איז
אונ' דש בלוט · אן קעגן דאך איין עקסעמפל נעמן פון אדם הראשון דער אין
קיינרליי ווערק האט גיזינדיגט אז נור אליין מיט עשן · אונ' ווען ער האט
גיזינדיגט וויל ער האט נור איין זאך גיגעשן ווש אים פר באטן ווער אונ' האט
עש נור איין מאל גיגעשן · נאך פיל מער זינדיגן דיא פון אלירליי אונרייני
שפייך עשן אונ' אלי צייט · אך קען מן בווייזן דז ווש מטיאש אונ' מרקוש זאגן
דז ווש אין דש מונד פון מענטשן קומט דש פר אונרייניגט אים ניט נייארט ווש
אויש זיין מונד גיט · דש קען אויך קיינרליי וויז ניט וואר זיין · דען איך
זעלבשט דיא רייני טראנק ווען זיא טרונקן מאכן גלייך אז ווין אונ' זגט אנדרי
שטארקי טראנק ווען זיא קומן צו פיל אין מונד דש מענטשן ווערן זיא אים זונדר
צווייפל אונריין מאכן גלייך אך פון דיא לוטרן בילייגט ווערט · אזו אך ווען
אויש דען מונד פון דעם מענטשן גין דיא ריד פון דען לעבנדיגן גאט אונ' דז ער לובט
אונ' דאנקט גאט יתברך אודר קלוגי אונ' טרוסט ריד אודר אנדרי זאכן דיא
ניטיג זיין צו דש מענטשן לעבן · דיא ווערן אים דאך חס ושלום ניט פר אונרייניגן
נייארט ווערט פון אים גיזאגט ווערן דז ער איין פרומר אונ' איין הייליגר מאן
איז אונ' איר פינדן דז דיא שריפט בילייגט אין דיא פראפעצייאונג פון זכריה
דז אין דט צו קומנדי ווערן אך דיא אנדרי פעלקר קיין בלוט אונ' אונרייני אונ'
גרייליכי טיר עשן · גלייך זכרי' ט' (אונ' איך ווער אים זיין בלוט אב טון פון
זיין מונד אונ' זיין אונרייני שפייז פון צווישן זיין צען) · גלייך דאר פון בילייגט
האט דר חכם דר לעטער מיבר זעלבר פון דיא נוצרים סיאן בודני דז ער דארשן

האט בישייען דיזן פסוק · גיב אכטונג דרויף:

# פרק טז דברים כז

**פר** פלוכט זאל זיין דער דא ווערט דיא ריד פון דיזה תורה ניט בישטעטיגן אוס זיא צו טון אונ' דש גאנצה פאלק זאל אמן זאגן · אויף דיזן פסוק ווערפן אונש דיא נוצרים פור דז דיא תורה פון משה פר פלוכט דעם זעלביגן דער דא ווערט ניט האלטן אל דיא מצות דיא אין דיא תורה שטין · אונ' די מצות פון דיזה תורה זיינן זער פיל דז ניט מיגליך פון מייך קען אלי מצות האלטן דארום זייט איר אלי גיפלוכט:

**ענטפרט** אויף דעם פסוק איז ניט צו פר שטין דז ער זאל גיפלוכט זיין דער דא ווערט ניט האלטן אל דיא מצות עש זייא וואש אן זאל טון אדר וואש אן טאר ניט טון אלש וויא אין תורת משה גישריבן שטיט גלייך וויא זיא זאגן · דען דש איז ניט מיגליך דז איין מענש אין דער וועלט זעלט קענן אלי מצות האלטן · דען זעלבשט משה רבינו ע"ה וועלן שון דז דורך אים איז דיא תורה וואָרן גיגעבן אונ' דז קיין נביא איז זיינש גלייכן גיוועזן האט ער דאך ניט קענן אלי מצות האלטן איז נור אליין דיא אים צו האנדן קאמן ווייל ער נאך וואר אויסר ארץ ישראל אבר דיא מצות דיא דא אין גיהאלטן ווערן אין ארץ ישראל דיא האט ער ניט גיקענט האלטן ווייל זיא אים ניט צו האנדן קאמן · אזו שבן דיא אנדרי קינדר ישראל ווארן ניט בישולדיגט ווען זיא האבן ניט גיהאלטן זעלכי מצות וואש זיא ניט צו האנדן קואן אונ' האבן דיא גילעגנהייט ניט דער צו · אונ' ווען שון זיא קאמן זיא צו האנדן אונ' העטן דיא גלעגנהייט דר צו · ווען זיא זעלטן איין טייל מצות לאזן פר בייא גין ווייל דר מענטשליכי נאטור אונ' דר יצר הרע זיא איבר שטערקט · ווען זיא אבר דר נאך חרטה קריגן אונ' קערן ווידר צו גאט מיט איין אויף ריכטיגה תשובה · דיא ווערן גאר ניט גיפאנגן אין דיא נעצן פון דיא פלוכונג · דען עש איז קיין מענש אזו גירעכט אויף דיא ערד דז ער זעלט אייטל גוטש טון אונ' זעלט ניט איינמאל זינדיגן · אונ' דיא תשובה איז איין טריאק אונ' איין גינעזמיטל פר אלי שמערצן אונ' וויא טאג דר זינד · נעם דיר איין עקסעמפל פון דוד המלך ע"ה ווען שון ער האט גיזינדיגט דורך אוריה החתי אונ' האט גינומן זיין ווייב וואש דיא תורה האט פר באטן · אבר ווייל ער האט פול קומענטליך תשובה גיטאן ווארט ער ניט גיפלוכט נייארט ער ווארט גיבענטשט פון גאט מיט איין גנאדה אונ' איבריגליכה בענטשונג ביז ער האט מיט אים איין בישטענדיג פר בונד גימאכט אויף דש קיניגרייך דז עש זאל קיין מאל פר שטערט ווערן · גלייך ירמי' ל"ג (אזו האט גאט גיזאגט אזו ווינג אז איר קענט פר שטערן מיין ברית וואש איך הב גימאכט מיט דעם טאג אונ' דיא נאכט אונ' דז עש זעלט ניט זיין טאג אונ' נאכט אין איר צייט · אזו

זעלט

זאָלט אך איין בריתֿ פֿר שטערט ווערן וואש איך האב גיזאגט מיט דוד מיין
קנעכט דז ער זאָלט ניט האבן איין זון דער דא זאל רעגירן אויף זיין שטול ) ·
אונ' דער גלייכן האט אך זיין גירעכטיקייט גיהאלפֿן אין נחמה זייט דר נאך צו
זיין קינדר די נאך אים וואָרן אונ' צו גאנץ יהודה אונ' די אין וואונר פֿון ירושלים·
גלייך ישעי' ל"ז ( אונ' איך וויל בישיצן איבר דיזה שטאט צו העלפֿן איר פֿון
מיינט וועגן אונ' פֿון וועגן דוד מיין קנעכט ) דארויש קען מן קלאר זעהן דז
ווער ניט קען היטן אונ' טון מיין טייל מצות אדר דיא מיינשטה וייל זיא אים ניט
צו האנדרן קומן · אודר ווען שון איינר זאָלט איין טייל מצות איבר טרעטן פֿון
וועגן דיא שטארקהייט פֿון זיין לושט אונ' קריגט דר נאך חרטה אונ' ביקענט
זיין זינד אונ' ווייכט דר פֿון אב · דער קומט ניט חס ושלום אונטר דיא
גיפֿלוכטי · נייארט דער ווערט גיפֿלוכט זיין דער אן איין טייל מצות ניט גלויבט
דז זיא זיינן גיבאָטן פֿון דען לעבדיגן גאט · אודר דז אים דונקט דז איין
טייל מצות קומן ניקש צו נוץ · אונ' דארום ווען זיא אים טון צו האנדרן קומן
וויל ער זיא ניט אן נעמן צו טון · אזו דז דיא ווערטר (לא יקים) זיינן צו פֿר
שטין ער וויל זיא ניט אן נעמן · גלייך אסתר ט' (קימו וקיבלו) (זיא האבן
ביפֿעשטיגט אונ' אן גינומן אויף זיך אונ' אויף איר זאמן) · אונ' דארום זאגט
ער (פֿר פֿלוכט איז דער ניט אן נעמט דיא ריד פֿון דיא תורה אום זיא צו טון) ·
אונ' ער זאגט ניט פֿר פֿלוכט איז דער ניט ווערט ביפֿעשטיגן אודר טון אל דיא
ריד פֿון דיא תורה גלייך וויא זיא זאגן · דען ער וויל ווייזן דז עש גיט נור
אויף אזו איינם דער פֿון זיך אב ווייסט דש יאך פֿון איין טייל מצות · דען מיט
דעם דז ער זאגט (אום זיא צו טון) גיבט ער צו קענן דז ער מיינט אזו איינם
דער זיא ניט וויל אן נעמן ווען זיא אים שון צו האנדרן קומן · אזו אך וואש דא
שטיט אין דברים כ"ח (אונ' עש ווערט זיין אז דוא ווערשט ניט פֿאלגן דיא
שטים פֿון גאט דיין גאט צו היטן אונ' צו טון אל זיין גיבאט אונ' גיזעץ וואש איך
דיר הייגט גיביט · דען ווערן איבר דיך קומן אל דיזי פֿלוכגן אונ' ווערן דיך
גירייכן) · דש אויז אן ניט פֿר שטין דז ווען ער ווערט ניט היטן אונ' טון אל
דיא מצות זונדר איינה דר פֿון צו אנטגין דז עש זאָלטן דארום דיא קללות איבר
אים קומן · נייארט דש איז אזו פֿר שטאנדן ווערן · דז ווען ער ווערט ניט
גיהארזאמן דיא שטים פֿון גאט דש איז ער ווערט דארום ניט היטן אונ' טון דיא
מצות וויל ער ניט גיהארזאם זיין נאך דיא שטים פֿון גאט אונ' ווייסט פֿון זיך
אב דש יאך פֿון זיין קיניגרייך · דען ווערן איבר אים קומן אל דיזי קללות ווען
ער ווערט ניט דער נאך ווידר קערן צו גאט מיט איין רעכטי תשובה· אונ' דש
איז ביקענט דז וייל גאט האט זיין פֿאלק ליב דארום האט ער אן זיא זיין תורה
גיגעבן אונ' ניט צו זיין פֿארטייל נייארט צו איר פֿארטייל אונ' טובה · אונ'
ער האט זיא דארום ניט אזו פֿיל מצות גיגעבן אום איר לושט צו בישווערן נאר

זיא דריבר צו שטראפֿן אונ׳ חס ושלום אירי זעלן אין גיהנם צו לאזן קומן · נייארט
אום איר צו צו פֿר געבן אונ׳ איר ווערדיקייט צו פֿר גריסן אין עולם הבא ·
דען ווען טון איין ישראל נור איין מצוה רעכט האלט פֿון גאטש וועגן האט ער איין
חלק אן עולם הבא · אונ׳ ווען אבער מצות דז איינר האלט אז פֿיל אבער ווערט זיין לון
זיין אונ׳ זיין מעלה דר הינֿט ווערן פֿר גרסט · אונ׳ פֿון דעסט וועגן האט משה
רבינו ע״ה פֿר לאנגט אין ארץ ישראל צו קומן ווייל עס זיינן פֿיל מצות דיא
אנדרשט ניט קענן גישעהן אז אין ארץ ישראל אונ׳ ווען ער ווערט דיא מצות אך
טון זעלט ער קענן צו איין גרעסרי מעלה קומן אין עולם הבא · נאך אבר קען
מן זעהן דז דיא צוועלפֿ פֿלוכנגן דיא אין דיזה פרשה שטין וועלכי גישטעלט זיין
קעגן דיא צוועלפֿ גישלעכטר פֿון ישראל · דיא זיינן אלי גיזאגט פֿון ביזונדרליכי
עבירות וועלכי הייאליך גישעהן · גלייך ער האט אין אין פֿאנג בישיידליך גיזאגט
(אונ׳ ער ווערט עס טון אין פֿר בערגניש) · דען ווען ער זעלט עס אופֿן
באורליך טון זעלט ער זיין שטראף אנטפֿאנגן פֿון דש בית דין · אונ׳ דז ער
זאגט (דער דא שלאגט זיין גיזעלן הייאליך) דש גיט אויף איינם דער לשון
הרע זאגט אויף זיין חבר דער שלאגט זיין חבר הייאליך דז דר אנדרר ניקט דר
פֿון וייש · גלייך אך שטיט אין תהלים ק״א (ער פֿר ראט זיין גיזעלן אין פֿר
בערגניש) · אונ׳ דש אין ניט זאל פֿר שטין דז ער רעט פֿון איינם דער זיין
חבר שלאגט מיט זיין הענט וועלכר שלאק אופֿן באורליך גישיכט · דארום
זאגט ער דר בייא דש ווארט (בסתר) הייאליך · אונ׳ אזו אך דער ניט וויל
אן נעמן איין טייל מצות צו טון ווייל ער זיא ניט אכט אונ׳ זיינן פֿר ניקט גירעכנט
אין זיין אויגן · דש איז אך איינה פֿון דיא הייאליכה עבירות גלייך דיא דארטן
גישריבן שטין · דער כלל פֿון דיא זאך איז דז דיא תורה וויל זאגן אין דיזי
צוועלפֿ פסוקים וויסן לאזן דז גלייך אז איינר דער אופֿן באורליך איין עבירה טוט
דער ווערט גישטראפֿט פֿון דש אונטרשטה בית דין · אזו אך דער הייאליך
איין עבירה טוט דער ווערט גישטראפֿט ווער פֿון דש איברשטה בית דין דז
ער ווערט פֿר פֿלוכט ווערן פֿון גאט אז ער ווערט קיין חרטה האבן אונ׳ ווערט
קיין רעכטה תשובה טון · גלייך דאר פֿון בישיידליך שטיט אין דברים כ״ט (דיא
פֿר בארגיני זאכן דיא זיינן בייא גאט אונזר גאט אונ׳ דיא אופֿן באורי זיינן צו
אונש אונ׳ אונזר קינדר ביז איביג צו טון אל דיא ריד פֿון דיזה תורה) · דש
איז דר רעכטר פֿר שטאנד פֿון דעם פסוק אעלכיש זיכרליך אזו איז פֿר שטאנדן
ווערן גלייך בייא אלי פֿר שטענדיגי לייט ביקענט איז · אונ׳ דיא נוצרים
דישפוטירן קעגן אונש אויש דעם פסוק זאגנדר דען אין האלט דר פֿון צו פֿר שטין
אבר איר קענן קעגן זיא ענטפֿרן פֿאלגנש דען רעכטן פֿר שטאנד פֿון דיא
שריפֿט · דען איר פֿינדן דז אם ענד פֿון אלי ביכר דש טון גלייכש שטיט אזו גשריבן
דען איך וואר שוין אן איין אויבן דער דא הערט דיא ריד דר פרופֿעצייאונגן

דיזר ביכר דז ווען איינר זעלט וואש דר בייא זעגן אדר אב צו אין דיא ביכר שטיט .
אויך דען ווערט גאט פר אערן דיא שטעק דיא אין דיא ביכר גישריבן שטין
אזו אך דער דא ווערט וואש פר אינרן פון דיא ריד וועלכי אין דיזי ביכר דר
פראפעלייאונגן שטיט דעם ווערט זיין טייל פר אינדרט ווערן אויש דען בוך
דש לעבנש אונ׳ פון דיא הייליגה שטאט אונ׳ פון דיא פר הייסונגן דיא אין דיזי
ביכר גישריבן שטין . אונ׳ דש איז ביקענט דז דיא נוצרים פר אערן אונ׳
פר אינרן פון דיא ביכר דש אין גלויבט . דען זיא האבן דר בייא גיזעצט דז
אן זאל איין טאג אין דיא וואוך האלטן אן שטאט פון שבת וועלכש זיא זיינן ניט
גיבאטן אין אין גלויבן אונ׳ אך ניט פון ישו אדר זיין שלוחים . אך פר אינרן
זיא אונ׳ האלטן ניט וואש איך פר באטן איז אין אין גלויבן אין אקטא אפוסטולורום
פרק ט״ו דז מן זאל קיין בלוט עסן אונ׳ פון קיין פֿיך דז דר שטיקט איז אונ׳ דש
האלטן זיא גאר ניט אונ׳ עסן בלוט אונ׳ פון דר שטיקטה בהמות גלייך ווייטר
ווערט ביטיידן ווערן אין פרק מ״ט פון דיזן ערשטן טייל אונ׳ אין דען לעצטן
פרק דש אנדרי טייל פון דיזן ספר :

# פרק יז

**אונ׳** דז איין טייל פון דיא חכמים דר נוצרים זאגן דז דיא ערשטי קללות דיא
אין פרשת אם בחוקותי שטין דיא זיינן גיזאגט פון דיא פר ווישטונג דש
ערשטי בית המקדש אונ׳ דארום זיינן אך טרישטליכי זאכן דרינן גישריבן גלייך
ויקרא כ״ו (אונ׳ איך ווער גידענקן אן איין ברית מיט יעקב אונ׳ אך אן איין
ברית מיט יצחק אונ׳ אך אן איין ברית מיט אברהם ווער איך גידענקן אונ׳ דיא
ערד ווער איך גידענקן) . אונ׳ ווייטר שטיט (אונ׳ איך ווער זיא גידענקן דען
פר בונד מיט דיא ערשטן דז איך הב זיא אויש גיצוגן פון דש לאנד מצרים פר
דיא אויגן דר פעלקר אום זיא צו איין גאט צו זיין איך בין גאט) . אזא דז דש
זעלט ביטייטן אויף דיא גידעכטניש פון דש צווייטה בית המקדש וועלכש דיא
דר לייזונג איז אויש גלות בבל . אבר דיא לעצטי קללות דיא אין כי תבא שטין
דיא וואהרן גיזאגט אויף דיא פר ווישטונג פון דש צווייטה בית המקדש אונ׳
דארום קומט קיין טרישטונג דר נאך וויל ישראל ווערן ניט דר לייזט ווערן אויש
דעם גלות :

**ענטפרט** דז דיא ערשטי קללות זעלטן נור אליין גיזאגט זיין פון דיא פר
ווישטונג דש ערשטי בית המקדש . דש קען פאלגנט ביוויז
דר טריפטן ניט וואר זיין . דען דיא שטראף ריד דיא אין (תורת כהנים)
דש איז ספר ויקרא שטין אין דען ערשטן ברית ווען שון זיא וואורן צום ערשטן
גיזאגט פון דיא פר ווישטונג דש ערשטי בית המקדש וויל זיך מיט דען זעלביגן

דש גלות האט אין גיהובן · וואר אך דרונטר בגריפֿן דיא פֿר ווישטונג פֿון
דש צווייטה בית המקדש אונ׳ נאך אנדרי לייד דיא אין ישראל זיין אין גלות
איבר גיקומן · אז אך אין דיא קללות דיא אין (משנה תורה) דש איז ספר
אלה הדברים שטין · ווערן אך דרינן פֿר מעלדט זאכן פֿון דיא פֿר ווישטונג
דש ערשטי בית המקדש גלייך דיא פסוקים זונדר ספק דרויף וויזן · דען אין
דיא ערשטי קללות אין ויקרא כ״ו שטיט (אונ׳ איך ווער פֿר ווישטן אייער
הייליקייטן) דש ווערט אער אז פֿון אייכן גיזאגט אונ׳ דש קען אנדרשט ניט
אויש געלייגט ווערן אז אויף דש ערשטה אונ׳ דש צווייטה בית המקדש · אך
קען אין דש ווארט (מקדשיכם) אייער הייליקייטן ניט אויש לייגן פאלישן גלייך
עמוס ז׳ (דען דש איז דיא הייליקייט פֿון דען קיניג) אונ׳ דש ווערט גיזאגט פֿון
דען פאליש פֿון אלך · דש קען ניט זיין · דען ווייטר שטיט (אונ׳ איך
ווער ניט ריכן אייער זענפֿטיג גירוך) אונ׳ דש גיט אויף דיא קרבנות דיא אין
האט גיאופֿפֿרט אין דיא צווייא הייליגי הייזר · אזו אך אין דיא צווייטי קללות
אין דברים כ״ח שטיט (גאט ווערט געבן דז דוא ווערשט גיפלאגט ווערן פֿון
דיין פֿיינד · אין איין וועג ווערשטו אים גין אונ׳ אין זיבן וועג ווערשטו פֿר
אים פֿליהן) · אונ׳ דש איז זונדר ספק ניט גיוועזן אין דיא צייט פֿון דש
צווייטה בית המקדש · דען דש זעלביגש מאל וואר דיא מאכט פֿון דיא
יהודים שטארק אונ׳ איר גבורה וואר אזו גרוש דז אל דיא מאכט דר רוימיש
האר בייא זיא ניקש גימאכט · גלייך יוסף בן גוריון דר צילט אין פרק פ״ז ·
אונ׳ דיא רוימיש בילייגן דש אך אין אירי ביכר מיט קלארי בילייגניש · אבר
אין דיא צייט פֿון דש ערשטי בית המקדש איז דש גישעהן דז דיא פֿיינד
גיוועלטיגטן איבר זיא · גלייך אין ישעי׳ כ״ב דר נביא האט דריבר גיקלאגט
אונ׳ זאגט (אל דיין העררן זיין מיט אנאנדר פֿר וואגילט · פֿון דיא בוגן שיטר
ווארן זיא גיבונדן · אל דיא אן האט פֿון דיר גיפֿונדן ווארן צו גלייך גיפֿאנגן ·
פֿון ווייטן זיין זיא אנטלאפֿן) · נאך אז איר זאגן דז עש זיין צווייא גליות אוזן
איר אך זאגן דז עש זיין צווייא דר לויזונגן · דיא איינה אין דיא צייט פֿון דש
צווייטה בית המקדש אונ׳ דיא צווייטה דיא נאך ווערט קומן · אונ׳ וועלכר
פֿר שטענדיגר מאן ווערט דש גלויבן דז אין דש צווייטה בית המקדש איז איין
פֿולקומנטליכה דר לויזונג גיוועזט · דען דיא פֿר טריבני צעהן גישלעכטר ווארן
דאך צו דער צייט נאך ניט פֿר זאמלט · אז נור אליין צווייא אונ׳ פֿירציג טויזנט
אונ׳ דרייא הונדרט אונ׳ זעכציג מאן פֿון יהודה אונ׳ בניאמין דיא אויש בבל קומן
נאך ירושלים מיט רשות פֿון כורש דר קיניג פֿון פרס · אונ׳ אך דיא אין בבל
ווארן זיין ניט אלי הרויף גיקומן נייארט דיא איינטשטי זיין דארטן גיבליבן ·
אונ׳ אך דיא נאך ירושלים גיגנגן דיא ווארן דארטן ניט פֿרייא דען זיא האבן
דארטן אונדינגן מדי אונ׳ פרס · גלייך נחמי׳ ט׳ (איר זיין היינט קנעכט

אונ׳ דש לאנד וואש דא האט צו אונזר עלטרן גיגעבן אום איר פֿרוכֿט אונ׳ גוטש
צו עשן זיין איר קנעכֿט דרינן · אונ׳ איר פֿרוכֿט ווערט פֿראערט פֿר דיא
קיניגן דיא דרינן זיין דיא דוא האשט איבר אונש גישטעלט פֿון וועגן אונזר זינד
אונ׳ זיא הערשן איבר אונזר לייבר) · אונ׳ דער נאך האבן זיא איין לאנגה צייט
גדינט דיא יונים אונ׳ דער נאך איין לאנגה צייט דיא רואיים · וועגן שון זיא האבן
צו צייטן ווידר שפעניגט קעגן זיא אונ׳ האבן איין קיניג איבר זיך גישטעלט ·
גלייך וואול האט קיינר איבר זיא גירעגירט אויש דען זאמן פֿון דוד אן וועאן דש
קיניגרייך צו קומט אין דיא צייט פֿון דיא דר לייזונג נייארט דיא חשמונאים דיא
דא וואורן אויש דש גישלעכֿט פֿון לוי אונ׳ פֿון דעם זאמן דר כהנים · אונ׳ דר נאך
האבן איר קנעכֿט גירעגירט דש וואר הורדוס אונ׳ נאך אים זיין קינדר ביז דש
צווייטה הויז וואר פֿר וויסט גלייך אובן גיזאגט איז · אך וואר אין דעם צווייטן
בית המקדש קיין ארון אונ׳ כפורת אונ׳ כרובֿים אונ׳ קיין אורים ותומים אונ׳ דיא
שכינה האט זיך ניט ביוויזן אונ׳ דר רוח הקודש אונ׳ אך ניט דש איל וואש אן האט
דר מיט גיזאלבט אונ׳ דש פֿייאר פֿון הימל · אזו דז קיינה פֿון דיא זאכֿן וואורן
אין צווייטן בית המקדש אונ׳ וויא קאן אן דען זאגן דז דש איין רעכֿטי גאולה וואר·
אונ׳ וואש אן גיט דז זיא האטן איין בית המקדש דש וואר נור אליין ווייל גאט האט
גיגעבן דז איר פֿענגר זאלן זיך איבר זיא דר בארמן אונ׳ האט דר וועקט דש
גמיט פֿון כורש דר אלך פֿון פרס דז ער זאל זיא רשות געבן דז זיא זאלן מעגן
ווידר קומן נאך ירושלים אום איין הויז צו בויאן אונ׳ גאט דרינן צו דינן אונ׳ זיין
דאך אונטר זיין מאכֿט גיבליבן · אזו ווען דר אלך ישמעאל דער איצונד רעגירט
אין ירושלים זאלט רשות געבן אן דיא יהודים דיא אין איין טייל דר לענדר פֿון
זיין קיניגרייך וואונן דז זיא זאלן מעגן ארויף גין נאך ירושלים אום איין הויז צו
בויאן פֿון גאטש וועגן מיט קאנדיליא דז זיא זאלן אל צייט אים אונטר טעניג
זיין זא וועך עש קיין וואונדר דז זיא זעלטן צו לייטן אן אים אורד זיין · אזו וואר
עש אך אין דיא צייט פֿון דש צווייטה בית המקדש · אבר דש וואר נאך אל
צייט אונטר דש ערשטה גלות גירעכֿנט · וועגן שון דז דש בית המקדש
וואש הורדוס האט גיבויט נאך דעם ער האט פֿיל בלוט פֿון ישראל פֿר גאסן
פֿון איר חכמים אונ׳ חסידים דש וואר איין שין לוסטיג הויז אונ׳ וואר מיט גרושי
רייכֿקייט גיבויאט אזא איז דאך קיין ספֿק דז דער הורדוס דער עש האט גבויאט
וואר אונטר טעניג צו דיא רואיים אונ׳ דורך זיא האט ער דיא רעגירונג גיקריגן
אונ׳ אויש דעם אליס איז צו ביווייזן דז דש ערשטי גלות האט גידיארט פֿון דיא
צייט דז אונזר היילינג אונ׳ צירליך הויז איז פֿר וויסט גיווארן דורך נבֿוכד נצר דר
קיניג פֿון בבֿל ביז אויף דען הייטיגן טאג · אבר וואש אן גיט ווארום דז אין
(משנה תורה) אין דברים כ"ח ניקט גידאכֿט איז פֿון דיא טרישטונג אונ׳
האפֿנונג דר גאולה תכלית נוך דען שלום פֿון די שטראף ריד גלייך אין (תורת כהני׳)

אין ויקרא כ"ו · דש איז דארום וויל דיא ריר פון דען פר בונד נאך ניט אויש
ווארן · דען תכלית דר נאך זאגט ער דז משה האט גירופן כל ישראל אום זיא
אין דען פר בונד צו ברענגן וויל זיא נאך שטונדן פר גאט · גלייך דברים כ"ט
(צו אנבן איבר פארן דיך אין דען ברית פון גאט דיין גאט אול אין זיין אייד) ·
אול האט דארט נאך אער זאגן דר ביא גיזאגט אין דיא בישווערונג דש פר
בונדש זאגר דיא ער האט שון פון צו פארן גיזאגט · אול תכלית נאך אל דיא
בישווערונגן דש פר בונדש האט ער גימעלדט פון די פול קומנטליכה טרישטונג
אול פון דיא רעכטה גאולה · גלייך דברים ל' (אול עש ווערט זיין אז אל דיזי
זאכן ווערן דיר איבר גיקומן זיין דיא בענטונג אול פלוכונג דיא איך הב דיר פור
גישטעלט אול דוא ווערשט עש דיר צו הערצן נעמן אונטר אלי פעלקר וואו גאט
דיין גאט האט דיך הין פר שטוסן אול ווערשט ווידר קערן צו גאט דיין גאט אול
ווערשט פאלגן זיין שטים נאך אלים וואש איך דיר היינט גיביט דוא אול דיין
קינדר מיט דיין גאנצן הערצן אול מיט דיין גאנצה זיל · דען ווערט גאט דיין
גאט ווידרקערן דיין גיפאנגנשאפט אול ווערט זיך איבר דיר דר בראמן אול
ווערט דיך פר זאמלן פון אלי פעלקר · וואו שון דיין פר שטוסונג זעלט זיין ביז
אן ענד דר הימלן ווערט דיך גאט דיין גאט פון דארטן אין זאמלן אול ווידר
הער נעמן · אול גאט דיין גאט ווערט דיך ברענגן אין דש לאנד וואש דיין
עלטרן האבן גיערבט אול דוא ווערשט עש ערבן אול ער ווערט דיר גוטש טון
אול דיך פר מערן מער אז דיין עלטרן · אול גאט דיין גאט ווערט בישניידן
דיין הערץ אול דש הערץ פון דיין זאמן צו ליב האבן גאט דיין גאט מיט דיין גאנצן
הערצן אול דיין גאנצה זיל וואו דורך דוא ווערשט לעבן · אול גאט דיין גאט
ווערט געבן אל דיזה פלוכן אויף דיין פיינד אול האסיר דיא דיך האבן נאך גיזאגט
אול אז דוא ווערשט ווידר קערן אול פאלגן דיא שטים פון גאט אול ווערשט טון
אל זיין געבאט דיא איך דיר היינט גיביט · דען ווערט דיך גאט דיין גאט לאזן
איבר בלייבן מיט אל דש ווערק פון דיין הענד מיט דיא פרוכט פון דיין בויך אול
דיין פיך אול מיט דיא פרוכט פון דיין ערטרייך צו גוטן · דען גאט דיין גאט
ווערט ווידר קערן אום זיך איבר דיר צו פרייאן צו גוטן גלייך וויא ער האט זיך
גיפרייאט איבר דיין עלטרן אז דוא ווערשט פאלגן דיא שטים פון גאט דיין גאט
צו היטן זיין געבאט אול זיין גיזעץ וואש אין דעם ספר התורה גישריבן שטיט דז
דוא ווערשט ווידר קערן צו גאט דיין גאט מיט דיין גאנצן הערצן אול מיט דיין
גאנצה זיל) · אזו קענשטו זעהן דז אלש וואש דא גישריבן שטיט דש ווערט
ערשט קומן דען דיזי פר היישונגן זיין נאך ניט גישעהן אין ערשטן אול נאך ניט
אין צווייאטן בית המקדש · אול דש ביטרעפט אלי טרישטונג · דען דר דינן
ווערט בילובט פון אונזר דר לייזונג אול דיא אויש לייזונג פון אונזר זילן וועלכי דיא
רעכטה פול קומנטליכה דר לייזונג איז אול דיא ווארהאפטיגה טרישטונג איז

דיא איר פֿר האפֿן אונ' ניט גלייך דיא טריסטונג פֿון וועלכי אין תורת כהנים גימאכט איז · דען דארטן גידענקט ער פֿון קיין דר לייזונג אונ' אוך ניט פֿון דיא אנדרי פֿר הייסונגן דיא אין דיזה פרשה שטין נייארט פֿון גירעכטיגקייט אליין אונ' דש גיט אויף דיא גירעכטיגקייט פֿונדש בויאן דש צווייטה בית המקדש · דען ווען שון זיא ווארן בראכט אויז נאך ירושלים צו וועגן גין · ווארן גלייך וואו דיא ארויז גיגנגן ניט ביפֿרייאט פֿון דיא דינשט דר פֿעלקרן דיא אבר זיא הערטן גלייך איר האבן ביטיידן · אונ' וויל איר נאך האבן ביוויזן מיט קלארי אונ' ווארהאפֿטיגי ביווייזה נאך דיא צעלטי קללות דיא אין משנה תורה שטין קומן גרושי טריסטונגן וואורין ביגריפֿן אויז דיא פֿר זיכרונג דר צו קומנדי דר לייזונג דיא כל ישראל ווערן אן גין · אלז דאש קיינר ניקט קענן אונש צו דישפוטירן · אז דז עס איז גאנץ גוויס אונ' זעלבשט פֿאלגט די איינונג דר קענן שטרייטרט דז עס ווערט אין אל גיאייגה ערלייזונג זיין אונ' איין אייביגי גאולה היין פֿר כל ישראל גלייך דיא אובן גימעלדטי טריסטן אויש וויזן:

# פרק יח

אונ' וואש דיא נוצרים דישפוטירן קענן דיא געטליכה תורה אונ' זאגן דז דיא תורת משה איז ניט גיקומן אום צו מאכן ערבן אן אירי היטר דיא ביגליקונג דר זילן דיא בישטענדיג בלייבט נייארט אליין דיא ביגליקונג דר פֿר גענקליכי לייבר גלייך אין פרשת בחקותי שטיט · אונ' דרום ווערטש ניט פֿינדן אין תורת משה אונ' אין קיין אורט פֿון דיא נביאים דז אירגנץ זעלט בילוינט ווערן פֿון דיא בילוינונג אודר בישטראפֿונג דר זילן נייארט פֿון די בילוינונג דש גוטש אודר בייז דר לייבר אליין:

ענטפֿערט וואש אן גיט דז דיא געטליכה תורה לייגט אן אין דיא איינשטה ערטר פֿון דיא לייבליכי פֿר גענגליכקייט · דש איז דרום וויל דר מענש בישטיט אויז צווייארלייא טייל דש איז דר לייב אונ' דיא זיל · אונ' דיא אלות זיינן אך גיטיילט אין צוויא טייל · דש זיינן דיא ווערקליכי אלות אונ' דיא מיט דען שכל אויז פֿר שטאנדן ווערן · אונ' דיא קען אין אנדרש ניט האלטן אז מיט דען גוף אונ' דיא זיל · דרום האט די תורה בילוינט אן דען גוף איין לייבליכי פֿר גענגליכקייט מיט קלארהייט אונ' ווייט לויפֿיקייט · וויל דיא לייבליכי תענוגים ווערן גיזעהן אונ' גפֿילט פֿון אלי זינן דורך דיא פֿינף ארלייא גפֿילן · אונ' וויל אבר דר תענוג פֿון דיא זיל פֿון קיינם קען בירייכט אודר גפֿילט ווערן דורך דיא לייבליכי גפֿילן וויל זיא נאך אין דיזה וועלט זיין נייארט מיט דעם שכל אליין קען עש פֿר שטאנדן ווערן וויל דש דיא ווייניגשטש פֿון דען שכל מיט ברענגט אויז זעלכי זאכן צו קענן פֿר שטין · דרום האט דיא תורה אך אין פֿיל ערטר

אן

אן דיא זיל בילייבט דיא פֿר געלטינוט אונ' בילונונג וואש דיא זיל ווערט האבן
אבר זער קארץ אונ' מיט קיין קלארי ווערטיר מיט גישריבן · דאר בייא אונז
אן וויטן דש דיא פֿול קומנהייט פֿון דען גוף דש מוז ערשט
זיין דז דער גוף מוז ערשט וואול גישטעלט זיין · אונ' דער נאך גיט דיא פֿול
קומנהייט דר זיל · אונ' דער מענש קען ניט מייער דר צו קומן דז זיין זיל זאל
גאנץ אונ' פֿול מאכט זיין אז דורך דיא פֿול מאכטהייט דש לייבש · דען ווען דר
מענש הונגריג אדר קראנק איז אדר ער איז זיך מלער · דען קען ער גאר
ניט טון דען ווילן פֿון זיין בישעפֿר · דארום האט דיא תורה בלובט אן דיא דא
ווערן דיא מצות האלטן מיר פֿרוכטן צו פֿר אעסן אונ' דז דיא לייבר ווערן גיזונד
זיין אונ' אלירלייא צרות אונ' פֿר דריסיקייט פֿון זיא אב צו טון · דא מיט דז ווען
זיא ווערן גיזונד זיין אין רוא אונ' פֿרידן ווערן זיא פֿול קומליך קענן גאט דינן ·
אונ' דא דורך ווערן זיא קריגן דיא ביגליקונג פֿון דיא זיל וועלכיש איז דש לעבן
פֿון עולם הבא · דוא קענסט זעהן אין בחקותי נאך דעם דז דיא תורה האט
בילובט פֿון דש לייבליכי גוטש מיט פֿיל ווערטר · האט זיא אך ניט נאך גילאזן
פֿון צו ביטייטן אויך דש גוטש דר זילן · גלייך ויקרא כ"ו (אונ' איך ווער געבן
איין וואונונג צווישן אייך אונ' ווער אייך ניט פֿר אונווערדיגן אונ' איך ווער צווישן
אייך גין אונ' איך ווער אייך זיין צו איין גאט אונ' איר ווערט איר זיין צו איין
פֿאלק) יאז אך אין דיא בילונונג פֿון מצות אילה ווערשטו פֿינדן דז נאך דעם דז גאט
האט בילובט אן אברהם אבינו ע"ה אונ' אן זיין קינדר נאך אים מיין קלארי
בילובונג פֿון דש לייבליכי גוטש · האט ער אים אך בילובט פֿון דש גוטש דר זילן
אין קלארי אונ' הייאליכי ווערטר · גלייך בראשית י"ז (אום דיר צו זיין צו איין גאט
אונ' צו דיין זאמן נאך דיר) · אונ' ווייטר זגט ער (אונ' איך ווער זיא זיין צו איין גאט)
אזו אך יעקב אבינו ע"ה האט גיזגט אם ענד פֿון זיין גליבניש אין בראשית כ"ח
(אונ' גאט ווערט איר זיין צו איין גאט) · דאר מיט האט ער גוויזן אויף דש
גוטש דר זילן גלייך ביקענט איז בייא דיא פֿר שטענדיגן · אונ' ניט אלייניט
אין דיזי פסוקים נייארט אך שיר אין דיזו גאנצי תורה ווערשטו פֿינדן דז פֿון
דש גוטש דר זילן גדאכט ווערט · אונ' אין זונדרהייט וואו דיא תורה גידענקט
דז זיין שכינה ווערט זיין צווישן אונש אונ' ווערט אל צייט בייא אונש בלייבן אונ'
קיין מאל פֿון אונש וויכן גלייך אז דורך דש ווערק פֿון דען משכן מיט זיין כלים
אונ' אל זיין דינשט מיט דיא קרבנות וועלכי אלי צו ניקש אנדרשט האבן גידינט
אז צו פֿר געבונג דר זילן אונ' זיא צו רייניגן · אונ' וויל דש נוא אזו איז וויא קען
אן דען דר קעגן שטרייטן אונ' ניט ביגערן צו זעהן דיזה שטארקה געטליכה
ביהעפֿטונג אונ' דיא גליקליכקייט דר זילן דיא דא איז בייא די מענטשן פֿון אונזר
פֿאלק וויל נוך אונזרי זילן אין דיזן טריבן לייב פֿר קניפֿט זיין · נוך פֿיל מער ווערט
דש זיין נוך די אב שיידונג דר זילן פֿון דעם גוף זא פֿרולגט דש פֿון זיך זעלבשט דז

נאך

נאך דעם דיא זיל ווערט דר לאנגט האבן דז זיא ווערט ווידר קערן צו איר
אנוואנג · ווערט זיא ביהעפֿט ווערן אן גאט דער זיא האט גיגעבן · אונ׳ אויש
אור זאך פֿון דיזה וואונדרליכה ביהעפֿטונג דיא דא איז צווישן גאט יתברך אונ׳
דאש פֿאלק ישראל · האט ער זיא גינענט זיין ערשטר זון אונ׳ זיין אויש דר ווילטי
אונ׳ זיין ליב המברש אונ׳ זיין גילושטיג · אונ׳ זיין היליגי · זיין טייל אונ׳ דער שטריק
פֿון זיין ערב טייל · זיין פֿאלק (וסגולתו) אונ׳ זיין שאץ · גלייך קהלת ב׳
(וסגולת) אונ׳ דער שאץ דר קיניגן) · ווען איכש איין לושטיגה אונ׳ ווערדיגה
זאך איז דז אן קען קיין אנדרש דש גלייכן פֿינדן דז דער אענש זער ליב האט
אונ׳ ביוואַרט עש ביים זיך אום זיך דר איט צו ריאן אער אז איט זיין אנדר געלט?
אונ׳ דיזה וואונדרליכה זאך האט משה רבינו ע״ה בישיידן דז דש פֿאלק ישראל
ווען איכי גינענט ווערן דיא קינדר פֿון גאט דיא זיין גליבט ביים איר פֿאטר דער
אין דיא היאלן איז אונ׳ אן איך ביהעפֿט זיין צו ביים איר לעבן אונ׳ נאך איר טוט
ניט פֿון איך אב גישיידן זיין · גלייך דברים י״ד (איר זייט קינדר פֿון גאט
אייער גאט איר זאלט אייך ניט קראצן אונ׳ קיין קאלהייט אאכן צווישן אייער
אויגן אום איין טוטן · דען דוא בישט איין היליג פֿאלק צו גאט דיין גאט
אונ׳ אן דיר האט גאט אויש דר ווילט אום צו איים איין גליבט פֿאלק צו זיין אער
אז אלי פֿעלקר דיא אויף דיא ערד זיין) · אויש דיזי פסוקים ווערט פֿר שטאנדן
דז אן אוז זיך ניט צו פֿיל אלער זיין אונ׳ טרויארן איבר דען טוט דר לייבר וויל דוא
בישט איין היליג פֿאלק צו גאט דיין גאט אונ׳ אויש דר ווילט פֿר איין שאץ אויש
אלי פֿעלקר · דש איז דז דיין זיל איז ווערדיג דר צו אום אנ׳ איים צו ביהעפֿטן אונ׳
אל לייט ביים איך צו זיין · דען ווען דש ניט ווער דז דיא זילן זעלטן אער גוטש
אנטפֿאנגן אז דיא לייבר · ווער ביליך דז אן זעלט זיך אזו פֿיל אער אלער זיין ·
דען אן גיהערט דאך אער צו טרויארן איבר איין קיניגש זון ווען ער שטערבט
אז איבר איין שלעכטן אענטש זון · אך וואש אין ויקרא י״ח שטיט (אונ׳ איר
זאלט איין גיזעץ אונ׳ איין גריכט היטן ווען דר אענש ווערט טון אונ׳ דר דורך
לעבן איך בין גאט) · דש גיט גאר ניט אויף דש לעבן דר לייבר וויא אן וואל
אויש דיא פשוטי ווערטר אעכט פֿר שטין זונדר ווייטר נאך צו דענקן · דען דיא
דא היטן דיא אצות דיא לעבן דארום ניט לענגר אין דיזה וועלט אז דיא עובר
אויף דיא אצות זיין · ניאערט דיא שריפֿט רעט פֿון דש לעבן דר זילן · אונ׳
דיא איילונג דר דישפוטירדש איז דז אדם הראשון וויל ער האט גאטש ווארט
ווידר שפעניגט איז ער פֿר שולדיגט גיווארן דען טוט דר זיל · דען זיא זאגן
דז ווען גיזאגט ווערט אין בראשית ב׳ (דען אן דעם טאג אז דוא ווערשט דר פֿון
עשן ווערשטו שטערבן) · דש גיט אויף דען טוט דר זיל אונ׳ אויף ניקש אנדרש ·
אלזו אוז דארויש פֿאלגן דז דיא קינדר ישראל ווען זיא טון גאטש גיבאט דיא אין
דיא תורה גישריבן שטין ווערן זיא דר ווערבן דש לעבן דר זיל · אונ׳ דז גיזאגט
ווערט

ווערט (דז דער מענש זאל זיא טון אונ' דער דורך לעבן) דש איז איין ביזונדרה
פֿר בעטרונג, צו דעם וואש ער האט גיזאגט (אן דעם טאג אז דוא ווערשט דר
פֿון עשן ווערשטו שטערבן) גלייך איר האבן בישיידן אין פרק י"א · אונ'
ווערט אך בישיידן אין אונגליון אויז דעם וואש פויל האט גשריבן אן דיא רואייר
אין פרק ה' · אך ווערט דאר פֿון פֿר קלארט אין דעם וואש משה רבינו ע"ה
האט גישריבן אם ענד פֿון דיא שירה אין האזינו דברים ל"ב (טוט אייער
הערצר צו אל דיא ריד וואש איך הייט אן אייך בילייג, דז איר זאלט זיא גיביטן אן
אייער קינדר צו היטן אונ' צו טון אל דיא ריד פֿון דיזה תורה · דען עש איז
קיין זאך לעהר פֿון אייך · נייארט דש איז אייער לעבן אונ' דא דורך ווערן
אייער טעג דר לענגט ווערן אויף דיא ערד) · אזו קענשטו זעהן דז ער דאר
מיט ווייזט אויף צווייארלייא לון דיא מן קען דר לאנגן דורך דיא געטליכה תורה ·
דר לון פֿון דיזא זיל אונ' פֿון דעם לייב · פֿון דיא זיל זאגט ער (דען דש איז
אייער לעבן) · אונ' פֿון דש לייבליכי זאגט ער (אונ' דורך דיזן ווערן אייער
טעג דר לענגט ווערן אויף דיא ערד) · אונ' ער האט ערשט גירעט פֿון דש
גוטש דר זיל ווען שון דר מענש קריגט דש ערשט צום לעבן · וויל איר אעלה
העכר איז אז דש גוטש דר לייבר · אך אם ענד פֿון זיין ברכות האט ער דאר
פֿון בישיידן אין דברים ל"ג (וואול דיר ישראל ווער איז דיר גלייך אזו איין פֿאלק
דז פֿון גאט גיהאלפֿן ווערט) · אויז דיזן פסוק ווערט פֿר שטאנדן דז דיא
גליקליכקייט דר לייבר אונ' די קיניגרייכן דיא אין דיא פֿאריגי פסוקים פֿר
אעלרט זיין גלייך אז דיא אייבר ווינוג דר פֿיינדן אונ' דיא פֿר אערונג דר
פֿרוכטן · דש זיינן נאך ניט דש רעכטי גליק וויל דיא זאכן אך גישעהן אן
אנדרי פֿעלקר · אבר דש רעכטה אונ' ווארהאפֿטיגה גליק איז דיא ביגליקונג
אונ' היילן דר זילן צו ווערכן קיין פֿאלק אין דיזה וועלט קען קומן אז אליין דש פֿאלק
ישראל · דארום זאגט ער (דוא בישט גליקליך ישראל ווער איז גלייך אלש
דוא בישט איין פֿאלק דז דורך גאט גיהאלפֿן ווערט) · דש איז צו פֿר שטין איז
דען אונטר דיא אנדרי פֿעלקר איין פֿאלק דז דורך גאט גיהאלפֿן ווערט גלייך
ווי דוא · אונ' דז ער ווייטר זאגט (דר שילט פֿון דיין הייל) · דש איז דז זיא
זאלן ניט דענקן דז דיא דא קריגן דיא הייל דר זיל דיא ווערן דש לייבליכה גוטש
ניט קריגן · דען דש איז גוויש דז ווען שון דוא בישט איין פֿאלק דז דורך גאט
ווערט גיהאלפֿן איט דיא הייל דר זיל · ווערט אך גאט יתברך דר שילט פֿון
דיין לייבליכה הייל זיין · גלייך דוד המלך ע"ה האט גיזאגט אין תהלים קט"ו
(ישראל פֿר זיכרט זיך אן גאט ער איז איר הייל אונ' איר שילט) · אונ' ווייטר
זאגט ער (אונ' דר שווערד איז דיין הערשאפֿט) גלייך תהלים מ"ד (דען
ניט מיט איר שווערד האבן זיא דש לאנד גיערבט) · אונ' פֿון דיזא
בישטראפֿונג דר זיל האט ער אך אן גוויזן אין ויקרא כ"ב (זאג צו זיא צו

אייער

מייער גיבידר איין אידר דער דא ווערט גינעהכן פון אל מייער זאגן צו דיא
הייליקייטן וועלכי דיקינדר ישראל ווערן הייליגן צו גאט אול זיין אונריינקייט
ווערט אויך אים זיין זאו ווערט דיא זעלביגה זיל פון צו פר איר פר טניטן ווערן
איך בין גאט) · דז ער זאגט (פון צו פר איר) דט ביטייט דז דיא זילן קואן
פון איין הייליגן אורט אול דיא עט פר דינן דיא קואן ווידר דארט הין · אזו אך
אז ער זאגט אין ויקרא כ"ג (דז איין אידרה זיל דיא ניט גיפייניגט ווערט אן
דעם זעלביגן טאג דיא ווערט פר טניטן ווערן פון איר פאלק) · אול ווייטר
זאגט ער (אול איין אידרה זיל דיא דא ווערט אייניג ווערק טון אן דעם זעלביגן
טאג זאו ווער איך דיא זעלביגה זיל אוועק פר לירן פון איר פאלק) · דט איז אלז
צו פר שטין דז דיא זעלביגה זיל ווערט ניט פר איינגט נאך הין גיבראכט
ווערן ביים דיא זילן דר צדיקים דיא זיין פאלק גינענט ווערן · אול דט איז דש
קעגן טייל פון דעם וואש ביים דיא צדיקים גיזאגט ווערט אין בראשית כ"ה
(אול ער וואר איין גיטאן צו זיין פאלק) · וועלכיש צו פר שטין איז דז ער וואר
הין גיבראכט אול ביהעפט איט דיא זילן דר צדיקים · אול דז דר פסוק ניט
רעט פון דיא לייבר דט קען אן ביווייזן אויט דעם וואש גישריבן שטיט פון משה
רבינו ע"ה אין דברים ל"ב (אול ווער איין גיטאן צו דיין פאלק גלייך וויא דיין
ברודר אהרן איז גישטארבן אין הור ההר) · זאו דז דש איין טון ווערט גיזאגט
פון דיא זיל גלייך ישעי' נ"ח (דר כבוד פון גאט ווערט דיך איין טון) · אך
קען אן זעהן דז בלעם אוב שון ער וואר איין נביא ביים דיא אנדרי פעלקר · אבר
ווייל ער האט גיזעהן אין זיין נבואה דז דש פאלק ישראל ניט אליין דז זיא אין
דיזה וועלט איט איין גרושה פר זארגונג פון גאט יתברך פר זעהן אול פר זארגט
זיין · נייארט אך נאך איר טוט האבן זיא איין גוטה וועלט אול האפונג וויל
זיא ערבן דש לעבן פון עולם הבא · דארום האט ער אויך זיך זעלבשט גיבעטן
דז ער אזעלכט קענן צו איר אמה קואן אין אירי ביגליקונג דר זיל וועלכה נאך
דעם טוט איז · אול דאר פון האט ער גיזאגט אין במדבר כ"ג (איין זיל זאל
שטערבן דען טוט דר רעכטן פערטיגן אול איין לעצט זאל זיין אז זיא) · גלייך
ביים דיא פר שטענדיגן ביקענט איז · אזו אך דוד המלך ע"ה האט קיין אמל
פר שוויגן פון צו גידענקן אין תהלים פון דיא גליקזעליקייט דר זיל וועלכה פאלגט
אויש דיא היטונג דר גיבאט פון דיא געטליכה תורה אול האט דרויף גיבעטן
אין תהלים י"ט (דיא תורה פון גאט איז גאנץ זיא דר קוויקט דיא זיל) · אול
תהלים כ"ז (ווען איך העט ניט גיגלובט צו זעהן דש גוטש פון גאט אין דש לאנד
דש לעבנש) · אול תהלים קי"ו (דען דוא האשט איין זיל ביפרייאט פון דעם
טוט · איין אויג פון טרעהרן · איין פוס פון פר שטוסונג · איך ווער
גין פר גאט אין דיא לענדר פון לעבן) · אול תהלים כ"ו (לאז איין זיל ניט
איין גיטאן ווערן איט דיא זינדיגר) · אול תהלים ט"ז (דען דוא ווערשט איין
זיל

זיל ניט פֿר לאזן צו דיא גרוב · דאז ווערשט דײן פֿרומן ניט לאזן דש גיהנם
זעהן לאז איך וויסן דען וועג דש לעבנש דיא זעטיקייט דש פֿרײדש פֿר דײן אן
געזיכט · דיא איביגה זיסיקייט פֿון דײן רעכטה האנט ) · אונ׳ תהלים
מ״ט (נייארט גאט ווערט אײן זיל אויז לײזן פֿון דיא גרוב אז ער ווערט איך
אוועק נעמן) · אונ׳ תהלים כ״ה (ווער איז דר אמן דער זיך פֿר גאט פֿערכט
דער אים וויזט דען וועג וואש ער זאל אויז דר וויילן · זײן זיל ווערט אין גוטן
איבר נעכטיגן אונ׳ זײן זאמן ווערט דש לאנד ערבן) · אונ׳ תהלים ל״א (וויא
גרוש איז דש גוטש וואש דוא האשט פֿר בארגן פֿר דיא זיך פֿר דיר פֿערכטן)
אונ׳ תהלים ל״ו (וויא ווערדיג איז דײן גינאד דוא גאט · אונ׳ דיא מענשן
דיא זיך אין דען שאטן פֿון דײן פֿליגל בהעלטן דיא ווערן פֿר זעטיגט ווערן פֿון דיא
פֿעטיקייט פֿון דײן הויז · אונ׳ פֿון דען באך פֿון דײן זענפֿטיקייט ווערשטו זיא
טרענקן · דען בײא דיר איז דר קוואל דש לעבנש · אין דײן ליכט ווערן
מיר ליכט זעהן) · אונ׳ תהלים ע״ג (וועאן הב איך אין דיא הימלן אונ׳ מיט
דיר הב איך קײנש ביגערט אויף דיא ערד ) · אונ׳ נאך פֿיל מער דער גלײכן
פסוקים · אונ׳ שלמה המלך האט נאך קלערר פֿון דיא זאך גשריבן
גלײך קהלת ג׳ (ווער ווייס דז דיא זיל דר מענשן גיט ארויף אונ׳ פֿון דיא בהמה
נידרט ארונטר אין דיא ערדן ) · אונ׳ קהלת י״ב (אונ׳ דער שטויב קומט
ווידר צו דיא ערד גלײך ער געוועזן איז אונ׳ דיא זיל קערט ווידר צו גאט דער זיא
האט געגעבן) · אונ׳ משלי י״א (ווען אײן רשע שטערבט איז דיא האפֿנונג
פֿר לארן אונ׳ דיא האפֿנונג פֿון דיא גיוועלטיגע לײט ווערט פֿר לארן) · אונ׳ משלי
י״ד (דורך זײן בייזקייט ווערט דר רשע פֿר שטוסן אבר דר צדיק ווערט בטילט
אין זײן טוט) · אונ׳ משלי כ״ג (לאז דײן הערץ ניט נײדיג זײן אן דיא זינדיגר
נייארט אן דיא זיך פֿר גאט פֿערכטן אל לייט · דען ווערט זײן אײן גוטר לעצט
אונ׳ דײן האפֿנונג ווערט ניט פֿר שניטן ווערן) · אונ׳ משלי כ״ד (אזו אך נאך
דיא חכמה ביקענט אן דײן זיל ווען דוא זיא האשט געפֿונדן דען ווערט אײן
גוטר לעצט זײן אונ׳ דײן האפֿנונג ווערט ניט פֿר שניטן ווערן) · אונ׳ נאך מער
אנדרי פסוקים · גלײך אך אין ישעי׳ מ״ה (ישראל ווערט גיהאלפֿן דורך גאט
אײן איביגה הילף ) · אונ׳ מיט דעם פסוק ווערט בישײדן וואש משה רבינו
ע״ה האט געזאגט אין דברים ל״ג (וואול דיר ישראל ווער איז גלײך אז דוא
בישט אײן פֿאלק דז דורך גאט גיהאלפֿן ווערט) · אונ׳ דז ער זאגט אײן
איביגה הילף דש איז צו פֿר שטין דז דיא הילף דר זיל איז ניט גלײך אז אנדר
גוטש דז ווידר וועק קומט נייארט דיא איז אײן בישטענדיגה אונ׳ איביגה הילף ·
דארום זאגט ער ווייטר (איר ווערט אײך ניקט שעאן אונ׳ ניט פֿר שעמט ווערן
בײז אין דיא איביקייט ) · אך זאגט ער פֿון אײן בעל תשובה דער גישטארבן
איז אין ישעי׳ נ״ז (איך הב זײני וועגן גיזעהן אונ׳ הב אים גיהײלט אונ׳ דוא

גיגעבן אונ׳ ווער ביזאלן טריסטונג אן אים אונ׳ זייני טרויארדש)׳ אונ׳ וויל ער
זאגט אונ׳ אן זיין טרויארדש דאר איט וויזט ער דז ער רעט פֿון איינם דער
טוט איז׳ אונ׳ דז ער זאגט איך הב זייני וועגן גיזעהן אונ׳ הב אים גיהיילט דש
איז דיא גינעזונג דר זיל דז איך ווער אים זייני זינד פֿר געבן׳ גלייך תהלים
מ״א (היילא איין זיל דען איך הב קעגן דיר גיזינדיגט)׳ אונ׳ ישעי׳ ו׳ (אונ׳
אז ער זאלט תשובה טון זאלט ער גיהיילט ווערן)׳ אונ׳ נאך דיא פֿר געבונג פֿון
זיין זינד ווער איך אים פֿירן אין דען וועג פֿון אוני אטגשן דר ערדן׳ אונ׳ דאר
איט ווער איך אים אונ׳ די איבר אים טרויארן איין פֿול קואנטליבֿה טריסטונג
געבן׳ אונ׳ זיין טריסטונג ווערט זיין דש לעבן דר זיל אין עולם הבא׳ אונ׳ דיא
איבר אים טרויארן ווערן אך איין טריסטונג אנטפֿאנגן אז זיא ווערן וויסן דז ער
ווערט נאך זיין טוט גניסן פֿון דש פֿילי גוטש דז פֿר דיא צדיקים פֿר בורגן איז
אין דען עולם וואו דיא נשמות זיין׳ אונ׳ דער גלייכן האט ער אך בילובט איין
גוטן לון פֿר דען צדיק אין ישעי׳ נ״ח (דש זעלביגש אמאל ווערט דיין ליכט דורך
ברעכן גלייך אז דער אמרגן שטערן׳ אונ׳ דיין היילונג ווערט באלד אויז שפראצן
אונ׳ דיין גירעכטיקייט ווערט פֿר דיר גין׳ דיא עהר פֿון גאט ווערט דיך איין
טון)׳ דש איז אז דוא ווערשט שטערבן ווערט דיין גירעכטיקייט פֿר דיר גין
אין דען עולם דר זילן׳ אונ׳ דען ווערט דיך דר כבוד פֿון גאט ברענגן צו דעם
הערליכן אורט וואו דיא זילן דר צדיקים פֿר בונדן זיין אין דען בונד דש איביגה
לעבן׳ אונ׳ ווייטר זאגט ער (דען ווערשטו דיך פֿר לושטיגן איט גאט) דש
איז דר לושט דר זיל אין דען עולם דר זילן דש זיא ווערט פֿר בונדן זיין אין דען
בונד דש לעבנש ביא גאט איר גאט׳ אונ׳ דאר פֿון האט אביגיל גיזאגט צו דוד
אין שמואל א׳ כ״ה (אונ׳ דיא זיל פֿון איין הער זאל פֿר בונדן זיין אין דען בונד
דש לעבנש ביא גאט דיין גאט)׳ אונ׳ פֿון דש קעגן טייל ווערט אויז גידיא
שטראף דר זילן פֿון דיא רשעים האט זיא גיזאגט (אונ׳ דיא זיל פֿון דיין פֿיינד
זאל ער שליידרן אין דען שליידר באלן)׳ אונ׳ יחזקאל י״ח (אונ׳ דר רשע אז
ער ווערט ווידר קערן פֿון אל זיין זינד דיא ער הוט גיטאן אונ׳ ווערט היטן אל אייני
גיזעץ אונ׳ ווערט טון גריכט אונ׳ גירעכטיקייט לעבן ער ווערט לעבן ער ווערט
ניט שטערבן)׳ ווייטר זאגט ער (אונ׳ אז דר רשע ווערט ווידר קערן פֿון זיין
בייזקייט וואש ער האט גיטאן אונ׳ ווערט טון גיריכט אונ׳ גירעכטיקייט דער
ווערט זיין זיל אמכן לעבן אונ׳ אז ער ווערט זעהן אונ׳ ווידר קערן פֿון אל זיין
איסטאט וואש ער האט גיטאן לעבן ער ווערט לעבן ער ווערט ניט שטערבן)׳
אונ׳ יחזקאל כ׳ (אונ׳ איך הב זיא גיגעבן איין גיזעץ אונ׳ איין גריכט הב איך זיא
לאזן וויסן דז דר אטענט זאל זיא טון אונ׳ דר דורך לעבן)׳ דארויש קענסטו
זעהן דז דר נביא רעט פֿון דש לעבן דר זיל אונ׳ דש איז דש איביגה לעבן דז קיין
טוט דר נאך קומט׳ אונ׳ דש וואר האפֿטיגה לעבן האט אך גיאיינט אליהוא דר

חבר

חבר פֿון איוב אין איוב ל"ג (צו ווידר קערן זיין זיל פֿון דר גרוב צו לייכטן מיט דש ליכט דש לעבנש) אונ' זכריה ג' (אזו האט גיזאגט גאט דר הימל שארן אז דוא ווערשט אין מיינע וועגן גין אונ' מיין היטונג היטן ווערשטו ריכטן מיין הויז אונ' אך היטן מיין הויף אונ' איך ווער דיר מיין וועג מאכן דז דוא ווערשט גין צווישן דיזה שטיאנדיגה מלאכים) אזו קענשטו זעהן דז גאט האט פֿר שפראכן אן יהושע בן יהוצדק ווייל ער, ווערט היטן דיא מצות אונ' ווערט גוטי ווערקן טון דז זיין זיל ווערט מיין בישטאנדר האבן אונ' ביגליקן אין עולם הבא דז זיא ווערט גין צווישן דיא מלאכים דיא אל צייט פֿר גאט שטין גלייך ישעי' ו' (דיא ברענדיגי מלאכים שטין אובן צו דינן אים) · אונ' דניאל י"ב (אונ' פֿיל פֿון דיא דא שלאפֿן אין דיא ערטרייך דר ערדן ווערן אויף וואכן איין טייל צו דש איביגה לעבן אונ' אנדרי צו איין איביגה שאנד אונ' פֿרשמעהונג. אונ' דיא פֿר שטענדיגי ווערן לייכטן אז דר גלאנץ פֿון הימל אונ' דיא פֿיל לייט גירעכט מאכן דיא ווערן לייכטן אז דיא שטערן אימר אונ' איביג) · דש זיינן דיא פסוקים דיא צו פֿינדן זיין אין דיא תורה נביאים אונ' כתובים ווערכי אן צייגן פֿון דען לון דר זיל דש איז דיא פֿר געלטניש דר זילן צו דיא צדיקים · אונ' אך פֿון דיא שטראף דר זילן פֿון דיא רשעים· אונ' עש זיינן נאך מער אנדרי פסוקים אונ' פֿיל אנדרי ביווייז אין דיא געטליכה תורה אונ' אין דיא נביאים דיא דא האבן גירעט דורך דען רוח הקדש פֿון דיא ביגליקונג דר זילן אונ' פֿון דש קעגן טייל· אונ' איר האבן ניט אלש גישריבן אום ניט צו לאנג צו מאכן· דען וואש איר האבן גישריבן איז מער אז גינוג אום צו ווידר ליגן דיא ריד דר קעגן שטרייטרש ווערכי זאגן דז עש ווערט ניט גיפֿונדן אין תורת משה אונ' אין דיא נביאים אין קיין אורט פֿון דיא בישפרעכונג דר גליקזליקייט דר זילן אונ' פֿון אירי בישטראפֿונג· אונ' נעם דש וואול אין אכט:

# פרק יט

אונ' וואש דיא נוצרים נאך מער אין ברענגן קעגן דיא געטליכה תורה דז דיא תורת משה איז ניט אויף איביג גיגעבן נייארט פֿר איין צייט ביז ישו איז גיקומן אונ' האט זיא אבטל גיוועזן אונ' האט איין נייער גיגעבן צו דיא תורת משה אונ' האט גיבאטן אן זיין תלמידים אונ' אן אלי דיא נאך זיין נאמן גינענט ווערן אויף נייאי תורה דז ער האט זיא פֿרייא גימאכט פֿון אלי מצות אונ' פֿר באטני זאכן דיא אין תורת משה גישריבן שטין· אונ' דיא אורזאך דר פֿון איז ווייל אין דיא תורת משה שטיט דז ווען איינר וואש עובר איז האט ער דען טוט פֿר שולד אבר דיזה נייאה תורה איז איין תורה פֿון חסד· אך איז זיא זער גרינג צו האלטן אבר אין דיא תורת משה זיינן זעלכי שווערי מצות דז קיין מענש קען

קענן זיא רעכֿט האלטן · אונ׳ דארום אך דיא אליר גרעשטי מצות דיא אין דיא
תורה שטין גלייך אז מצות מילה · אונ׳ שבת דיא זיינן ניט איבינגליך נייארט
צייטליך ביז צו דיא צייט פֿון ישו הנוצרי · דען אזו באלד אז ער קאם האט דיא
מצוה אויף געהערט אונ׳ איז געשטעלט דיא טבֿילה אן שטאט פֿון דיא מילה אך
האט ער זיא געגעבן דען זונטאג אן שטאט פֿון שבת :

**ענטפֿרט** דש קען אזו ניט זיין · דען זעלבשט איר אייגן אין געליון שטרייט
דר קעגן · דען עש שטיט אין מטיאוש פרק ה׳ פֿון פסוק י״ז
אונ׳ ווייטר דז ישו האט געזאגט צו זיין תלמידים איר זולט ניט דענקן דז איך בין
געקומן אויף דיא תורה אדר דיא נביאים מבטל צו זיין נייארט אום זיא צו
בפֿעשטיגן פֿר וואר זאג איך אייך דז ווען שון דיא הימל אונ׳ ערד זעלטן פֿר גין ·
זעלט דאך ניט איין אות אדר נקודה פֿון דיא תורה בטל ווערן נייארט זיא ווערט
אל צייט בלייבן · וואז דז דער נור איינה פֿון דיא קלענשטי מצות צו ניקש מאכט
אונ׳ לערנט דש אין אנדרי לייט דער ווערט דר קלענשטר גינענט אין דש
קיניגרייך דר הימלן · אבר דער דיא מצות טוט אונ׳ לערנט זיא אך אין אנדרי
דז זיא זאלן זיא טון דער ווערט גרוש גינענט אין דש קיניגרייך דר הימלן · אך
ביקענן זיא זעלבשט דז ישו אונ׳ זיין תלמידים אונ׳ שלוחים וואָרן בישניטן · אונ׳
אך זעלבשט נאך דיא צייט פֿון ישו האט פאולוס זיין שליח בישניטן זיין תלמיד
טיאוטימאוס גלייך געשריבן איז אין אקטא אפוסטולורום פרק י״ו פסוק ג׳ · אונ׳
דש ווייזט דז אך נאך דיא צייט פֿון ישו איז דיא תורה ניט בטל געוועזן גלייך וויא
זיא זאגן · אונ׳ אך דען שבת האט ישו מיט אל זיין תלמידים געהאלטן · אונ׳
נאך ישו אונגיפֿער פֿינף הונדרט יאר איז איין פויפס געקומן אונ׳ האט געבאטן
דז מן זאל דען זונטאג היטן אן שטאט פֿון שבת גלייך אין לאנג דור בישיידן איז ·
אונ׳ דער טאג פֿון שבת איז אין זיך זעלבשט הייליג דורך די געטליכֿה קראפֿט
דז גאט האט עש אזו געבאטן · אבר ניט פֿון וועגן דיא רואה אליינט אז ווען עש
נור איין וועלטליכֿה שטעלונג וועז דז מן געהערט איין טאג צו רואן פֿון זיין ארבייט
נייארט גאט האט דעם טאג אזו געשטעלט · גלייך שמות י״ו (זעהט דז גאט
האט אייך געגעבן דען שבת דארום גיבט ער אייך אן דען זעקשטן טאג ברוט
פֿר צווייא טאג) · דש איז וויל אין דיא זעקשט טאג דר וואך איז דר מן געפֿאלן
אונ׳ ניט אן שבת דז דארום איז אן דען זעקשטן טאג געפֿאלן דיא שפייז פֿר
צווייא טאג דש איז איין צייכן דש דא ווייזט דז דר טאג פֿון שבת איז הייליג אין
זיך זעלבשט אונ׳ דז ער איז פֿון גאט פֿון הימל געגעבן אונ׳ דארום הוט קיין מענטש
דיא מאכֿט אום אים מבטל צו זיין · אונ׳ מכל שכן דז דיא מצוה פֿון שבת איז
איינה פֿון דיא עשרת הדברות וועלכֿש זיא זעלבשט ביקענן דז עש קען ניקש דר
פֿון פֿר וואָרפֿן ווערן · אבר עש שיינט דז דיא מיינונג דר נוצרים איז דז זיא
זעלטן גערן אויש איר אייגין זין אויש רייסן דיא תורה פֿון משה רבינו ע״ה ·

דען ישו נאך זיין תלמידים האבן דש ניט געבאטן · אונ׳ ווען ישו זעלט זיא האבן
פֿרייא געמאכֿט פֿון אלי מצות דיא אין תורת משה געשריבן שטין גלייך וויא זיא
זאגן · ווארום האט ער דען געבאטן דז מן זאל איין טייל דר פֿון האלטן · גלייך
אז פֿאטר אונ׳ מוטר צו עהרן אונ׳ זיין גיזעלן ליב צו האבן · אונ׳ צדקה געבן · אך
דז מן זאל זיך היטן פֿר מארדן אונ׳ און קיישן אונ׳ גניבה · אונ׳ פֿאלש עדות זאגן ·
גלייך אין מטיאוס פרק י״ט פֿון דען ערשטן פסוק אונ׳ ווייטר · אך ווארום האבן
דען די אפוסטולן פֿר באטן די בילדר אונ׳ הורייא אונ׳ ניט צו עסן וואש דר שטיקט
איז · אונ׳ דש בלוט גלייך אין אקטא אפוסטולורום פרק ט״ו פסוק כ׳ אונ׳ פרק כ״א
פסוק כ״ה · אונ׳ דז זיא זאגן דז דיא תורת משה איז דרום בטל ווייל אן דען טוט
דריבר שולדיג איז דער זיא איבר טרעט אונ׳ איז ניט אז די תורה פֿון ישו וועלכה
גינעדיגליך איז · ווארום האט דען פֿיל געבאטן דז מן זאל דר שלאגן דער זיין
פֿאטרש ווייב נעמט גלייך געשריבן שטיט אין דען ערשטן בריב צו דיא קורינטן
פרק ה׳ פֿון דען ערשטן פסוק אונ׳ ווייטר · אונ׳ נאך הייגט דען טאג בישטראפֿן
אל דיא נוצרים דען מארדר אונ׳ און קיישר אונ׳ שטעלר אונ׳ נאך אנדרי זינדיגר
מיט דען געריכֿט דש טויטש · אונ׳ פֿאלגט דיא תורת משה איז אזו איינר דער
געלט שטעלט קיין טוט שולדיג · גלייך שמות כ״א (אונ׳ דער איין מענש שטעהלט
אונ׳ פֿר קויפֿט אונ׳ ער ווערט ביים אים געפֿונדן דער זאל גיטויט ווערן) · אך
וואש זיא זאגן דז די תורה פֿון ישו איז גרינגר צו האלטן אז תורת משה וועלכֿרט
מצות שווער צו האלטן זיין · דש איז אזו ניט · דען עש שטיט אין מטיאוס פרק י״ט
פסוק כ״א דז ישו האט געזאגט צו זיין תלמידים ווען דוא ווילשט אויך ריכֿטיג
זיין גיא פֿר קויף דיין נחלה אונ׳ גיב צדקה אן דיא ארמן · אונ׳ אין לוקס פרק י״ח
פסוק כ״ב זאגט ער פֿר קויף אלש וואש דוא האשט אונ׳ פֿר טייל עש אן דיא
ארמן · דארויש קענשטו זעהן דז דיא תורה פֿון ישו גביט דז מן זאל אל זיין
גוט אונ׳ וואש ער זיין איינגינש האט אן דיא ארמן געבן · אונ׳ דיא תורת משה
גביט נור צו געבן דש צעהנדי טייל פֿון דיא פֿרוכֿט · אונ׳ דאש
איבריגה גאנצה לאנד מיט דיא ניין חלקים פֿון דיא תבואה מאג ער פֿר
זיך האלטן · אונ׳ דש ווייזט דז דיא תורת משה איז ניט אזו שווער אין אירי מצות
אז וויא זיא זאגן · ניימרט זיא קומט צו העלפֿן אונזרי לייבר אונ׳ זילן · אך נאך
דעם אז זיא זיינן בפֿרייאט גיוואָרן פֿון אלי מצות פֿון תורת משה ווארום
האלטן זיא דען איין טייל דינים פֿון עריות אונ׳ פֿר ביטן צו נעמן מומה פֿון דיא
זעקש נאהנטה פֿריינד · דיא מוטר אונ׳ שטיף מוטר אונ׳ דיא שוועסטר אונ׳ זיין
ברודרש ווייב אונ׳ דיא טאכֿטר אונ׳ זיין זונש ווייב · אבר ביים אנדרי פֿריינד
האלטן זיא זיך ניט נאך דעם וויא אונש לערנט דיא געטליכה תורה דיא אן אונש
גיגעבן איז דורך משה רבינו ע״ה · ניימרט צו לייטן פֿר ביטן זיא וואש מותר
איז אונ׳ צו לייטן לאזן זיא צו וואש פֿר באטן איז אונ׳ ניט וויא דיא תורת משה

לערנט

לערנט · אונ׳ האבן קיין פֿונדאמענט ווארויף זיא קענן זיך לעהנן נייארט אויש
מיר אייגינן זין · דען מאן מוז גלויבן ווערט גאר ניקש דאר פֿון גיפֿונדן · אזו אך
ווען דיא משפטים לויטן ווייז אונ׳ דען אנדרן ווערן גו ניקש דא מן זעלט ניט
אזו ריכטן אז וויא אין תורת משה גישריבן שטיט גלייך וויא זיא זאגן · ווארום
האט זיא דען ישו אין זיין תורה קיין אנדרי משפטים גיגעבן אן שטאט פֿון דיא
אין אונזר תורה שטין · דען דיא גוים ריכטן זיך דאך נאך הייט אין טייל
משפטים נאך דיא לערנונג פֿון תורת משה · אונ׳ אין טייל ריכטן זיא זיך נאך
דיא גיבאט דר מענשן דש איז פֿאלגט דיא רעכטן פֿון דען קיסר אונ׳ נאך דיא
רעכטן פֿון איידבורג · אונ׳ דארום זיין דיא (סטאטוטן) גיזעץ אונ׳ רעכטן פֿון
יעדי לענדר אין פֿולין אונ׳ ליטווא פֿר ענדרליך אונ׳ אונטר שיידן פֿאלגט דיא
אונטר שיידינהייט פֿון אירי אויך שטעליר · דען אין אל אירי גו זאמן קומשט
האבן זיא ניטיג מיר גיזעץ גו פֿר בעסרן אונ׳ מיר אמנגיל גו דר פֿילן · ווייל זיא
זיינן פֿון מענשן אויף גישטעלט אונ׳ קיין מענש איז פֿולקומן פֿון פֿר שטאנד · אבר
וויל אונזר תורה איז געטליך אונ׳ איז גיגעבן פֿון דיא איברשטה חכמה אונ׳ איז
פֿול קומנטליך גאנץ אונ׳ פֿול אמכט · זא קענן אך אום איגליך קיין אויף הערונג
אדר פֿר וועקסלונג · פֿר ענדרונג · אמנגיל · פֿר אערונג אדר פֿר אינרונג
דרינן גיפֿונדן ווערן · גלייך דברים ד׳ (איר זאלט ניקש פֿר אערן אויף דיא זאך
וואש איך אייך גיביט) · אונ׳ דברים י״ג (דיא גאנגה זאך וואש איך אייך
גיביט דש זאלט איר אין אכט נעמן גו טון דא זאלשט ניקש דר צו פֿר אערן אונ׳
אך ניקש פֿר אינרן) · אונ׳ דברים ד׳ (אונ׳ ווער איז אזו איין גרוש פֿאלק דש
דא האט זעלכי רעכטי גיזעץ אונ׳ גריכט גלייך אז דיזה גאנגה תורה דיא איך
הייט פֿר אייך גיב) אונ׳ דברים ל׳ (אונ׳ דא זאלשט ווידר קערן גו גאט דיין
גאט אונ׳ זאלשט זיין שטים הערן אין אליש וואש איך דיר הייט גיביט דא אונ׳
דיין קינדר איט דיין גאנגן הערגן אונ׳ דיין גאנגה זיל) · ווייטר שטיט (אונ׳
דא זאלשט ווידר קערן אונ׳ פֿאלגן דיא שטים פֿון גאט אונ׳ זאלשט טון אל זיין
גיבאט וואש איך דיר הייט גיביט) · אונ׳ ווייטר שטיט (אז דא ווערשט
הערן דיא שטים פֿון גאט דיין גאט גו היטן זיין גיבאט אונ׳ גיזעץ וואש אין דיזה
ספֿר תורה גישריבן שטיט) · אונ׳ דברים ל״ג (די תורה הוט אונש משה גיבאטן
איין ערב טייל גו דיא פֿר זאמלונג פֿון יעקב) · אונ׳ דוד המלך האט גיזאגט
אין תהלים י״ט (דיא תורה פֿון גאט איז גאנץ זיא דר קוויקט דיא זיל · דיא
גיצייגניש פֿון גאט איז וואראפֿטיג זיא אמכט קלוג דען נארן · דיא ביפֿעל
פֿון גאט זיין רעכט פֿערטיג זיא דר פֿרייאן דש הערץ · דש גיבאט פֿון גאט
איז לויטר עט דר לייכט דיא אויגן · גאטש פֿורכט איז ריין זיא בישטיט ביז אין
דיא איביקייט · דיא גריכט פֿון גאט זיינן וואר זיא זיינן איט אנגדר גירעכט)
אונ׳ תהלים קי״א (דיא ווערקן פֿון זיין הענד זיינן וואראפֿטיג אונ׳ רעכט ·

אל זייני גיזעץ זיינן וואר האפֿטיג זיא זיינן אונטר לעהגט אונ׳ פֿאסט ביז אין די
אייביקייט · זיא זיינן גימאכֿט מיט וואר הייט אונ׳ רעכֿט פֿערטיקייט ) · א
תהלים קי״ט ( אונ׳ איך ווער דיין תורה היטן שטעטיגליך אימר אונ׳ אייביג )
אונ׳ אן ענר פֿון אלי פרטפֿעליאונגן זאגט ער אין מלאכי ג׳ ( גידענקט די
תורה פֿון משה איין קנעכֿט דיא איך אים הב גיבאטן אין חורב אויף כל ישר
גיזעץ אונ׳ גיריכֿט ) · אויז דיזי פסוקים קענטשו זעהן דז די געטליכה תור
פֿון וועגן איר גרושה פֿול אמכֿטהייט אונ׳ רעכֿט פֿערטיקייט קען אן ניקט
בייא טון אונ׳ ניקט דר פֿון פֿר איכרן אל ווער עס נור איין זאך · אונ׳ נאך פֿ
ווינֿיגר קען אן זיא אבטל זיין אדר פֿר וועקסלן מיט איין אנדרה אך מיט דעם
ער זאגט ( אונ׳ דוא זאלשט זיין שטיקן הערן אין אלים וואש איך דיר הייסט גיבי
אונ׳ דז ער ווייטר זאגט ( אונ׳ איר זאלט טון אל זיין גיבאט וואש איך דיר היי
גיביט ) · דא מיט לאזט ער ווישן דז זיא זאלן זיא ניט פֿר וועקסלן מיט ק
אנדרה תורה · אונ׳ מיט דעם דז ער דר נאך זאגט ( אזו דוא ווערשט הערן ד
שטים פֿון גאט דיין גאט צו היטן זיין גיבאט וואש אין דיזה ספֿר תורה גישרי
שטיט ) · דא מיט האט ער גאנץ קלאר ביטייטן דז דיא פֿר זיכֿרונגן אונ׳ ג
פֿר שפרעכֿונגן דיא אין דיזה פרשה פֿר הייסן זיין · דיא ווערן גישעהן אז א
ווערן היטן דיא מצות דיא אין תורת משה גישריבן שטין אונ׳ אין קיין אנדרה
אונ׳ פֿון דיא האט ער גיזאגט וואש איך דיר הייסט גיביט · אונ׳ דש איז א
וואר האפֿטיג ביוויז דז דיזה תורה דיא איר אילונד האבן דיא קען קיין אמל
פֿר וועקסלט נאך פֿר ענדרט ווערן · אך מיט דעם דז ער זאגט ( דיא תור
האט אונז משה גיבאטן צו איין ערב טייל פֿר דיא פֿר זאמלונג פֿון יעקב ) גי
ער צו קענן דז דיא תורת משה האט קיין אויף הערונג אונ׳ קיין גיזעצטה צ
זיא לאנג אן זאל זיא האלטן גלייך דיא נוצרים זאגן · דען גלייך וויא אין ירוש
דיא הערט אין קיין דור אויף נייארט זיא גיט אל צייט פֿון איין דור צום אנדרן
ווערט קיין צייט גישטעלט וויא לאנג אין ירושה זאל גיווערן · אזו איז אך ד
תורת משה איין ערבניש פֿר דיא פֿר זאמלונג פֿון יעקב דז זיא זאלן זיא ער
אונ׳ ביוארן אין אלי דורות אזו לאנג אז דיא וועלט שטיט גלייך דברים ל
( דען זיא ווערט ניט פֿר געסן ווערן אויז דען אונד פֿון זיין זאמן )
וויל ער ניט זאגט דז זיא איז איין ערבניש פֿר דש הויז גיזינד פֿון יעקב א
דען זאמן פֿון יעקב · זא ווייזט ער דא מיט דז דיא תורה ווערט ניט אליין
ערבניש זיין פֿר דיא קינדר פֿון יעקב נייארט אך פֿר אלי דיא זיך צו זיא
זאמלן פֿון דיא גרים וועלכי זיין די קינדר דר פֿרעאדי דיא זיך צו גאט ביהעפֿ
אום אים צו דינן · גלייך ישעי׳ נ״ו ( אונ׳ דיא קינדר דר פֿרעמדן דיא זיך צו ג
ביהעפֿטן אום אים צו דינן אונ׳ דען נאמן פֿון גאט ליב צו האבן אום זיין קנע
צו זיין איין איטליכר דער דען שבת היט אום אים ניט צו ענטהייליגן אונ׳ די איין

בונד

בונר אן גרייפֿן) פֿון וועלכי גיזאגט ווערט אין ישעי' י"ד (אונ' דער גר ווערט
זיך צו זיא ביהעפֿטן אונ' זיא ווערן זיך דר בייא פֿיגן צו דש הויז גיזינד פֿון יעקב)·
אונ' דז ער זאגט (זיא זיינן וואהרהאפֿטיג אונ' זיין גיבאט · זיא זיינן אונטר לעהנט
אויף איביג) · האט איט ווייזט ער נוך דז דיא אלות דיא אין דיא תורה שטין דיא
ביטטין אימר אונ' איביג · דען דש ווארט (לעד) אונ' (לעולם) ביטייט אויף
דיא איביקייט דיא ניאר אער אויף הערט · גלייך תהלים קמ"ח (אונ' ער האט
זיא גישטעלט (לעד לעולם) אויף אימר אונ' איביג · ער האט דש גיזעץ גיגעבן
דז עש זאל ניט אויף הערן) · אוז נוך אז ער זאגט (אונ' איך ווער דיין תורה
היטן שטעטיגליך אימר אונ' איבג) · דש ווייזט גוויש אויף דיא איביקייט אונ'
אויף קיין צייט · דען איר פֿינדן אין שמות ט"ו (גאט ווערט קיניגן (לעולם
ועד) אימר אונ' איביג) · נוך וואש אלאבי דער לעצטר פֿון דיא נביאים האט
גיזאגט אם ענד פֿון זיין נבואה דיא איך אייך פֿון גאט גיזאגט גיווארן (גידענקט
דיא תורה פֿון משה איין קנעכט דיא איך איים האב גיבאטן אין חורב פֿון וועגן
כל ישראל גיזעצן אונ' גריכט) · לאזט ער נוך וויסן דז עש ווערט קיין אנדר קיין
אנדרה תורה זיין אוז נור אליין דיא תורה פֿון משה די גיגעבן איז אויף דעם בארג
סיני וועלכר אך חורב גינענט ווערט · אוז אך דר חכם דר נוצרי (שיאון בורני)
האט גישריבן אין זיין בוך דז דאז הייסט איברונים דז דיא געטליכה תורה דיא אן
ישראל גיגעבן איז דורך משה אויף דעם בארג חורב די איז גאנץ אונ' איביגליך
אונ' אנדר דיזה איז קיין אנדרה געטליכה תורה · אונ' דז דיא דאז זאגן דז עש זיינן
צווייא תורות די איינה איז תורת משה אונ' די אנדרי (להבדיל) תורת ישו · דיא
זיינן זיך טועה · דען ישו האט קיין תורה גיגעבן נייארט ער האט גיבאטן דז
אן זאל דיא תורת משה האלטן · אונ' האט דארטן פֿיל בווייז גיבראכט אויז די
נביאים אונ' אויז דען שכל גלייך דאז קענשט זעהן אין דף נ"ט אונ' א"א אונ' אויך
אנדרי ערטר אין זיין בוך :

## פרק ב ישעיה ב

אונ' פֿיל פֿעלקר ווערן גין אונ' ווערן זאגן גיט אונ' איר וועלן ארויף גין צו דעם
בארג פֿון גאט צו דש הויז פֿון דעם גאט פֿון יעקב אונ' ער ווערט אונש
לערנן פֿון זיין וועגן אונ' איר וועלן גין אין זיין שטעגן · דען פֿון ציון ווערט דיא
תורה אויש גין אונ' דיא ריד פֿון גאט פֿון ירושלים · אויט דיזן פסוק אונ' אויש
ישעי' נ"א (פֿר נעאט צו איר איין פֿאלק אונ' איין פֿר זאאלונג הערט איר צו
דען דיא תורה ווערט פֿון איר אויש גין אונ' איין גריכט ווערט איין ליכט זיין צו
דיא פֿעלקר וואו דורך איך ווער זיא אאבן רואן) · פֿר שטין דיא נוצרים דז
ישעי' הנביא האט אין דיזי פסוקים גיפראפֿעצייאט פֿון איין נייאה תורה
געטליכה אוז דיא תורה פֿון ישו הנוצרי · וויל ביקענט איז דז דיא תורת משה איז

גיגעבן אויף דעם בערג סיני אבר ישו האט איין נייאה תורה גיגעבן אין ציון
ענטפֿרט · דאש הויט קען מן ניקט בווייזן · דען מיר האבן שון בווייזן אי
פֿאריגן פרק מיט קרעפֿטיגי בווייזי דז דיא תורה פֿון מש
רבינו ע"ה איז גאנץ אונ׳ איביגליך אונ׳ דז אנדר דיא תורה איז קיין אנדרה פֿ
גאט גיגעבן · אונ׳ דרום קענן זיא זיך מיט דיזה פסוקים אך ניט העלפֿן · דא
אויט דיזי פסוקים איז ניט צו פֿר שטין דז עש ווערט איין אנדרה תורה פֿון גא
גיגעבן ווערן גלייך וויא זיא פֿר שטין · נייארט דז ער זאגט דז פֿון ציון ווער
אויש גין איין תורה דש איז איין אונטר ווייזונג אונ׳ אונטר ריכֿטונג צו ה
פֿעלקר דורך דען ווארהאפֿטיגן מלך המשיח דער נאך פֿר האפֿט ווערט · גלי
גישריבן שטיט (אונ׳ ער זאל אונש ווייזן פֿון זיין וועגן אונ׳ מיר וועלן גין אין ז
שטעגן) · אונ׳ דער אונטר ווייזר ווערט זיין דער מלך המשיח גלייך עש שטי
(אונ׳ ער ווערט ריכֿטן צווישן דיא פֿעלקר) אונ׳ דער ריכֿטר ווערט זיין דר מל
המשיח · אונ׳ דער גלייכן שטיט אין בראשית מ"א (אונ׳ ער זאגט צו יוסף די
פֿאטר איז קראנק) · אונ׳ עש שטיט ניט ווער עש האט גיזאגט · אזו א
ווייטר (אונ׳ ער מאלט עש ביקענט מן יעקב אונ׳ זאגט) · אונ׳ עש שטיט ני
ווער · דש ווערט שון פֿון איין גווישן מאן פֿר שטאנדן דער עש האט גיזאגט ·
אונ׳ נאך מער דער גלייכן פסוקים · אזו אך אין ישעי׳ מ"ב ווארין ער אן היב
צו זאגן (איין קנעכֿט ווער איך אונטר לעהן) · דארינן ווערט פֿר שטאנדן ה
דר ריכֿטר אונ׳ לערנר ווערט זיין דר מלך המשיח · גלייך גישריבן שטיט (ער
ווערט דש גריכֿט מאכֿן אויש גין צו דיא פֿעלקר אונ׳ צו זיין תורה ווערן דיא א
ווארטר האפֿן) · אזו אך דז ער זאגט (דען דיא תורה ווערט פֿון מיר אויש ג
אונ׳ איין גריכֿט ווערט זיין צו ליכט צו דיא פֿעלקר אום זיא צו מאכֿן ר
דש ווערט אך פֿר שטאנדן דורך דען מלך המשיח · אונ׳ דז ער זאגט (אונ׳ ער
ווערט ריכֿטן צווישן דיא פֿעלקר אונ׳ ווערט פֿיל פֿעלקר בישטראפֿן אונ׳ זיא ווער
אירי שווערדר צו שטוסן צו זיכֿלן) · דש איז דז ווען עש מאכֿט איין שטרייט זיין
צווישן איין פֿאלק אונ׳ דש אנדרי אדר זיא זעלטן אייכר פֿון דען אנדרן וואש
פֿאדרן · ווערן זיא פֿר דש גריכֿט קומן פֿר דען מלך המשיח דער דא ווערט
זיין איין העכר איבר אלי פֿעלקר אונ׳ ער ווערט זיא שטראפֿן אונ׳ ריכֿטן אונ׳ ווערט
דען גירעכֿטן גירעכֿט מאכֿן אונ׳ דען רשע בישולדיגן אונ׳ ווערט פֿריד צווישן זיא
מאכֿן אונ׳ עש ווערט קיין שטרייט זיין צווישן איין פֿאלק אונ׳ דש אנדרי אונ׳ דרום
ווערן זיא קיין שטרייט גיפֿעס ניטיג האבן אונ׳ ווערן זיא צו שטוסן אום גיפֿעס
צו מאכֿן אום אין דש לאנד צו ארבייטן גלייך גיזאגט ווערט (אונ׳ זיא ווערן אירי
שווערדר צו שטוסן צו זיכֿלן אונ׳ אירי שפיסן צו שנייד מעסר · איין פֿאלק ווערט
קעגן דש אנדרי קיין שווערד אויף היבן אונ׳ זיא ווערן קיין שטרייט מער לערנן) ·
אזו איז דיא ביטייטונג פֿון דיזה פסוקים (דען פֿון ציון ווערט אויש גין דיא

תורה) ・ אונ' (דען דיא תורה ווערט פון איר אויש גין) ・ דש איז דיא אונטר
ריכטונג ・ אזו אך (אונ' צו זיין תורה ווערן דיא אינזל אונטר האפן) ・ דש איז
אונ' צו זיין אונטר ריכטונג ・ אונ' דיזה אויש לייגונג קענן אין ביווייזן אויש משלי א'
(הער איין זון דיא שטראף דיר פון דיין פאטר אונ' פר לאז ניט דיא תורה פון
דיין מוטר) ・ ווען ליכט צו פר שטין איז דיא אונטר ריכטונג פון דיין מוטר ・ אונ'
אזו האט עש אך (שיאון בודני) אויש גילייגט אין זיין איבר זעצונג דש ספר משלי ・
אונ' דער גלייכן שטיט אך אין משלי ג' (איין זון פר געש ניט איין תורה אונ'
לאז דיין הערץ איין גיבאט היטן) ・ אונ' משלי ד' (דען איך האב אייך איין
גוטה לער גיגעבן איר זאלט איין תורה ניט פר לאזן) ・ דש איז אלש צו פר שטין
איין אונטר ריכטונג ・ דען מן קען דאך ניט זאגן דז שלמה המלך ע"ה אודר איינר
פון זיין ווייבר זעלטן איין אנדרי תורה גישריבן האבן אודר דיא תורה פון משה ・
גלייך אך ארטין לחוין האב טון ער שטרייט קעגן אונש אין דיזה אויש לייגונג ・
איז ער גיצוואונגן דש צו ביקענן אין זיין דיאלוגו בוך דף כ"ה דז ער זאגט עש זייא
דיא אונטר ריכטונג פון דיא מוטר פון שלמה המלך אודר זונשטן אל דיא אנדרי
אונטר ריכטונגן דיא אין משלי שטין דיא האט שלמה אלי גינענט מיט דען נאמן
פון תורה ・ אלזו קענסטו זעהן דז דיא נוצרים קענן אויש דיזי פסוקים אך ניקש
ביווייזן דז איין אנדרה תורה זעלט זיין אודר דיא פון משה רבינו ע"ה גלייך איר
אין דען פארגין פרק וואל אונ' קלאר ביוויזן האבן:

## פרק כא ישעיה ז

**דארום** ווערט אייך גאט איין צייכן געבן דז דיא יונגה פרויא ווערט טראגן
ווערן אונ' ווערט איין זון גיברן אונ' דוא זאלשט זיין נאמן נענן גאט
איז מיט אונש ・ אויש דען פסוק ברענגן זיא ביוויז אויף איר גלויבן דז זיא זאגן
וויא דר נביא האט אן גיזייגט דז ישו נוצרי ווערט גיבארן ווערן פון איין יונג
פרויא איין אייה פון דיא טעכטר דר קינדר ישראל אונדר איין אמגליכה
ביהעפטונג ・ גייארט דורך דען רוח הקודש גלייך גישריבן איז אין מטן גלין אין
אטיאוש פרק א':

**ענטפרם** דש זאגן דיא נוצרים אויש איר אייגינן פר שטאנד אבר אויש
דען פסוק קענן עש ניט ביוויזן ווערן ・ דען דש ווארט (עלמה)
וואש אין דעם פסוק שטיט דש איז ניט טייטש איין בתולה גלייך וויא זיא זאגן ・
גייארט (עלמה) איז אזו פיל אז (נערה) איין יונגה פרויא ・ דען אין
בראשית כ"ד זאגט ער ערשט (אונ' עש ווערט זיין דיא (נערה) דז איך
ווער צו איר זאגן) אונ' דר נאך זאגט ער (אונ' עש ווערט זיין (העלמה) דיא
דא ווערט אויש גין שעפן אונ' איך ווער צו איר זאגן) ・ אונ' אזו וואול איז

(נערה) ווערט גיזאגט פֿון איין בתולה אונ' פֿון איינה דיא איין מאן האט · פֿון איין בתולה ווערט גיזאגט אין בראשית כ"ד (אונ' דיא לויפֿט דיא (נערה) אונ' זאגט אין איר מוטר הויז) · אונ' פֿון איינה דיא בימאנט איז שטיט אין רות ב' (צו וועמן גיהערט דיא (נערה) · אזו ווערט אך (עלמה) גיזאגט פֿון איין בתולה אין שמות ב' (אונ' זיא גינג דיא (עלמה) אונ' רופֿט דיא מוטר פֿון דאש קינד) · אונ' פֿון איין בימאנטה שטיט אין משלי ל' (אונ' דר זיטן פֿון איין מאן איז (בעלמה) · דאש איז זונדר ספֿק איינה דיא איין מאן האט · גלייך ער ווייטר בישיידליך זאגט (אזו איז דר זיטן פֿון איין פֿרויא דיא אום קיישט) אונ' אזו וואל אז גיזאגט ווערט (עלמה) אונ' (נערה) פֿון איין נקבה אין איין צייט פֿון דאש אייגינשטה אענט · אזו ווערט אך גיזאגט (עלם) אונ' (נער) פֿון איין מענש פרשון צו איינר צייט · אין שמואל א' י"ז (וועמן גהערט (זה הער) דער יונג) · אונ' ווייטר שטיט (וועמן גיהערט (זה העלם) דער יונג) · אונ' נאך פֿיל מער דער גלייכן · אין ישעי' נ"ד (דען דיא שאנד (עלומיך) פֿון דיין יוגנט ווערשטו פֿר געסן) · דאש איז גלייך אז אין ירמי' ל"א (דיא שאנד (נעורי) פֿון מיין יוגנט) · אלזו ווען אין פסוק שטיט (עלמה) דאש הייסט איין קליינה דיא נאך יונג איז · זיא מאג איין בתולה אדר בימאנט זיין · אזו אוך איין מענש פרשון דער נאך יונג איז דער הייסט (עלם) · גלייך (וועמן גיהערט (זה העלם) דער יונגר פמרשון) · אונ' וויל דיא פֿרויא פֿון ישעי' הנביא וואר נאך יונג · פֿון יארן דארום נענט זיא דער פסוק (עלמה) · אך דיא זאך וואש אין דעם קאפיטל שטיט דאש שטרייט זיכרליך קעגן איר ריד · דען וויל אחז מלך יהודה האט זיך זער גיפֿערכט פֿר דיא צוויא קיניגן · דען פקח מלך ישראל אונ' פֿר רצין מלך ארם · וויל ער האט גיהערט דז זיא האבן זיך ביידא אנגנדר גיפֿיגט אום קעגן ירושלים צו שטרייטן · זא פֿערכט ער זיך דז זיא אים זעלטן קריגן · גלייך ישעי' ז' (אונ' עש וואר גיזאגט אן דאש הויז גיזינד פֿון דוד דיא ארם האט זיך ביהעפֿט מיט אפֿרים · זא וואר פֿר וואגלט זיין הערץ אונ' דאש הערץ פֿון זיין פֿאלק גלייך זיך פֿר וואגלן דיא בעם אין וואלד פֿר דעם ווינד) · דארום האט גאט צו אים גישיקט ישעי' הנביא אום אים צו פֿר שטערקן אונ' מוט צו מאכן דז ער זאל זיך פֿר זיא ניקש פֿערכטן אונ' ניט פֿר צאגן דען איר ראט ווערט קיין בישטאנד האבן אונ' ניט גישעהן · אונ' דארום האט אים גאט איין צייכן גיגעבן דז ער זאל גלייבן דז זיא ווערן ירושלים ניט איין נעמן · ניימרט דז אך דאש לאנד פֿון שומרון אונ' דמשק ווערט פֿר לאזן ווערן אונ' אין איין קורצה צייט פֿר וויסט ווערן ווי אין פסוק בישיידליך שטיט · אונ' ווען דר פסוק זעלט רידן פֿון ישו גלייך ווי זיא זאגן · וואש זעלט דער אחז פֿר איין צייכן האבן פֿון איין זאך וואש ערשט מער אז פֿינף הונדרט יאר נאך זיין טוט ווערט גישעהן · אונ' וויא ווערט ער זיך קענן זיין הערץ פֿר שטערקן אונ'

אומט אלבן דורך איין זאך דיא אין זיין לייט ניט ווערט גישעהן · אונ׳ דיזע
ווייטר זאגט (דען דער הויבט פֿון ארם איז דמשק אונ׳ דר הויבט פֿון דמשק איז
רצין · אונ׳ נאך פֿינף אונ׳ זעכציג יאר ווערט אפֿרים צו ברעכן ווערן אונ׳ ווערט
קיין פֿאלק מער זיין) · דש איז דז רצין ווערט איין הייבט אלן איבר דמשק
זיין אונ׳ ניט איבר ירושלים גלייך וויא ער האט גימיינט צו זיין · אונ׳ אזוא אין
אך פֿר שטין דעם פסוק וואש דר נאך שטיט (אונ׳ דר הויבט פֿון אפֿרים איז
שומרון אונ׳ דר הויבט פֿון שומרון איז בן רמליהו) · אונ׳ דיזער זאגט (אפֿרים
ווערט צו ברעכן ווערן אונ׳ ווערט קיין פֿאלק מער זיין) · דש איז דז ארם מיט
אפֿרים ווערן צו ברעכן ווערן אונ׳ ווערן קיין פֿאלק זיין · דען אין דעם פסוק
רעט ער פֿון ארם · אבר וואש אן גיט דיא רעכנונג פֿון פֿינף אונ׳ זעכציג יאר ·
דש היבט זיך ניט אן פֿון דיזה פראפֿעצייאונג דען צו דיזר צייט וואר דיא יונגה
פֿרויא דש ווייב פֿון דעם נביא טראגן אונ׳ גווינט אין זון דער גינענט ווערט
(עמנו אל) גאט איז מיט אונש · אונ׳ דער אך גינענט וואר (מהר שלל חש בז)
דז אן ווערט איילן דען רויב · אונ׳ פֿון אים ווערט גיזאגט אין ישעיה ח׳ (דען
אי דער יונג ווערט קענן רופֿן פֿאטר אונ׳ מוטר ווערט אן וועק טראגן דש
גוט פֿון דמשק אונ׳ דען רויב פֿון שומרון פֿר דען קיניג אשור) אונ׳ דש גישאך
אלזו · גלייך מלכים ב׳ י״ו (אונ׳ ער פֿאלגט אים דר אלך אשור אונ׳ דער אלך
אשור גינג ארויף נאך דמשק אונ׳ האט זיא ביצוואונגן אונ׳ פֿר טריבן נאך קיר
אונ׳ דעם רצין האט ער גיטיט) · אונ׳ פֿון פקח שטיט אין מלכים ב׳ ט״ו (אין
דיא טעג פֿון פקח אלך ישראל קאם תגלת פלאסר אלך אשור אונ׳ נאם עיון אונ׳
אבל בית מעכה אונ׳ ינוח אונ׳ קדש אונ׳ חציר אונ׳ גלעד אונ׳ גלילה דש גאנצה
לאנד פֿון נפתלי אונ׳ פֿר טריב זיא נאך אשור · אונ׳ הושע בן אלה האט אורד
גיוועזן קעגן פקח בן רמליהו אונ׳ ער שלוג אים אונ׳ טיטט אים אונ׳ קיניגט אן זיין
שטאט אין דש צוואנציגשטה יאר פֿון יותם דער זון פֿון עוזיה) · דארום אזו
אן פֿר שטין דעם פסוק פֿון די פֿינף אונ׳ זעכציג יאר אז עש ווערט אום ענד זיין
פֿינף אונ׳ זעכציג יאר פֿון דיא נבואה פֿון עמוס דער דא האט גיפראפֿעצייאט
אויף דמשק · גלייך עמוס א׳ (אונ׳ איך ווער צו ברעכן דיא ריגל פֿון דמשק ·
אונ׳ ווער פֿר שפיירן דען איין וואונר פֿון דעם טאל און · אונ׳ דער איין רוט ווערט
אן גרייפֿן פֿון דש הויז עדן · אונ׳ ווערן איט ארם פֿר טריבן ווערן נאך קיר
זאגט גאט) · אונ׳ פֿון ישראל האט ער אך דער גלייכן גיפראפֿעצייאט אין
עמוס ז׳ (אונ׳ ישראל ווערט פֿר טריבן ווערן פֿון זיין ערטרייך) · דארויש
קען אן זעהן דז אי דרייא יאר פֿר פֿילט וואורן פֿון דיזה נבואה וואר אקם אונ׳
פֿיל פֿון ישראל פֿר טריבן אין דש לאנד פֿון אשור · אונ׳ איר אלכים ועלכי
וואורן רצין אונ׳ פקח וואורן גיטיט · דען אין דש צוואנציגשטה יאר פֿון יותם
וועלכיש וואר דש פֿירדי יאר פֿון אחז האט הושע בן אלה גיטאטן דען פקח בן
רמליהו

דאליהו אונ' רעגירט אן זיין שטאט · אונ' וואָרום דז דר פסוק זאגט דש
צוואנציגשטה יאר פֿון יותם אונ' ווייטר זאגט ער דז ער האט ניט אבר אז
זעכצעהן יאר גירעגירט · דאז העט ער זעלן זאגן דש פֿירדי יאר פֿון זיין זין
אחז · דש איז וויל אחז וואר איין רשע דארום האט דיא שריפֿט ניט גיצעלט
זאלן פֿון יותם דער שון טוט וואר אז פֿון אחז דער נאך לעבט · אבר דש ענד
פֿון דיא פֿיר אונ' זעכציג יאר דש וואר אין דש נייינטי יאר פֿון הושע בן אלה ·
דען דש זעלביגש אמל וואר דש גלות פֿון כל ישראל · דען דיא נבואה פֿון
עמוס איז גיוועזן צווייא יאר פֿר דעם (רעש) וואש דא איז גוועזן אין בית
המקדש אין דיא צייט פֿון עוזיה · וועלכש גישאך אין דש זיבנצעהנדי יאר
פֿון דיא רעגירונג ירבעם בן יואש דר אלך פֿון ישראל · אונ' דר נאך האט ער
נאך פֿיר אונ' צוואנציג יאר גירעגירט · אונ' אנחם זעהן יאר · אונ' פקחי'
צווייא יאר אונ' פקח צוואנציג יאר אונ' הושע בן אלה ניין יאר · אונ' דען וואָרן
כל ישראל פֿר טריבן · דש אמכט אלש פֿיר אונ' זעכציג יאר · אונ' וואָרום
דז זיא ניט רעכנן דיא זיבן חדשים פֿון זכרי' אונ' שלום · דש איז וויל זיא
וואָרן מיט אין גיצאלן אין דיא גאנצי יארן · אונ' דוא קענשט אך פֿינדן דז ארטין
לחוין דער טרייבר דר נוצרים אין זיין דיאלוגי בוך אין דן קא"א קוואט ער איבר
איין מיט דעם חשבון · אונ' ווען אייכר זעלט פֿרעגן פֿון וואש פֿר איין יונגה פֿרויא
האט ישעי' גפרופֿעצייאט אז ער זאגט (כון איין יונגה פֿרויא ווערט טראגן
ווערן אונ' ווערט איין זון גיווינן) זאלשט ענטפֿרן דז ער האט דש גיזאגט
פֿון זיין אייגינה פֿרויא גלייך איר האבן אובן בישיידן · אונ' דש קען אן
ביווייזן וויל ער האט גיזאגט אין ישעי' ח' (אונ' איך בין גינעהנט צו דיא נביאה
אונ' זיא וואר טראגן אונ' גיווינט · איין זון אונ' גאט זאגט צו איר רוף זיין נאמן אן
ווערט איילן דען רויב) · אונ' ווען אייכר זעלט זאגן דז דער יונג דער אן אחז איז
וואר גיבארן פֿון צייטן דער וואר דאך גינענט (עמנו אל) גאט איז מיט אונטש'
אונ' ניט (אהר שלל חש בז) דז ער ווערט העבן רויב איילן · אזו איר אזו
ענטפֿרן · דז דער יונג איז מיט דיזי דרייא נאמן גינענט · גיוואָרן וועלכי
ביטייטן אויף דרייא אלפֿים · דען אין אן זעהונג פֿון דען אלך יהודה וואר ער
גינענט (עמנו אל) אום צו ווייזן דז פֿון דעם טאג אן אז דער יונג ווערט גיבארן
ווערן ווערט גאט מיט זיא זיין אונ' ווערן שלום האבן · אונ' אין אן זעהונג פֿון
דען אלך ישראל וואר ער גינענט (אהר שלל) · אונ' ווען דען אלך ארם וואר
ער גינענט (חש בז) · דען דיזי צווייא קיניגן מיט אל דש אירגה ווערן באלד
צו איין רויב זיין צו דען אלך אשור · דען דיא ביטייטונג פֿון דיא צווייא נאמן
(אהר שלל) אונ' (חש בז) · איז אלש אייכש דז אן ווערט איילן דען רויב אונ' אייכש
ווייזט אויף דש אגדה · אונ' ווייטר זאגט ער פֿון (עמנו אל) דז אי דער יונג
ווערט וויסן דש ביזה צו פֿר שמעהן אונ' דש גוטה צו אויש דר ווילן ווערט דיא ערד

פֿר

פֿר לאזן ווערן וועלכה דרום פֿר שטעהשט פֿון וועגן מירי לוויא אלהים)׃ אונ׳ פֿון
(אהר שלל חש בז) זאגט ער אין ישעי׳ ח׳ (דז אי דר יונג ווערט ווישן צו רופֿן
פֿאטר אונ׳ מוטר ווערט אן ווערן טרגן דש גוט פֿון דמשק׃ אונ׳ דען רויב פֿון
שומרון פֿר דען אלך אשור) ׃ אונ׳ וויל דאך מיט דיזי לוויא פסוקים ווערט
מיינדליא זאך פֿר שטאנדן ׃ אלזו ווערט אך נור פֿון איין יונג פֿר שטאנדן
וועלכש וואר דער זון פֿון ישעי׳ הנביא דער מיט דיזי דרייא נעמן גינענט ווערט
צו נויץ לייבן אונ׳ סימן צו היזי דרייא אלהים גלייך איר המבין בישיידן ׃ גלייך אך
איין ערשטר זון איט לוויא נעמן גינענט אוז (שאר ישוב)׃ וועלכש איין
לייבן אוז אויף דיא צעהן שבֿטים אונ׳ אויף יהודה׃ דז ער וואר (שאר) גינענט
דש וואר איין לייבן אויף דיא צעהן שבֿטים דיא אין איר גלות ווערן בלייבן אז
יהודה אונ׳ בניאמין ווערן ווידר קומן אויש בבל׃ אונ׳ (ישוב) ווערט ער גינענט
צום לייבן אויף בניאמין אונ׳ יהודה דז זיא ווערן ווידר קומן קען ירושלים נאך דעם
אז אין בבל ווערן די זיבנציג יאר דר פֿינט זיין׃ אונ׳ דמרום הוט דער נביא ישעי׳
גיזאגט נאך דעם אז זיין צווייטר זון וואר איים גיבארן אין ישעי׳ ח׳ (זעה דז
איך אונ׳ דיא קינדר דיא איר גאט האט גיגעבן צו לייבן אונ׳ וואונדר אונטר
ישראל)׃ אונ׳ אום דיזה דרייא גינשטה אורזאך האט גאט צו אים גיזאגט דז ער
זאל אויש גין קעגן אחז איט (שאר ישוב) זיין זון אוב טונער וואר נאך קליין׃
אום צו ווייזן דז אחז וואל אז דיזר זון איט זיין לוויא נעמן (שאר ישוב) דיא קעגן
אנגדר שטרייטן גלייך איר המבין בישיידן דיא זיינן צו איין לייבן אונ׳ בווייז אויף
אפֿרים אונ׳ יהודה אויף פֿמר במרג כי זאכֿן ׃ אז ווערט אך זיין דער אנדרר
זון דער דא ווערט גיבארן ווערן איט זיין הרייא קעגן אנגדר שטרייטיגי נעמן
וועלכי זיינן (עמנו אל) גאט איז איט אונש׃ אונ׳ (אהר שלל) אונ׳ (חש בז)
דז אן ווערט איילן דען רויב׃ צום לייבן אונ׳ בווייז אויף דיא זאכֿן דיא זיא ווערן
איבר קומן׃ אונ׳ דז דער רד"ק שטרייט דר קיגן דז (עמנו אל) זאלט זיין דר
זון פֿון דען נביא וויל ווייטר שטיט (דש קלענטשטה גליד פֿון זיין פֿליגל ווערט דיא
ברייטה פֿון דיין לאנד דר פֿילן (עמנו אל)׃ אזו וויל ער זאגט דיין (לאנד)
דמרום איז ער דער זון פֿון דען אך גיוועזן׃ דמרויש קען ער ניקט בווייזן׃
דען דז ער זאגט דיין לאנד דש איז דש לאנד וואו דרום בישט גיבארן׃ גלייך
בראשית י"ב (אונ׳ גאט זאגט צו אברהם גיא אויש דיין לאנד) אונ׳ אברהם וואר
פֿאטר וואר ניט דר הער פֿון דאט לאנד וואו ער איז ארויש גיגאנגן כייארט
וויל עש וואר דש לאנד וואו ער וואר גיבארן דמרום הייסט עש זיין לאנד׃
אזו אך אין ירמי׳ י"ב (אונ׳ איך ווער זיא ווידר ברענגן איין איידרן צו זיין ערב
אונ׳ זיין לאנד)׃ אונ׳ דמריבר איז אך צו פֿר וואונדרן דז וויל ער וואר איין זון פֿון
דען אלך נאך דעם אז ער האט ניט גירעגירט אן שטאט פֿון זיין פֿאטר וויא
זאל דען ארץ ישראל זיין לאנד גינענט ווערן׃ אוך וואט דר רד"ק ז"ל זאגט דז
ווען

ווען דיא יונגה פֿרויא ווער גיוועזן דש ווייב פֿון דען נביא העט ער זעלן זאגן דיא
נביאה אויז טראגן גלייך ער ווייטר זאגט (אונ' איך בין גינעהנט צו דיא (נביאה)
דארויף קען מן ענטפֿרן דז ער האט דש גיזאגט צו לאזן וויסן דז זיין ווייב וואר צו
דער צייט נאך יונג. פֿון יארן ווען שון ער האט שון איין אנדרן זון פֿון איר גיהאט
דער גינענט וואר (שאר ישוב) . אבר דז ער דר נאך זאגט (אונ' איך בין
גינעהנט צו דיא (נביאה) . דמר אייט האט ער בישייטן דז דיא גיאעלדטה
יונגה פֿרויא וואר זיין ווייב . אדר ער האט אזו גיזאגט ווייא ער האט עש פֿון גאט
גיהערט (אז דיא יונגה פֿרויא אויז טראגן) . אבר (אונ' איך בין גינעהנט צו
דיא (נביאה) דש האט דר נביא אויש זיך זעלבשט גירעט . אונ' איך דונקט
דז דער נביא ישעי' ע"ה אז ער האט גיזאגט (דיא יונגה פֿרויא אויז טראגן)
האט ער זעלבר ניט גיוואושט דז ער דש נביאות זאגט פֿון זיין פֿרויא . גלייך
אך שמואל הנביא ווען שון ער וואר אין גרעשטרי מעלה אין נביאות אז ישעי'
הנביא האט ער דאך ניט גיוואושט דז ער האט פֿון דער נביאות גיזאגט אז שמואל
האט גיזאגט צו שאול אין שמואל א' י"ג (גאט האט זיך איינם אויש גיזוכט
נאך זיין ווילן אונ' גאט האט אים גיבאטן צו זיין הער איבר זיין פֿאלק) . אך אז
ער זאגט צו אים אין שמואל א' ט"ו (גאט האט הייסן צו רייסן דש קיניגרייך
פֿון ישראל פֿון דיר אונ' האט עש גיגעבן אן דיינם גיזעלן דער בעשר איז אז דוא)
אך זעלבשט אז ער וואר אין דש הויז פֿון ישי האט ער ניט גיוואושט וועלכן פֿון זיין
קינדר ער זאל זאלבן צו דיא מלוכה . דען אז ער זאך דען אליאב זאגט ער (דש
ווערט גוויש דר גיזאלבטר פֿר גאט זיין) . ביז אז דוד פֿר אים קאם האט גאט
צו אים גיזאגט (זאלב אים דען דער איז עש) . אזו האט אך ישעיה הנביא
ניט גיוואושט דז דיא יונגה פֿרויא פֿון וועלכה איך אין דיא נבואה איז גיזאגט
וואר דז דש זיין ווייב איז ביז גאט האט אים זום אנדרן מאל אין דיא נבואה לאזן
וויסן בידעקטרהייט אין ישעי' ח' (אונ' גאט זאגט צו איר נעם דיר איין גרוש
פערמיט אונ' שרייב דרויף מיט איין שרייב גיצייג דז מהר אענט זאל עש קענן
פֿר שטין (למהר שלל חש בז) דז מן ווערט איילן דען רויב) . אונ' ווייטר שטיט
(אונ' איך האב איר ווארהאפֿטיגי צייגן גינומן דעם אוריה הכהן אונ' זכריהו בן
יברכיהו אונ' איך בין גינעהנט צו דיא נביאה אונ' זיא וואר טראגן אונ' גווינט איין
זון . אונ' גאט זאגט צו איר דען זיין נאמן (מהר שלל חש בז) ער ווערט איילן דען
רויב) . דש איז צו פֿר שטין דז נאך דעם ער האט גיזאגט אין דיא נבואה
דז דיא יונגה פֿרויא אויך וועלכה ער האט פֿון צו פֿארן נביאות גיזאגט דש וואר
זיין פֿרויא דיא נביאה . האט ער תכף אזו ווארהאפֿטיגי עדים דרויף ברענגן
אונ' דר נאך איז ער ביי איר גילעגן . אום צו לאזן וויסן דז עש ווערט ניקש
גיבורן פֿון אלים וואש ער האט גירעט אין דיא ריד פֿון גאט . אונ' וואש מן גיט
דז ער האט היר ניט גידאכט דען נאמן (עמנו אל) . דש איז וויל ער איז שון

אובן

אובן גידאכט דז ער וואר אזו גינענט נוך צו וייזן אויף דען׳. אוך יהודה דארום
וואר ער גידאכט ביים דעם פסוק (אונ׳ ער זאגט הערט נון מיר הויז גזינד פון
דוד) · אבר היר מעלדט ער דיזי צוויא נעמן (מהר שלל) אונ׳ (חש בז) מיט
וועלכי ער וואר גינענט נוך צו וייזן אויף דען אלך ישראל אונ׳ אוך דרום גלייך איל
האבן בישיירן · דארום שטיט ווייטר (דען אי דער יונג ווערט וויסן צו רופן
פאטר אונ׳ מוטר ווערט מן אוועק טראגן דש גוט פון דאמשק אונ׳ דען רויב פון
שומרון פר דען מלך אשור) · אך אזו מן וויסן, דז זיין מוטר האט אים גיהייסן
(עמנו אל) גלייך דר פסוק בילייגט · אונ׳ זיין פאטר האט אים גיהייסן (מהר
שלל חש בז) וויא מן האט אים גיבאטן אונ׳ ווארום דר פסוק נענט דעם אחז מיט
דען נאמן פון (בית דוד) אונ׳ נענט אים ניט מיט זיין נאמן אחז גלייך ישעיה
ז׳ (אונ׳ עס וואר גיזאגט אן דען הויז גיזינד פון דוד) · אזו אך (הערט נון מיר
הויז גזינד פון דוד) · דש איז וויל ער וואר מיין דש דארום האט ער אים ניט
גינענט מיט זיין נאמן נוך צו לאזן וויסן דז ניט דורך זיין זכות גיווארט פון וועגן
דען זכות פון זיין פאטר דוד ווערט אים דער לייבן גישעהן · אונ׳ ווען אייכר
זעלט פרעגן וואש איז דש פר איין לייבן אונ׳ וואונדר דז איין ביאמנה פרויא
ווערט טראגן ווערן אונ׳ איין זון גווינן · קענן איר אים אזו ענטפרן · וויא זאל דש
ניט איין לייבן אונ׳ איין וואונדר זיין נאך דעם אמל דז דש טראגן אונ׳ גווינן שטיט
ניט אין דעם ווילן פון דען מאן נאר דיא פרויא · דען עס זיין פיל ווייבר די ניט
טראגן ווערן אזו לאנג אז זיא לעבן אונ׳ טייל ווערן טראגן אונ׳ גווינן ניט נייארט
זיין אפילו · נאר דז זיא זאל דוקא איין זון אונ׳ קיין טאכטר גווינן דש איז אלש ניט
אין דען ווילן פון דיא מענשן · אך דז זיין מוטר זאל דורך דען רוח הקדש דז אויף
איר ווערט רואן זיין נאמן רופן (עמנו אל) צו איין לייבן אונ׳ סימן אויף דיא
בישטראונג פון דש מלכות יהודה אונ׳ ירושלים פון די הענד דר צוויא קיניגן דיא
קעגן איר שטרייטן · אך דז אזו באלד אז דער יונג ווערט גיבארן ווערן ווערט
ער ניט זינגן פון דיא בריסט פון זיין מוטר גלייך וויא אנדרי קינדר · נייארט
ער ווערט פוטר אונ׳ האניק עסן · גלייך ישעי׳ ז׳ (פוטר אונ׳ האניק ווערט ער
עסן דז ער ווערט וויסן צו פר שטעהן דש ביזה אונ׳ אויס דר ווילן דש גוטה) · דש
איז וויל ער ווערט פוטר אונ׳ האניק עסן אונ׳ ווערט ניט ברויכן דיא מילך פון
זיין מוטר דש ווערט איין צייכן זיין דז ער ווערט וויסן צו פר שטעהן דס ביזה
אונ׳ אויס דר ווילן דש גוטה מער אז אנדרי קינדר דיא קלאר פון פר שטאנד זיין
דען דר אנפאנג פון דיזה אויס דר ווילונג ווערט ער האבן פון דיא צייט אז ער
ווערט אן היבן צו רידן אונ׳ צו רופן פאטר אונ׳ מוטר · וועלכש ניט אזו איז ביים
אנדרי קינדר · אונ׳ דארום זאגט ער אין ישעי׳ ז׳ (דען אי דער יונג ווערט
וויסן דש ביזה צו פר שטעהן אונ׳ דש גוטה צו אויס דר ווילן) · אונ׳ אין ישעיה ח׳
זאגט ער (דען אי דער יונג ווערט קענן רופן פאטר אונ׳ מוטר) דען דש עסן

פֿון פוטר אונ׳ האניק שארפֿט דען שכל ווייל זיא זיינן ווארם אין דיא טבע · אבר
דיא מילך הינדרט אונ׳ האלט דען פר שטאנד אויך ווייל זיא איז קאלט בטבע ·
גלייך ישעי׳ כ״ח ( ווען זאל אן דיא וויש טראפט לערנן אונ׳ וועמן זאל אן צו פֿר
שטין געבן וואש אן האט גיהערט · זיא זיינן אז ווען זיא ווערן ערשט פֿון די מילך
אב גיוויינט אונ׳ פֿון דיא ברישט אב גירוקט ) דאש איז אן קען זיא קיין פֿר
שטענדיגי זאכן לערנן אונ׳ נאך פֿיל וויניגר קען אן זיא צו פֿר שטין געבן וואש פֿון
גאט איז גיהערט גיווארן · ווייל זיא האבן קיין פֿר שטאנד אונ׳ זיינן גלייך אז ווען
זיא ווערן ערשט איצונר אב גיוויינט פֿון דיא מילך פֿון איר מוטר אונ׳ פֿר רוקט פֿון
דיא ברישט · אונ׳ וואש דיא נוצרים זאגן ווען דש קינד ווער גיבארן פֿון איין יונגה
פֿרויא דיא איין אמן האט גלייך וויא אנדרי מענשן · וויא קען א׳ דען זיין נאמן
הייסן ( עמנו אל ) גאט איז מיט אונש · אבר ווייל עש ווער ישו וועלכר פֿון
גאטליכקייט אונ׳ מענשליכקייט צו גלייך ווער דארום ווער ער גינענט ( עמנו אל )
דיא אנטפֿרט איז דז דער גיברויך פֿון דש לשון הקודש ברענגט דש מיט דז אן
פֿלעגט דען נאמן פֿון גאט צו גיברענקן אין דיא נעמן דר מענשן · גלייך אין דיא
נעמן שמואל צוריאל עזיאל מיכאל אליעזר אליאב אליה ישעיה צורי שדי אונ׳ נאך
פֿיל אנדרי נעמן פֿון מענשן אין וועלכי דר נאמן פֿון גאט גידאכט איז · גלייך
בראשית ל״ג ( גאט דער גאט פֿון ישראל ) · אונ׳ שמות י״ז ( גאט איז איין
צייכן ) · וועלכי זיינן נעמן פֿון דש מיזוויליגשטה אזבח דש דא ווערט גינענט נוך
דען נאמן פֿון גאט אונ׳ זיין דינשט · אונ׳ ירמי׳ ל״ג ( גאט איז אונזר גירעכטר ) ·
אונ׳ יחזקאל מ״ח ( גאט איז דארטן ) דש זיין נעמן פֿון ירושלים דיא הייליגה
שטאט אים וועלכי זיא ווערט גינענט ווערן אין דיא טעג פֿון משיח אז די שכינה
ווערט ווידר הין קומן · אבר דז ישו זאלט גינענט ווערן מיט דען נאמן ( עמנו אל )
דש פֿינדן איר נירגנץ אין און גליון נייארט אין מטיאוש פרק א׳ דז דר מלאך הוט
גיזאגט צו יוסף אין זיין טרוים פֿערכט דיך ניקש צו אנטפֿאנגן מרים דיין וויב
דען זיא איז טראגן פֿון דען רוח הקודש אונ׳ זיא ווערט איין זון גווינן אונ׳ זאלשט
זיין נאמן הייסן ישוע דען ער ווערט זיין פֿאלק העלפֿן פֿון איר זינד · אונ׳ דש אלש
ווערט גשעהן אויף דז עש זאל דר פֿילט ווערן וואש דר נביא הוט גיזאגט נון איין יונג
פֿרויא ווערט טראגן ווערן אונ׳ ווערט איין זון גווינן אונ׳ זי ווערט אים הייסן עמנו אל
ווייטר זאגט ער אונ׳ יוסף נאם זיין פֿרויא אונ׳ ער ביקענט זיא ניט ביז זיא הוט זיין
ערשטאן גיווונן אונ׳ ער נענט זיין נאמן ישוע · אונ׳ אין לוקוס פרק ב׳ אונ׳ נאך די
פֿר פֿילונג פֿון אכט טאגן וואר דער יונג בישניטן אונ׳ ער רופֿט זיין נאמן ישוע
גלייך ער איז גינענט גיווארן פֿון דען ענגל אי זיא וואר טראגן · אלזו קען אן
דארויש זעהן דז עמנואל וואר ניט ישו דען ישו וואר נירגנץ גינענט עמנואל · אונ׳
דז ער וואר ישוע גינענט דש גישאך אזו ביים צו פֿאל · דען צו דער צייט וואָרן
פֿיל יהודים ישוע גינענט גלייך איר פֿינדן אין עזרא ב׳ ג׳ י׳ אונ׳ דברי הימים ב׳

ל״א · אונ׳ וויל דיא גוים נענן אים ניט אין איר לשון ישוע מיט דר ע׳ נייארט
ישו אדר יזו דארום נענן אים דיא יהודים אך ישו זונדר ע׳ · אלזו קענן זיא
אך אויש דעם נאמן פֿון ישוע וועלכן זיא הייסן יזו קיין הילף נאך ביוויז ברענגן
אויף איר גלויבן פֿאלגנש דיא ריר פֿון מטיאוש · דען דיא נוצרים הייסן אך
אין איר לשון יזו דעם יהושע בן סירך דער אן די נוצרים האט איין בוך גשריבן
וועלכש אין איר לשון גינענט ווערט עקלעזיאסטיקוס · אונ׳ ווען איינר זעלט
פֿרעגן פֿון וואן ווערט דען גיפראפֿעצייאט אין ישעי׳ ט׳ (דען איין קינד איז
אונש גיבארן איין זון איז אונש גיגעבן אונ׳ דיא הערשאפֿט ווערט זיין אויף זיין
אקסיל אונ׳ ער רופֿט זיין נאמן איין וואונדרליכר ראט געבר איין שטארקר גאט
איין איביגר פֿאטר איין הער פֿון פֿרידן צו מערן דיא הערשאפֿט אונ׳ צו דען
פֿריד ווערט קיין ענד זיין אויף דעם שטול פֿון דוד אונ׳ אויף זיין קיניגרייך אום דיא
זעלביגה צו בירייטן אונ׳ אונטר צעהן מיט גירעכט אונ׳ גירעכטיקייט) ·
דארויף קענן איר אזו ענטפֿרן · דז דיזי פסוקים האט דר נביא גיזאגט פֿון
יחזקיה מלך יהודה וויל אין דיא טעג פֿון זיין רעגירונג וואר איין גרושה הילף צו
ישראל דז דר מלאך פֿון גאט האט גישלאגן אין דיא שאר פֿון סנחריב מלך אשור
אז ער קאם צו שטרייטן פֿר ירושלים הונדרט אונ׳ פֿינף אונ׳ אכציג טויזנט שטארקי
העלדן · אונ׳ דאר פֿון האט ער גיזאגט דז דש גרושה נס פֿון דען פֿאלדר
שאר פֿון סנחריב פֿון וועלכן אין דיא פֿאריגי פסוקים גידאכט איז · דש
ווערט גישעהן פֿון וועגן דיא גירעכטיקייט פֿון דש קינד וואש אונש גיבארן איז
אונ׳ דער זון דער טון אן אונש איז גיגעבן · דען אז אחז וואר מלך וואר זיין זון
חזקי׳ ניין יאר אלט · גלייך אך דיא ווארהאפֿטיקייט דיזר אויש ליגונג קלאר
אונ׳ ביקענט איז אויש דיא פסוקים דיא צו פֿאר אונ׳ נאהנט בייא דעם פסוק
שטין (דען איין קינד איז אונש גיבארן) · אונ׳ דז ער ווייטר זאגט (אונ׳ ער
רופֿט זיין נאמן איין וואונדרליכר ראט געבר איין שטארקר גאט איין איביגר
פֿאטר איין הער דש פֿרידנש) · דש מוז מן אזו פֿר שטין · דז גאט דער
דא איז איין וואונדרליכר ראט געבר איין איביגר פֿאטר · דער האט גירופֿן
דען נאמן פֿון דש זעלביגה קינד (איין הער דש פֿרידנש) · וויל אין זיין צייטן
ווערט פֿריד זיין צו ישראל · אונ׳ ער האט דארום אל דיזי נעמן אונ׳ לוב גיגעבן
אן גאט יתברך אום צו וויזן אויף דיא זאכן דיא אין דיא צייטן פֿון חזקי׳ ווערן
גישעהן · דז ער זאגט פֿון וואונדר דש ביטייט אויף דיא זן דיא פֿון זייכט וועגן
איז צו רוק גיגאנגן · (איין ראט געבר) וויל דיא ראט פֿון גאט איז גיבליבן
אונ׳ דיא ראט פֿון סנחריב איז פֿר שטערט גיווארן · (איין שטארקר גאט)
וויל ער איז מעכטיג אונ׳ שטארק · דען אויב שון סנחריב איז גיקומן מיט
איין גרוש לעגר אונ׳ שטארקי מחני׳ האט גאט יתברך זיין כח אונ׳ גבורה איבר
זיא גוויזן · דען אין איין קליין אויגן בליק האט ער זיין שאר גישלאגן · (איין
איביגר

איביגר פאטר) דען ער בלייבט אימר אונ' איביג · אונ' ער איז דר פאטר פון דיא לייט דז ער האט דיא לייטן גישטעלט אונ' בישאפן אונ' ער האט אין זיין מאכט צו פר מערן אונ' פר מינרן גלייך ער האט דש לעבן פון חזקיה פר לענגרט יאר פר מערט · אונ' ווען איינר זעלט דאר קעגן שטרייטן אונ' זאגן מיר פינדן דאך ניט אין אונזר ביכר דש וואורט (ויקרא) דיא ק' מיט איין שו"א אונ' דיא ר' מיט איין קמ"ץ דז עש זאל טייטש זיין אונ' ער רופט · נייארט דיא ק' מיט איין קמ"ץ אונ' דיא ר' מיט איין ציר"י דען איז עש אזו פיל אז ווען עש זעלט שטין ונקרא אונ' ער איז וואורן גירופן דז עש זאל גין אויף דש קינד דז עש זאל גינענט ווערן מיט אל דיזי נעמן · קענן מיר אזו ענטפרן · מיר ווישן וואול דז מיר איבר זעצר דר נוצרי ירוניאוס האט עש אזו איבר גיזעצט (אונ' ער זאל ווערן גירופן) · וויל זיין סדר אזו איז אין דיא איינצטי פסוקים דז ער האט דיא פרמעלייאונגן איבר גיזעצט נאך זיין אייגינן זין דז זיא זאלן זיך דר מיט קענן העלפן צו איר גלויבן דז משיח ווערט גאט זיין וויל ער ווערט מיט דיזי נעמן גינענט · אונ' דאך הוט ער מיט דעם אליש ניקש גיהאלפן · דען ווען שון אין אונזרי ספרים גישריבן ווער גלייך וויא דער ירוניאוס האט איבר גיזעצט דז דש קינד זאל אל דיזי נעמן האבן · זא קענטן מיר דאך זאגן דז דש קינד וועלכש חזקי' גימיינט איז דער ווערט דארום מיט דיזי נעמן גיהייסן אום דיזי אורזאכן די מיר האבן גשריבן אדר אום אנדרי רעדן גלייך מיר האבן אובן בייזן מיט קלארי אונ' ווארהאפטיגי בייוייז דז דר סדר פון אונזר לשון איז דען נאמן פון גאט צו גידענקן ביים דיא נעמן פון מענשן אונ' ביים אנדרי זאכן · אבר דז ישו זעלט מיט דיזי נעמן גינענט זיין גלייך וויא זיא זאגן דש איז אום מיגליך · דען וויא קענט ער גינענט ווערן איין וואונדרליכר ראט געבר אונ' דער ווישן שאפט האט · אונ' זיין תלמיד האט זיין ראט פר שטערט אז ער האט מיך איבר ענטפרט אן זיין פיינד · אונ' וויא קען ער הייסן איין שטארקר גאט אונ' איז גיטיט גיווארדן · אך וויא קען ער הייסן איין איביגר פאטר · ער איז דאך גישטארבן פר דיא העלפט פון זיין לייט · אך וויא קען ער הייסן איין הער דש פרידינש אונ' אין זיין לייט וואר קיין פריד גלייך וויא ער האט זעלבשט בילייגט אז ער זאגט איך בין ניט גיקומן אום פריד אויף דיא ערד צו מאכן נייארט שווערד · אונ' וואש דיא נוצרים ווילן בייוייזן אויש דעם פסוק (צו מערן דיא הערשאפט אונ' צו דען פריד ווערט קיין ענד זיין) · זאגן זיא ווען דש גינג אויף דש קיניגרייך פון דיזה וועלט וויא זעלט דען זיין קיניגרייך קיין ענד האבן · קענן מיר ענטפרן דז עש ווערט נור אזו גיזאגט אום דיא זאך גרוש צו מאכן דז עש ביטייט עש ווערט איין גרושר שלום זיין · גלייך ישעי' ב' (אונ' זיין לאנד איז פול מיט זילבר אונ' גאלד אונ' עש איז קיין ענד צו זיין אוצרות אונ' זיין לאנד איז פול מיט פערד אונ' עש איז קיין ענד צו זיין רייט וועגן) · אונ' קהלת ד' (אופט איז איינר אליינט אונ' האט

קיין אנדרן בייא זיך אונ' האט אך קיין זון נאך ברודר אונ' עס איז קיין ענד צו אל
זיין ארבייט) אונ' טון קהלת שטיט (צו מאכן פיל ביכר אנדר ענד)· דש אלש
איז ניט צו פֿר שטין דז דיא זאכן האבן קיין ענד ניימרט עש ביטייט דיא
פֿילהייט דר זאכן· אונ' איט דעם דז ער זאגט (אויף דעם שטול פֿון דוד אונ'
אויף זיין קיניגרייך) קאן אן דיא גלחים ביטרייטן דז עס קאן ניט גין אויף
ישו דען ישו איז ניט גיזעסן אויף דעם שטול פֿון דוד אונ' וואר אך קיין אלך איבר
ישראל· אונ' ווען זיא זעלטן דש וויש ליגן פֿון דעם היאלטן שטול· קענן איר
זאגן דז דער שטול פֿון דוד וואר קיין היאלטר שטול· דען דוד המלך ע"ה איז
נור אויף איין מענטשליכן שטול גיזעסן אונ' זיין קיניגרייך וואר מענטשליך· אונ'
דער פסוק זאגט (אויף דעם שטול פֿון דוד אונ' אויף זיין קיניגרייך)· אונ' רעט
פֿון קיין אנדרן היאלטן שטול גלייך וויא זיא פֿר שטין· אונ' דז ער זאגט (אום
דיא זעלביגה צו ביריישן אונ' אונטר צו האלטן איט גירילט אונ' גירעכטיקייט פֿון
איצונד ביז איביג)· דש איז דז ער ווערט ניט וויילן פֿון זיין הערשאפט פֿון
איצונד ביז אויף איביג ווערט דש קיניגרייך פֿון דש הויז גיזינד פֿון דוד בלייבן·
אונ' ווען טון דז עס ווערט אויף הערן אין דיא לייט פֿון גלות· ווערט עס דר
נאך ווידר אין איר ערשטן שטאנד קומן אין דיא לייט פֿון משיח· גלייך יחזקאל
ל"ז (אונ' זיא ווערדרין וואונן זיא אונ' איר קינדר אונ' איר קינדש קינדר ביז
איביג אונ' איין קנעכט דוד ווערט איביג אלך איבר זיא זיין)· דען דיא
גאנצה פרשה ווערט גיזאגט פֿון דיא לייטן פֿון משיח גלייך בישיידליך דרינן
גישריבן שטיט· אונ' ווען איינר זעלט פֿרעגן וואורין ביששיט דען דיא
איביקייט דיא פֿר שטאנדן ווערט אויש דעם פסוק (פֿון איצונד ביז איביג)·
קענן איר ענטפֿרן דז ווען שון איין זאך אין דר איטן אויף הערט דז עס ניט אין
איין שטיק נאך אנדר גיווערט· דש הינדרט דארום ניקש אן דיא נאטוירליכה
איביקייט· דען איר פֿינדן דז דיא אלוה פֿון אילה איז גיגעבן אן דען זאמן פֿון
אברהם יצחק אונ' יעקב צו איין איביגן פֿרבונד גלייך בראשית י"ז (אונ' איין
פֿר בונד זאל זיין אן אייער פֿלייש צו איין איביגן פֿר בונד) אונ' גלייך וואול האט
דיא אלוה אויף גיהערט בייא דש דור דיא אין דיא מדבר זיינן גוועזן דז זיא האבן
דיא אלוה ניט גיקענט האלטן פֿון סכנה וועגן וויל זיא אויף דעם וועג וואורן· אבר
אזו באלד אז זיא קאמן אין ארץ ישראל האבן זיא דיא אלוה ווידר גיהאלטן אז וויא
צום ערשטן אונ' ווערט אך אין די לייטן פֿון משיח גיהאלטן ווערן גלייך דיא נביאים
ע"ה אונש לערנן· גלייך ישעי' נ"ב (דר וועק דיך דר וועק דיך קלייד אן דיין
שטארקייט דוא ציון· ביקלייד דיך איט דיין צירליכי קליידר דוא ירושלים דיא
היליגה שטאט דען עס ווערט ניט אער אין דיר קומן איין אום בישניטנר אונ'
אונריינר)· אזו אך אין יחזקאל מ"ד (אזו האט גאט דער הער גיזאגט איין
איטליכר פֿרעמדר עס זייא דער אום בשניטן פֿון הערצן אודר פֿון פֿלייש איז

דער ווערט ניט קומן אין היילגן אורט) · אך פֿינדן איר דז גאט האט
גיגעבן אן פנחס אונ' אן זיין זאמן נאך אים דיא כהונה גדולה צו איין איביגן פֿר
בונד אונ' דאך האט זיא אויך גיהערט פֿון זיין זאמן איין לאנגה צייט · דען איר
פֿינדן דז עלי אונ' אחימלך אונ' אביתר האבן בריכט דיא כהונה גדולה אונ' דיא
וואורן פֿון דיא קינדר פֿון איתמר אונ' דש האט גיווערט ביז דז שלמה המלך ע"ה
האט גירעגירט אונ' דען איז די כהונה גדולה ווידר גיקומן אויף איר ערשטן אורט
גלייך מלכים א' ב' (אונ' שלמה פֿר טרייבט דעם אביתר דז ער זאל קיין כהן
אער זיין פֿר גאט) · אונ' ווייטר שטיט (אונ' צדוק הכהן האט דר אלך גישטעלט
אן שטאט פֿון אביתר) · אונ' דברי הימים א' כ"ט (אונ' זיא אמכן צום אנדרן
אמאל דען שלמה דר זון פֿון דוד צום קיניג אונ' זיא זאלבטן אים פֿר גאט צו איין העער
אונ' צדוק צו איין כהן) · ווייל צדוק וואר פֿון דיא אב קומשט פֿון פינחס · אונ'
אוב שון זיא האט אך אויך גיהערט אין דיא צייט פֿון גלות · ווערט זיא ווידר
ביפֿעשטיגט ווערן אין דיא טעג פֿון משיח · אום צו דר פֿילן דיא פֿר זיכרונג
פֿון וועלכה שטיט אין במדבר כ"ה (אונ' זיא ווערט זיין צו אים אונ' צו זיין זאמן נאך
אים איין פֿר בונד פֿון איין איביגן דינשט) · גלייך יחזקאל מ"ד (אונ' דיא כהנים
דיא לוים דיא קינדר פֿון צדוק וועלכי גיהיט האבן דיא היטונג פֿון איין הייליקייט
אז ישראל וואורן פֿון איר אב גוויכן דיא זאלן צו איר גינעהען אונ' זאלן איר דינן) ·
אונ' דיזה נבואה גיט אויף דיא צייט פֿון משיח גלייך דאורט אלש בישיידליך
גישריבן שטיט · אונ' דאר איט קען אן אירי שטעלונגן אונ' וואש זיא האבן קעגן
אונש אין צו ברענגן ווידר לייגן אונ' ענטפֿרן איט איין פֿול קומענטליכה אונ'
וואורהאפֿטיגה ענטפֿרט דיא ביוויזן ווערט אויש דיא ריד דר נביאים ע"ה קעגן
וועלכי קיינר ווערט שטרייטן אז נור איינט דער קעגן דיא וואורהייט שטרייט:

## פרק כב ישעי' נ"ב

נון איין קנעכט ווערט ביגליקן ער ווערט דר היכט אונ' דר הובן אונ' זער הוך
זיין · אויש דיזן פסוק אונ' פֿון דען פסוק (ווער העט דש גיגלויבט וואש
איר האבן גיהערט) איט אל דיא פסוקים דיא דר נאך שטין ביז אן דיא
ווערטר (אונ' פֿר דיא זינדיגר ווערט ער בעטן) זאגן דיא נוצרים דז ישעי' הנביא
ע"ה האט דש אלש גיפראפֿעצייאט אויף ישו הנוצרי · דען פֿון אים האט ער
גיזאגט ער ווערט זער הוך אונ' דר הובן ווערן · דען דש שיקט זיך אויף קיינם
אנדרן אז אויף אים · אך האט ער פֿון אים גיזאגט (פֿר וואר ער האט אונזר
קראנקהייט אונ' אונזר ווייא טאג גיליטן) · אוז אך (ער איז גישוועכט פֿון
וועגן אונזר איסטאט אונ' פֿר שטוסן וועגן אונזר זינד) · ווייל ער איז פֿון
אירנט וועגן צום פיין גישטעלט אום דורך זיין טוט איר זינן צו העלפֿן אויש דיא

המנר פֿון דען שטן דער מיבר זיא המט גיהערשט:

ענטפֿרט דיזה שטעלונג גיט מך כיט מן · דען כחך דעם אמל דז דר פסוק זמגט (כון איין קנעכט ווערט ביגליקן ער ווערט הוך מונ׳ דר הובן ווערן) · וויא קענן זיא דש מויש ליגן מויף ישו הנוצרי וויל זיא דמך פֿר שטין דז ער מיז גמט וויא קמן דען גמט איין קנעכט גינענט ווערן מין דיזא נבֿומה מונ׳ ווען מיינר זעלט זמגן דז ער ווערט מוין קנעכט גינענט מין מן זעהונג זיין ליבליכקייט מבר ווען זיין זיל מונ׳ פֿר שטמנד ווערט ער גמט גינענט · קענן איר מיך ענטפֿרן דז איר המבן שון ביוויזן איט פֿול קומענטליכי ביוויז מין פרק י״ד ישו הנוצרי וומר קיין גמט מך זעלבשט פֿמלגנט דיא איינונג פֿון מון גליון מונ׳ אכל שכן כמך זיין מייגינה איינונג דז ער המט זיך כירגן גמט גינענט · מונ׳ גלייך וויא כמך וייטר ווערט ביטיירן ווערן מויט דיא טרייבר פֿון דען מון גליון מיין מידרה זמך מוין זיין מורט מין דש לווייטה חלק פֿון דיזן ספֿר · מך קענן מן ביוויזן דז דר נבֿיא המט דעם ישו הנוצרי כיט גימיינט וויל מן מיך מיז כיט פֿר פֿילט גיוומרן דער פסוק (ער ווערט זער הוך מונ׳ דר הובן ווערן) · דען זיא המבן מיך דמך מיט דען טוט גישטרמפֿט גלייך וויא מנדרי גרינגי מענטשן מונטר דש פֿמלק · מך מיז מן מיך כיט פֿר פֿילט גיוומרן (ער ווערט זעהן מיין זמאן מונ׳ ווערט למנג לעבן) · דען ער המט קיין קינדר גיהמט · מונ׳ זיא קענן כיט זמגן דז זיין תלמידים הייסן זיין זמאן · דען דש וומרט כירגן גיפֿונדן דז דיא תלמידים הייסן מיין זמאן כיימרט קינדר ווערן זיא גיהייסן גלייך וויא דיא איט זיא לערנן ווערן מיר פֿעטר גיהייסן · מבר איט דעם נמאן פֿון זמאן ווערט מנדרט קיינר גיהייסן מז דער פֿון מיך ווערט גיבמרן · מך פֿינדן איר כיט דז ער המט למנג גילעבט דען ער וומר גיטיט לו דרייא מונ׳ דרייסיג ימר · מך טיקט זיך כיט פֿון גמט לו רידן פֿון למנג לעבן דען ער מיז דר ערשט מונ׳ דר לעלט מונ׳ זיין ימרן המבן קיין ענד · מך מויך וועמן ווילן זיא מויש ליגן דעם פסוק (דמרום ווער מיך מים מיין טייל געבן מונטר פֿיל מונ׳ איט דיא שטמרקי ווערט ער דען רויב טיילן) · ווער זיינן דען דיא פֿילי מונ׳ שטמרקי דז ישו ווערט איט זיא דען רויב טיילן כמך מיר איינונג · מך דז ער זמגט (מונ׳ פֿר דיא זינדיגר ווערט ער בעטן) · לו וועמן המט ער גיבעטן פֿר דיא זינדיגר כמך דעם אמל דז כמך מיר פֿר שטמנד וומר ער דמך זעלבשט גמט · מונ׳ כמך פֿיל מער דער גלייכן פסוקים · מבר דיא מויש ליגונג פֿון דעם פסוק (כון איין קנעכט ווערט ביגליקן) איט מל דיא פסוקים דיא דמרויף פֿמלגן ביז (מונ׳ פֿר דיא זינדיגר ווערט ער בעטן) · מיז גיזמגט גיוומרן מין דיא נבֿומה לו ישעי׳ע״ה מויף דש פֿמלק ישראל דיא דמ ליידן דש יוך פֿון דיזן גלות · מונ׳ ער נענט זיא איין קנעכט מז ווען ער זעלט כור פֿון מיינם מלייכט רידן גלייך וויא ער זיא מך מין מנדרי ערטר מזו נענט · גלייך ישעי׳ מ״א (מונ׳ דומ ישראל איין קנעכט יעקב

דז איך הב דיך אויש דר וועלט דר זאמן פֿון אברהם איין ליבהאבר ) · אונ' ווייטר
שטיט (אונ' איך הב לו דיר גיזאגט דוא בישט איין קנעכט) · אונ' ישעי' מ"ד
(אונ' אינזונדר הער לו יעקב איין קנעכט אונ' ישראל דעם איך הב אויש דר וועלט) ·
אונ' ווייטר שטיט (פֿערכט דיך ניקש איין קנעכט יעקב) · ווייטר זאגט ער
(גידענק דיזא זאכן יעקב אונ' ישראל דען דוא בישט איין קנעכט איך הב דיך
בישאפֿן פֿר מיין קנעכט לו איר ) · אונ' ישעי' מ"ה (אום ווילן איין קנעכט
יעקב אונ' ישראל איין אויש דר וועלטר ) · אונ' דער גלייכן פֿינדן איר אך אין
ירמי' ל' (אונ' דוא פֿערכט דיך ניט איין קנעכט יעקב זאגט גאט אונ'
אנגשט ניט ישראל ) · אונ' תהלים קל"ו (איין ערב לו ישראל זיין קנעכט דען זיין
גינאד איז אויף איביג ) זא קענשטו זעהן דז אין אל דיזי פסוקים ווערט דש פֿאלק
ישראל גינענט מיט דעם נאמן פֿון קנעכט אדר זיין קנעכט אז ווען ער זעלט נור
פֿון איינם רידן · אונ' אזו פֿינדן איר אך דז אין דיזא עשרת הדברות האט גאט
גירעט לו זעקש אאל הונדרט טויזנט אמן אז ווען ער העט נור לו איינם גירעט ·
אך ווען זיא זעלטן פֿרעגן אויש דעם וואש געשריבן שטיט (פֿר וואר ער האט
אונזר קראנקהייט גיטראגן אונ' אונזר וויא טאג גילעטן אונ' איר האבן גיאייגט
דז ער וואר פֿון גאט גפלאגט אונ' גישלאגן אבר ער וואר דר שלאגן פֿון וועגן
אונזר מיסטאט · פֿרשטוסן פֿון וועגן אונזר זינד · דאש אונזר פֿריד האט ער
שטראף אויף זיך גינומן · אונ' דורך זייני ביילן זיינן איר גיהיילט גיוואָרן ) ·
דארום זאגן זיא עש איז דאך אין קיין לייט ניט גיזעהן נאך גיהערט גיוואָרן דז
דש פֿאלק ישראל זעלטן גליטן האבן קראנקהייט וויא טאג אונ' ביילן פֿון וועגן
דיזא זינד פֿון אנדרי פֿעלקר · אונ' דיזא פלאג אונ' פיין וואש זיא האבן גליטן
דש וואר אנדרשט ניט אז אום איר אייגיני זינד אונ' ניט פֿון וועגן אנדרי פֿעלקר
דיזא ענטפֿרט איז קלאר דז דיזא נביאים זיינן דש גישאונגט לו נעמן דיזא צרות אונ'
גידריקייט מיט דעם נאמן פֿון קראנקהייט אונ' שלעק · גלייך ישעי' א' (איין
אידר הויבט איז קראנק אונ' אלי הערלר זיינן שוואך פֿון דעם זול פֿון פֿוס ביז
אן דעם הויבט איז ניקש גאנץ · ניידרט וואונדן אונ' ביילן אונ' פרישה מכות)
אונ' ישעי' ל' (אן דעם טאג אז גאט ווערט פֿר בינדן דען ברוך פֿון זיין פֿאלק
אונ' דיזא וואונד פֿון זיין מכה ווערט ער היילן ) · אונ' הושע ו' (דען ער האט פֿר
לוקט אונ' ווערט אונש היילן ער האט גישלאגן אונ' ווערט אונש פֿר בינדן ) · אונ'
איכה ב' (דען דיין ברוך איז אזו גרוש אז דש מער ווער ווערט דיך היילן) ·
אונ' ירמי' י' (וויא איר פֿון וועגן איין ברוך איין שלאק איז קרענקליך אונ' איך
הב גימיינט דש ווערט אזו איין קראנקהייט זיין דז איך ווער קענן דר לייטן ) ·
דר נאך האט ער בישיידן וואש דש פֿר איין ברוך אונ' שלאק אונ' קראנקהייט
איז אונ' זאגט (איין גילעלט איז פֿר ווישט אונ' אל אייני זאליר זיינן לו ריסן איין
קינדר גייען פֿון איר אוועק גינאנגן אונ' זיין ניט מער דא ) · אונ' ירמיה ל'

דען

(דען אזו האט גאט גיזאגט עש איז איין שוואכקייט און דיין ברוך דיין שלאק
איז קרענקליך) · איט דיא אנדרי פסוקים דיא ווייטר שטין ביז (דען איך
ווער אויך דיר איין היילונג ברענגן אונ׳ פון דיין שלעק ווער איך דיך גינעזן) ·
דר נאך בישיידט ער וואש דיא היילונג אונ׳ גינעזונג ווערט זיין אונ׳ זאגט (אזו
האט גאט גיזאגט איך ווער ווידר קערן דיא גיפענקניס פון דיא גיצעלטר פון
יעקב אונ׳ איבר זייני וואונונגן ווער איך איך דר בארמן אונ׳ דיא שטאט ווערט
גיבויאט ווערן אויף איר בארג אונ׳ דר פאליש ווערט זיצן אויף זיין גירעכט אונ׳
אויש זיא ווערט גין לוב אונ׳ שטים דר פריילכר אונ׳ איך ווער זיא פר מערן אונ׳ ניט
פר מינרן) · אונ׳ ירמי׳ ל״ג (איך ווער אויף איר ברענגן איין היילונג אונ׳
גינעזונג אונ׳ ווער זיא היילן) · אונ׳ ווייטר בישיידט ער וואש דיא היילונג אונ׳
גינעזונג ווערט זיין) אונ׳ זאגט (אונ׳ איך ווער ווידר ברענגן דיא גיפענקניש
פון יהודה אונ׳ דיא גיפענקניש פון ירושלים אונ׳ ווער זיא ווידר בויאן אז וויא צום
ערשטן אונ׳ ווער זיא ריינגן פון אל איר זינד וואש זי האבן קעגן איר גיזינדיגט)
אונ׳ וויא נאך ווייטר שטיט אין דיא אנדרי פסוקים ביז אום ענד פון דיא פרשה ·
זא קען אין זעהן אויש אל דיזי פסוקים דז דיא טריפט נענט דש גלות איט דען
נאמן פון צרות · אונ׳ דיא אידיקייט אונ׳ פר דריסיקייט איט דען נאמן פון
קראנקהייט אונ׳ שלאק אונ׳ ברוך אונ׳ בייזן · אבר דיא גאולה אונ׳ דר ווייטרונג
אונ׳ בישטראונג נענט דער פסוק איט דען נאמן פון היילונג אונ׳ גינעזונג ·
אלזו רדיא גלה נבואה ועלבה אן פאנגט (מן איין קנעכט ווערט בעגליקן) ·
דיא קואט אום אונש צו פר זיכרן אונ׳ אונזר הערצר צו פר שטארקן דז ווען שון
איר זיינן זער פר נידריגט אונ׳ אין אונזר גלות ביז צו דיא ערד גינידרט · איז
דאך איין גוטה האפונג צו אונזר צוקונפט · דען אז גאט ווערט זיך איבר אונש דר
בארמן ווערן איר דר הייבט אונ׳ דר הובן ווערן אונ׳ אונזר גאולה ווערט זער הוך
זיין פון דיא לייט דר גאולה אונ׳ ווייטר ביז דז דיא פעלקר דר וועלט אונ׳ אך
זעלבשט אירי מלכים צו זיא ווערן זעהן דיא הילף פון ישראל אונ׳ דז זיא ווערן
דר הובן ווערן אין דיא אליר העכשטה גאולה · ווערן זיא זיך צום העכשטן
איבר אונש פר וואונדרן · דען אזו וויא אל אז זיא האבן זיך פר וואונדרט איבר
אונזר נידריקייט אין גלות דז איר וואורן פר שמעהט אונ׳ נידריג בייא אלי פעלקר
דיא אויף דיא ערד זיין · אזו ווערן זיא זיך אך פר וואונדרן איבר אונזר הוכי
גאולה אונ׳ ווערן אל לייט דר פון רידן אונ׳ ווערן אויינר צום אנדרן זאגן נאך דעם
אמאל איר טון פר גוויש ווישן דז איר זיינן אלי איט אנדר אז איין שאף וואש קיין
הערט האט אזו זיינן איר פר אירט אז דיא שאף · איין איטליכר האט זיך
גיקערט נאך זיין וועג · אונ׳ פאלשקייט האבן אונזר עלטרן גיערבט ·
נארהייט וועלכש ניקש העלפן קען · אונ׳ עש איז קיין געטליכה תורה אונ׳
ווארהאפטיגן גלובן אונטר קיין פאלק אויף דיא וועלט אז נור אליין בייא דש פאלק

ישראל׳ אלזו דיא צרות אונ׳ פיין וואש ישראל האבן גליטן אין גלות דש איז זיא
ניט איבר גיקומן פון וועגן איר זינד דען איר ווערן שולדיג גיוועזן דיא פיין אונ׳
פלאג צו לײדן פון וועגן אונזרי גרושי זינד · אבר דיא קראנקהייט אונ׳ ווייא
טאג דיא איבר אונש האטן זעלן קומן דיא זיינן אויף זיא גיקומן · אום אונזר זינד
צו פר געבן וויל זיא וואורן קנעכט אונטר אונזר אמפט אונ׳ האבן גיבעטן אונ׳ פר
זאגט נאך אונזר פריד אונ׳ דיא בינאליקונג פון אונזר קינינגרייך · אבר איר
האבן דש פר קערט פר שטאנדן דז פון וועגן אירי גרושי זינד דז זיא האבן
גיליטן דען משיח אונ׳ גאט זיינן איבר זיא דיא גרושי צרות גיקומן · אזו וייט
ווערן אלט דיא פעלקר רידן · אוך דיא פעלקר דר וועלט וויל זיא זיינן גידינג
אין גאטש אויגן ווערט ער ניט ביגערן איבר זיא אל אירי זינד צו גידענקן
ניימרט ווען זיא ווערן בוש טון אן ישראל אין דיא צייט אז זיא טאן דען ווילן פון
גאט · אדר ווען זיא גרושה רויב אונ׳ גיוואלט טון גלייך וויא דור המבול אונ׳
סדום אונ׳ עמורה דען גידענקט זיא גאט איר זינד אונ׳ פר דערבט זיא · אבר
מיט דש פסוק ישראל איז עש ניט אזו · דען פון וועגן דיא ליבשאפט דיא גאט
יתברך צו אונש האט נעמט ער פון אונש בילאלט אין דיזי וועלט אל אונזרי זינד
אייניג וייז דורך גלות אונ׳ פיין אלײנט אונ׳ פר דערבט אונש ניט · גלייך ער
האט אונש ביזובט דורך זייני נביאים אין ירמי׳ ל׳ (דען איך בין מיט דיר זאגט
גאט צו העלפן דיר · דען איך ווער מיין פר דערבניש טון אונטר אלי פעלקר
וואו איך הב דיך אהין פר שפרייט אבר דיך ווער איך ניט פר הערבן) · אונ׳ איך
ווער דיך שטראפן מיט גריכט אבר איך ווער דיך ניט גאר לידיג אמכן) · אונ׳
עמוס ג׳ (ניימרט אייך הב איך גיקענט אויש אל דיא גישלעכטר דר ערדן דארום
גידענק איך איבר אייך אל אייערי זינד) · אונ׳ משלי ג׳ (דען דעם גאט ליב האט
דעם שטראפט ער) · אונ׳ דיא אורזאך דר פון איז וויל דש פאלק ישראל איז דש
בעסטה אונטר די מענטשליכי בשעפנים גלייך וויא דש הערץ איז דש בעסטה פון
אלי גלידר דארום וויל זיא וואורן אין גלות מיטן די פעלקר גלייך וויא דש הערץ איז
מיטן דיא גלידר האבן זיא גליטן אל דיא צרות דיא אלי פעלקר איבר קומן אונטר
וועלכי זיא וואורן גלייך וויא דש הערץ לײדט דיא ביטרקייט אונ׳ צער פון דען
גאנצן גוף אין וועלכן עש איז · גלייך תהלים ק״ו (אונ׳ זיא פר מישטן זיך
אונטר דיא פעלקר אונ׳ לערנטן אירי ווערקן אונ׳ דינטן אירי בילדר אונ׳ דיא
וואורן זיא צו איין שטרויכלונג) · אונ׳ משלי י״ד (דש הערץ וייש דיא ביטרקייט
פון זיין ליב) · אונ׳ אזו וואול אז דש הערץ אנטפאנגט אלײנט דען צער פון דיא
זאריג אונ׳ טרויאריקייט אין איין ביזה צייט · אזו אנטפאנגט עש אוך אלײנט
אין איין גוטה צייט דיא לושט אונ׳ פרייד · אונ׳ דארום זאגט ער ווייטר (אונ׳
אין זיין פרייד ווערט קיין פרעמדר פר מענגט) · אונ׳ אזו וואול אז ווען אן דיא
הערץ אודר לאזט ווערט דער גאנצר ליב גיהיילט · אזו ווערט עש אך גישעהן

דז מיט דיא ביילן פֿון ישראל ווערן אלי פֿעלקר גיהיילט ווערן אז זיא ווערן נאך
אונט גין אונ׳ זיך צו אונש בהעפֿטן · גלייך ישעי׳ י״ד (אונ׳ דער גר ווערט
זיך צו זיא בהעפֿטן אונ׳ ווערן זיך פֿיגן ביים דש הויז גזינד פֿון יעקב) · אונ׳
דש איז ביקענט דז גאט האט אויש דר וועלט אן דש פֿאלק ישראל פֿר אים צו זיין
איין גליבט פֿאלק מער אז אלי פֿעלקר · גלייך שמות י״ט (אונ׳ איר ווערט
מיר גליבט זיין מער אז אלי פֿעלקר דען מיין איז דיא גאנצה ערד) · דארום
האט ער אן זיא זיין תורה גיגעבן אום זיא דען וועג צו וויזן אין וועלכן זיא זאלן
גין אונ׳ דש ווערק וואש זיא זאלן טון · אונ׳ האט זיא אין איר זין גיגעבן דז
זיא זאלן אך דיא אנדרי פֿעלקר אונטר ריכֿטן דען זיין דר בארמיקייט גיט איבר
אל זייני ווערקן · אונ׳ דז ער ווייטר זאגט (אונ׳ מיר זאלט איר זיין איין קיניגרייך
פֿון כהנים אונ׳ איין הייליג פֿאלק) אונ׳ אין ישעי׳ ס״א (אונ׳ איר ווערט כהנים
פֿון גאט גיהייסן ווערן · דינר פֿון אונזר גאט ווערט צו אייך גיזאגט ווערן · דש
גוט פֿון דיא פֿעלקר ווערט איר עסן · אונ׳ מיט איר כבוד ווערט איר פֿר
וועקסלט ווערן) · זא האט דער פסוק דש גאנצה פֿאלק ישראל גינענט מיט
דען נאמן פֿון כהנים · אום אונש ביקענט צו מאכן דז אזו וואול אז דיא כהנים
אונ׳ לוים האבן גילערנט דיא תורה אונ׳ מצות אן דש פֿאלק ישראל גלייך
דברים ל״ג (זיא זאלן לערנן דיין גירעכֿט אן יעקב אונ׳ דיין תורה אן ישראל) ·
אזו זאלן אך דש פֿאלק ישראל אונטר וויזן אונ׳ לערנן דיא ריד פֿון העכן לעבנדיגן
גאט אן דיא פֿעלקר דר וועלט אונטר וועלכי זיא פֿר שפרייט זיין · גלייך
תהילים צ״ו (דר צילט אונטר דיא פֿעלקר זיין עהר אונטר אלי פֿעלקר זיין
וואונדר) · אונ׳ תהילים ק״ה (לובט גאט רופֿט מיט זיין נאמן מאכט
ביקענט אונטר די פֿעלקר זיין ווערקן) · אונ׳ גלייך ווי דיא לוים אונ׳ כהנים וואָרן
גישפייזט פֿון דיא תרומות אונ׳ מעשרות פֿון דיא קינדר ישראל · אזו ווערן אך דש
פֿאלק ישראל גישפייזט ווערן פֿון דיא גאבן דר פֿעלקר פֿר דעם וואש זיא האבן
זיא גידינט אין גלות אונ׳ ווייל זיא האבן זיא אונטר ריכֿט · אונ׳ דאר פֿון האט
דער פסוק גיזאגט (דש גוט פֿון דיא פֿעלקר ווערט איר עסן אונ׳ מיט איר
כבוד ווערט איר פֿר וועקסלט ווערן) · זא דז עש ווערט קיין ברכה אונ׳
ביגליקונג קומן אן דיא פֿעלקר דר וועלט אז דורך מיטל פֿון דש פֿאלק ישראל ·
גלייך בראשית כ״ב (אונ׳ זיא ווערן זיך בענטשן מיט דיין זאמן אל דיא פֿעלקר דר
ערדן) · אונ׳ בראשית כ״ח (אונ׳ זיא ווערן זיך מיט דיר בענטשן אלי גישלעכֿטר
דר ערדן אונ׳ מיט דיין זאמן) גלייך מיר האבן ביטיידן אין פרק י״ג · דארויש
קענטשטו זעהן דז דש פֿאלק ישראל איז אויש דר וועלט פֿון גאט אום זיין טייל אונ׳
ערב צו זיין · גלייך תהילים קל״ה (דען אן יעקב האט זיך גאט אויש דר וועלט
ישראל צו זיין שאצן) · אונ׳ דברים ל״ב (דען דש טייל פֿון גאט איז זיין פֿאלק
יעקב איז דש טייל פֿון זיין ערב) · אך ווייל זיא זאלן דען וועג פֿון גאט אך וויין

(אונ' ער זאל דארטן בלייבן (עד עולם) אזו לאנג אז ער ווערט לעבן. אונ' בייא דא שטיט אך אין שמואל ב' י"ב (דער שווערד זאל ניט אב גיטאן ווערן פון דיין הויז (עד עולם) דש איז אזו לאנג אז ער ווערט לעבן. נון דריטן ווערט עש אך גיזאגט פון איין לייט דיא איין ענד האט אבר דיא בייא דיא מענטשן ניט ביקענט איז נייארט בייא גאט אליינט. גלייך ישעי' ל"ב (דען דער פּאליט איז פר שפרייט. דיא מעניגטה פון דיא שטאט איז פר לאזן. דיא פעסטונג אונ' שטארקייט איז גיווארן צו פר וויסטונג ביז אייביג. איין פרייד פר דיא ווילדן איין וויד פר דיא הערטן. ביז עש ווערט איבר אונש אויש גילעהרט ווערן דער ווילן פון הימל דז דיא וויסטנייא ווערט ווערן צו איין פול פעלד). דש איז דז דיא פר וויסטונג ווערט אזו לאנג גיווערן ביז גאטש ווילן ווערט זיין דז ער ווערט איבר אונש אויש גיסן זיין חילן אונ' דען ווערט דיא וויסטנייא ווערן צו איין פול פעלד. אונ' דש ווארט (רוח) איז טייטש דער ווילן. גלייך יחזקאל א' (וואו (הרוח) דער ווילן איז דארט אהין צו גין וואו גין זיא). אלזו איז איין פסוק שטיט דש פייאר ווערט ביז אייביג ברענן. דש איז אן פר שטין נאך דיא דריטה אויש ליגונג דז עש ווערט פון איין גווישה לייט גיזאגט וועלכה בייא גאט אליינט ביקענט איז. אבר פאלגנט דיא דר קענן שטרייטן אונ' ווילן עש פר שטין נאך דיא ערשטה אויש ליגונג דז עש גיט אויף איין לייט דיא קיין ענד האט. דש קאן ניט זיין. דען אל דיא נביאים קומן דארינן איבר אייניט דז זיא בילייבן פון דיא גאולה פון כל ישראל. גלייך ישעי' ס"ו (אונ' זיא ווערן ברענגן אל אייער ברידר פר איין פרעזענט צו גאט מיט פערד אונ' רייט וועגן). אונ' ירמי' ל' (אונ' זיא ווערן קיין פרעמדי מער דינן) אונ' יחזקאל ל"ט (אונ' זיא ווערן וויסן דז איך בין גאט איר גאט ווייל איך האב זיא פר טריבן צווישן דיא פעלקר אונ' ווער זיא ווידר איין זאמלן אין איר לאנד אונ' ווער קיינם מער דארטן איבר לאזן אונ' ווער איין אן גיזיכט ניט מער פון זיא פר בערגן ווייל איך האב איין רוח הקודש אויש גיגאסן איבר דש הויז גיזינד פון ישראל זאגט גאט דער הער). אונ' נאך מער אנדרי פסוקים. אונ' דיא ריד דר נביאים קענן ניט קעגן אננדר שטרייטן דען זיא זיינן אלי פון איין הערט גיגעבן. נון האט מרטין לוטר אין זיין דייטשי בוך ביטייטן דז דש ווארט (עולם) ווערט אין פיל ערטר גיזאגט פון איין גווישה צייט. וועלכש קענן ביווייזן ווערן דז עש אך ביטייט דיא צייט פון איין יובל דש איז נור פופציג יאר אונ' ניט אייביג:

# פרק כז ירמיה כח

אין איין אויגן בליק ווער איך רידן פון דש פאלק אונ' דש קיניגרייך צו פר שפרייטן אונ' צו שטורן אונ' צו מאכן פר לירן. אויש דעם פסוק איז

דיזא פסוקים דיא דר נאך שטין זאגן דיא גלערים דז איר יהודים פֿר זילרט אייך
אויך דיא גוטי פֿר הייסונגן וועלכי דורך דיא נביאים זיינן פֿון אייך גיזאגט
גיוואָרן· דיזי פֿר זיכרונגן זיינן אוך אונטש דען זיא ווערן דאך אן אייך ניט
גישעהן וייל איר האט זעלכי זאכן גיטאן דיא פֿר גאט איבל גיפֿאלן· דען אלש
וואש דיא נביאים האבן פֿר שפראכן עש זייא צו גוטן אודר צו בייזן אייז אלש גיזאגט
גיוואָרן איט קונדיציאן אוב זיא ווערן גוט אודר בייז זיין· דען אז הש״י בילובט
וואש גוטש אן איין פֿאלק אודר איין לאנד· אונ׳ דז נאך דיא גוטה בילובונג האט
דש זעלביגה פֿאלק אודר דער לאנד גיטאן וואש דא איבל גיפֿאלט אין גאטש
אויגן· דען ווערט דש זעלביגה גוטש אונדר טפֿק פֿון אים פֿר הינדרט וועלכש
פֿון דען נביא איז איבר אים בילובט גיוואָרן צו קומן· אזו אך ווען גאט האט
וואש בייז אויף גיליגט איבר איין פֿאלק אודר איין לאנד פֿון וועגן זיין בייזקייט· אונ׳
דר נאך טוט דש זעלביגה פֿאלק אודר דער לאנד ווידר אב פֿון זיין בייזקייט· אזו
ווערט ער אונדר טפֿק ביטערואט ווערן פֿון דש בייז דז אים אויף גיליגט וואר
איבר אים צו קומן אין· דיא לייט אז ער בייז וואר· אונ׳ דאר פֿון האט ירמי׳
הנביא ע״ה בישיידן אויש דען אונדר פֿון גאט (אין איין אויגן בליק ווער איך רידן
פֿון איין פֿאלק אונ׳ קיניגרייך צו פֿר שפרייטן· אונ׳ אז דש פֿאלק פֿון וועלכן איך
הב גירעט ווערט ווידר קערן פֿון זיין בייזקייט ווער איך בידענקן פֿון דש
בייז וואש איך הב אים גידאכט צו טון· אונ׳ אין איין אויגן בליק ווער איך רידן
פֿון איין פֿאלק אונ׳ קיניגרייך צו בויאן אונ׳ פֿלאנצן· אונ׳ אז ער ווערט טון וואש
איבל גיפֿאלט אין מיינן אויגן אונ׳ ווערט ניט הערן נאך מיין שטים· דא ווער
איך איך ווידר בידענקן אויף דש גוטש וואש איך הב גיזאגט דז איך וויל אים
טון)· נאך אבער דיספוטירן זיא קעגן אונש דז נאך דעם אמל דז הש״י האט
ישראל אזו אענליכי אמל ווידר אויש גיליזט אונ׳ ביטטראט פֿון איר פֿיינדן הענד·
אונ׳ האט זיא דורך זייני נביאים אזו פֿיל אמל גיוואָרנט אונ׳ פֿר באטן דז זיא
זאלן ניט גין נאך דיא ביגערליכקייט פֿון איר בייז הערץ· אונ׳ האט זיא גיבאטן
צו גין אין אל זייני וועגן אוך זייני גיבאט אונ׳ גיזעץ צו היטן· אבר אזו באלד אז
זיא האבן גיזעהן דז זיא וואש גוטש קריגטן אונ׳ וואָרן ניט אבער אין נוט· האבן
זיא איר הערץ ביטווערט אין איר בייזקייט אונ׳ האבן דיא גיבאט פֿון גאט ניט
וועלן הערן· דארום האט זיא הש״י גלאזן אונ׳ גאר פֿר שמעהט אונ׳ האט זיא
אויך איבין פֿון זיך פֿר ווארפֿן אונ׳ ווערט זיא ניט אבער ווידר אן נעמן· גלייך
מלכים ב׳ י״ז (אונ׳ גאט האט פֿר שמעהט דען גאנצן זאמן פֿון ישראל אונ׳
האט זיא גיפייניגט אונ׳ איבר ענטפֿרט אין דיא האנט דר רויבר ביז ער האט
זיא אוועק גיווארפֿן פֿון זיין אן גיזיכט)· אונ׳ ירמי׳ ט״ו (אונ׳ גאט זאגט צו איר
ווען שון משה אונ׳ שמואל זעלטן פֿר איר שטין הב איך דאך קיין ווילן צו דעם פֿאלק
שיק זיא אוועק פֿון איר אונ׳ אז זיא אר ויש גין):

ענטפֿרט

**ענטפֿרט** · דש שטרייט גאר ניט קעגן אונזר האָפֿנונג · דען איר פֿר לאזן
אונש ניט דרום דז דיא גוטי פֿר הייסונגן זעלטן פֿר גוויש איבר
אונש קומן ווען שון איר זעלטן טון ח"ו וואש איין גאָטש אויגן איבל גיפֿאלט · זוא
דז איר זעלטן טון דש ווערק פֿון זאריאול זעלטן איין לון ביגערן אז פנחס · דש
איז אונזרי איינונג ניט · ניירט איר זייאן פֿר זיכרט אן גאט יתברך איט איין
פֿול קומענטליכה פֿר זיכרונג דז נאך דעם איר ווערן ווידר קערן לו אים איט
אונזר גאנגן הערלן · דען ווערט זיך גאט יתברך ווידר איבר אונש דר באַראן
אול אונזר זינד פֿר בערגן אול ווערט אן אונש דר פֿילן דיא גוטי פֿר זיכרונגן
אול פֿר הייסונגן דיא ער האט אונש דורך זייני נביאים בילובט · גלייך גישריבן
שטיט אין אונזר געטליכה תורה אין דברים ד' (ווען עש ווערט דיר איבל גין
אול דז עש ווערן דיר איבר קומן אל דיזי זאכן אין דיא לעצטי טעג · דען
זאלשטו ווידר קערן לו גאט דיין גאט אול זיין שטים פֿאלגן · דען גאט דיין גאט
איז איין דר באַראיגר גאט ער ווערט דיך ניט פֿר לאזן אול ניט פֿר דערבן
אול ווערט ניט פֿר געסן דען פֿר בונד פֿון דיין עלטרן וואש ער האט לו זיא
גישוואָרן) · אול דברים ל' (אול עש ווערט זיין אז אל דיזי זאכן ווערן דיר
זיין איבר גיקואן · דיא בענטשונג אול דיא פֿלוכונג וואש איך דיר האב פֿאר
גישטעלט · זאלשטו דיר עש לו הערלן נעאן אונטר אל דיא פֿעלקר וואו גאט
דיין גאט האט דיך הין פֿר שטוסן אול זאלשט ווידר קערן לו גאט דיין גאט אול זיין
שטים פֿאלגן נאך אליש וואש איך דיר הייננט גיביט דוא אול דיין קינדר איט דיין
גאנגן הערלן אול איט דיין גאנלי זיל · דען ווערט גאט דיין גאט ווידר קערן דיין
גיפֿענקניש אול ווערט זיך איבר דיר דר באַראן אול ווערט דיך ווידר איין זאאלן
פֿון אל דיא פֿעלקר וואו גאט דיין גאט האט דיך הין פֿר שפרייט · אול ווען דוא
שון זעלשט פֿר שטוסן זיין ביז אום ענד דר הימלן ווערט דיך גאט דיין גאט פֿון
דאָרטן פֿר זאאלן אול ווידר אהיים נעאן · אול גאט דיין גאט ווערט דיך
ברענגן אין דש לאנד וואש דיין עלטרן האבן גיערבט אול דוא ווערשט עש ערבן
אול ער ווערט דיר גוטש טון אול דיך פֿר אערן אער אז דיין עלטרן · אול גאט
דיין גאט ווערט ביטניידן דיין הערץ אול דש הערץ פֿון דיין זאאן לו ליב האבן גאט
דיין גאט איט דיין גאנגן הערלן אול איט דיין גאנלה זיל וואו דורך דוא ווערשט
לעבן · אול גאט דיין גאט ווערט געבן אל דיזי פֿלוכונגן אויף דיין פֿיינד) ווייטר
זאגט ער (אז דוא ווערשט ווידר קערן לו גאט דיין גאט איט דיין גאנגן הערלן
אול איט דיין גאנלה זיל) · אול אזו פֿינדן איר אך דז אל דיא נביאים ע"ה דר
אאנן אונש דז איר זאלן ווידר קערן לו הש"י אול הענגן אן דיא גוטי פֿר
שפרעכונגן אן אונזר תשובה · גלייך ישעי' מ"ד (איך האב אב גיוועקט אז
איין דיקר וואלקן דיין איסטאט · אול אז איין וואלקן דיין זינד · קער ווידר לו איר
דען איך האב דיך דר לייזט) · אול ירמי' ג' (קערט ווידר איר ווילדי קינדר זאגט

גאט

גאט דען איך הערט איבר אייך אונ' איך ווער אייכם פון אייך נעאן אויש איין
שטאט אונ' צווייא אויש איין גישלעכט אונ' ווער אייך ברענגן קעגן ציון) · אונ'
יחזקאל ל"ג (זאג צו זיא אזו גוויש אז איך לעב זאגט גאט דער הער איך בגער
ניט דז דער רשע זאל שטערבן נייארט דז ער זאל אב שטין פון זיין וועג אונ' זאל
לעבן · קערט ווידר קערט ווידר פון אייער בזי וועגן ווארום זאלט איר שטערבן
איר הויז גיזינד פון ישראל) · אונ' הושע י"ד (קער ווידר ישראל צו גאט דיין גאט
דען דוא האשט גישטרויכלט אין דיין זינד · נעאט ריד מיט אייך אונ' קערט
ווידר צו גאט · זאגט צו איס דוא פר טראגשט דאך אל דיא זינד · נעם דש
גוטה אן אונ' מיר וועלן דיא שטיר מיט אונזר לעפצן בצאלן) · אונ' זכריה א'
(אונ' דוא זאלשט צו זיא זאגן אזו האט גיזאגט גאט דר הימל שארן קערט ווידר
צו מיר זאגט גאט דר הימל שארן אונ' איך וויל ווידר קערן צו אייך האט גיזאגט
גאט דר הימל שארן) · אונ' מלאכי ג' (פון אייער עלטרנש צייטן זייט איר אב
גיוויכן פון מיין גיזעצן אונ' האט זיא ניט גיהיט קערט ווידר צו מיר דען ווער איך
ווידר קערן צו אייך זאגט גאט דר הימל שארן) : אונ' נאך פיל מער דער גלייכן
פסוקים ווערשטו פינדן אין דיא ריד דר נביאים ע"ה דז זיא לאזן אונש ווישן
אונ' לערנן אונש דז דיא תשובה איז איין גרושה ווארצייל אונ' נאגיל ווארן אלש
הענגט · וויל עש איז קיין מענש אין דיא וועלט דער דא זעלט בשטראט זיין
פר זינד · גלייך קהלת ז' (דען קיין מענש איז אזו גירעכט אויף דיא ערד דז
ער זעלט אייטל גוטש טון אונ' ניט זינדיגן) · דארום האט הש"י דורך זיין דר
בארמיקייט אונ' פיל גינאד אן זיין פאלק גיווייזן דען וועג פון דיא תשובה אום
זיא צו בשטראפן פון דיא אויש גילוגנה נעך · גלייך איר פינדן בייא דוד המלך
ע"ה ווען שון ער האט צווייא גרושי זינד גיטאן · אזו באלד אז ער האט תשובה
גיטאן · אונ' האט מיט ליב שאפט אן גינומן דיא שטראף ווש גאט האט אויף
אים גישיקט · אזו וואָרן איס זיין זינד פר געבן אונ' זיין גירעכטיקייט האט אן זיין
קינדר דיא נאך איס קומן גיהאלפן · גלייך ישעי' ל"ז (אונ' איך ווער בשיצן איבר
דיזע שטאט צו העלפן איר פון אייכט וועגן אונ' פון וועגן דוד איין קנעכט) · אונ' דער
רשע מנשה אוב שון אונטר אל דיא מלכים פון יהודה אונ' ישראל וואר קיינר אזו
איין רשע אז ער · דען ער האט פיל זאכן גיטאן די איבל גפילן אין גאטש אויגן אום
אים צו דר צערנן · נאך גלייך וואל אז ער וואר אונטר טעניג פר גאט האט ער זיין
תשובה אן גינומן אונ' האט איס ווידר גיבראכט נאך ירושלים צו זיין קיניגרייך ·
אונ' דארום האט ער דיא דר וועקונג צו דיא תשובה גישטעלט בייא דעם פסוק
(אין איין אויגן בליק ווער איך רידן) · דען דש קאפיטל קומט אום ישראל צו
דר וועקן צו דיא תשובה אום זיא צו לאזן ווישן · דז דורך דיא אלוה פון תשובה אונ'
דורך קיין אנדרי ווערן זי קענן בשיראט ווערן פון דיא ביזה גזירה דיא פון גאט
יתברך איבר זיא בישלאסן איז פון וועגן אירי זינד · גלייך ווייטר שטיט (אונ'

ווייטר זאגט ער דיזר ארמן פֿון יהודה אונ' די איינוואונר פֿון ירושלים אזו האט גאט
געזאגט איך בישלים ביז איבר אייך אונ' גירעכט איבר אייך גידאנקן קערט
דאך ווידר איין איטליכר פֿון זיין בייזן וועג אונ' פֿר בעסרט אייערי וועג אונ' ווערקן)
אך די זאגן זיך ניט פֿר לורן אן דיזר גוטי פֿר שפרעכונג דיא גאט האט פֿר
שפראכן אן איר ענטוקן דז זי זעלטן זאגן ווייל גאט יתברך האט טון בילובט. דז ער
וויל אונס גוטס טון אזו ווערט ער אונס דאך קיין בייז קענן טון. דארום האט ער
זי גיוואורנט דז זי זאלן אך אל ניט זיך פֿערלאסן פֿר בייזן ווען זי זעלטן בייז טון. גלייך
וויא אך אונזר רבותינו ע"ה הבן זיך גיענטוורט פֿילייכט אעבלט די זינד פֿר אור זאכן
דז עס זאלט זיין וואס ביז איבר קומן. אונ' ווען זי ניט קענט בישטראפט ווערן פֿון
דיזן גען דר זינד ווייל דיא זינד זאלט איבר האבט כנגד פֿון וועגן. דיא לייב ליבה
נתשוובה. ווען זיא ווערן זי גוטן ווידר קערן אונ' איין פֿול קומענטליכה תשובה
ווערט ער זי אן כנעגן אונ' ווערט אל איר זינד אין די טיפֿניש דש מער ווערפֿן אונ'
די ערשטי זינד ווערן ניט מער גידאכט ווערן אונ' ניט מער דש הערץ גיבראכט
ווערן. גלייך וויא אונס יחזקאל הנביא האט בילובט אויש דש מויל פֿון גאט אין
יחזקאל י"ח (אונ' אז דר רשע ווערט ווידר קערן פֿון אל זיין זינד אונ' ער האט
גיטאן אונ' ווערט האלטן אל איין גיזעצן היטן אונ' ווערט טון גירעכט אונ' גירעכטיקייט.
דען ווערט ער לעבן אונ' ניט שטערבן. אל זיין אויסטראט דיא ער האט גיטאן די
ווערן אים ניט גידאכט ווערן. ווייל זיין גירעכטיקייט דיא ער האט גיטאן ווערט
ער לעבן.) דאס בייא פֿינדן אויך אך פֿיל אין דיזר נביאים. פֿון דיזה גוטי פֿר
שפרעכונג אונ' פֿר זיכרונג דיא פֿון גאט זיין גיזאגט גיוואורן אין איין שבועה
זונדר אייניגה קאנדיציאה. דען זעלכי פֿר הייסונג וואו איין שבועה דר בייא
איז דא וואר זונדר ספק קיינה תנאי דר בייא. גלייך יחזקאל ל"ו (אזו האט גאט
דער הער גיזאגט איך הב איין האנט אויף גיהאבן אוב ניט די פֿעלקר דין רונט
אום אייך זיין ווערן איר שאנד טראגן. אונ' איר בערג פֿון ישראל זאלט אייער צווייגן
געבן אונ' אייער פֿרוכט טראגן פֿר איין פֿאלק ישראל. דען זיא ווערן באלד קומן.
דען איך בין בירייט צו אייך אונ' ווער איך צו אייך קערן אונ' איר ווערט גיארבייט
אונ' גיזייט ווערן. אונ' איך ווער פֿיל אנשן אויף אייך ברענגן דש גאנצה הויז גאנצר
פֿון ישראל אונ' די שטעט ווערן בזעצט ווערן. אונ' די וויסטי פלעצן ווערן גיבויאט
ווערן. אונ' איך ווער אויף אייך פֿר אנשן מערן אונ' פֿיך אונ' זי ווערן זיך פֿר מערן
אונ' פֿרוכט בערן אונ' איך ווער אייך ווידר בזעצן אז פֿון צו פֿארן. אונ' ווער
אייך נאך מער גוטס טון אז צום ערשטן. אונ' איר ווערט וויסן דז איך בין גאט.
אונ' איך ווער אנשן לאזן גין אויף אייך מיין פֿאלק ישראל אונ' זיא ווערן דיך
ערבן. אונ' דו ווערשט איר ערב זיין אונ' דו ווערשט זיא ניט מער פֿר ווערפֿן).
אזו האט הש"י בילובט אין דיזר נבואה פֿון יחזקאל דז ער וויל אן טון ישראל אזו
פֿיל גוטס טון אז ווייא זי גיהאט האבן. ערשט גיהאט אונ' נאך בעסר אז צום ערשטן.

אונ׳ דז ער ווערט דש גאנצה הויז גיינר פֿון ישראל דרויף פֿר אערן אונ׳ דז דש
לאנד ווערט ישראל ניט אער פֿר ווערפֿן· אונ׳ קיינר קען קעגן דיזה אונ׳ דער
גלייכן פֿר שפרעכונג שטרייטן אונ׳ זעלט זאגן זיא איז גיזאגט גיוואורן אים
קאנדיליינא ווען זיא ווערן גוט זיין· דען בייא דיזא פֿר שפרעכונג איז איין
שבֿועה גיוועזן אונ׳ וואו איין שבֿועה איז דש ווערט גיזאגט אונדר קאנדיליינא·
אונ׳ ווען פֿון הש״י גיזאגט ווערט פֿון דיזא האנט אויף היבן דש איז איין שבֿועה·
גלייך דברים ל״ב (דען איך הב איין האנט אויף גיהובן קעגן דען הימל אונ׳ הב
גיזאגט אזו גוויש אז איך לעב אייביג)· אך קען מאן ניט זאגן דז דיזה פֿר
הייסונג איז גישעהן אז ישראל גינגן אויש בבל· ווייל צו דער צייט האט הש״י
אן דש לאנד פֿון ישראל ניט אער גוטש גיטאן אז צום ערשטן· אך וואורן דש
זעלביגש מאל ניט ווידר גיקומן דש גאנצי הויז גיינר פֿון ישראל וועלכי וואורן
דיזא צעהן שבֿטים אין דש לאנד פֿון ישראל· אז נור איין טייל צווייא אונ׳ פֿירציג
טויזנט אונ׳ דרייא הונדרט אונ׳ זעכציג פֿון יהודה אונ׳ בנימין· אונ׳ דען האט
דש לאנד נאך אער דיזא ישראל דרויש גיווארפֿן· וועלכש ניט גישעהן ווערט נאך
דיא קומנדה גאולה גלייך אין דיזא נבֿואה דאר פֿון בישיידן איז אונ׳ אך אין אנדרי
נבֿיאים וועלכי איר האבן שון אין דיזן ספֿר גיאויזט· אך וואש ווייטר גיזאגט
ווערט אין יחזקאל בייא דש אובן גיאויזטי קאפיטל (דארום זאג צו דש הויז
גיינר פֿון ישראל אזו האט גאט דר הער גיזאגט ניט פֿון אייערנט וועגן טוא איך
דש איר הויז גיינר פֿון ישראל נייארט פֿון וועגן איין הייליגן נאמן דען איר האט
פֿר שוועכט אונטר דיא פֿעלקר וואו איר זייט אהין גיקומן· אונ׳ איך ווער הייליגן
איין גרושן נאמן דער דא איז פֿר שוועכט אונטר דיא פֿעלקר דען איר האט
אונטר זיא פֿר שוועכט אונ׳ דיא פֿעלקר ווערן וויסן דז איך בין גאט זאגט גאט
דער הער אז איך ווער דורך אייך פֿר אייער אויגן גיהייליגט ווערן· אונ׳ איך
ווער אייך נעמן פֿון די פֿעלקר אונ׳ ווער אייך איין זאמלן. פֿון אל די לענדר אונ׳ ווער
אייך ברענגן אין אייער לאנד אונ׳ איך ווער אויף אייך שפרענגן רייני וואסר אונ׳
איר ווערט ריין ווערן פֿון אל אייער אונריינקייט אונ׳ פֿון אל אייער אונווערדיקייט
ווער איך אייך ריינגן· אונ׳ איך ווער אייך געבן איין נייא הערץ אונ׳ איין נייא
גמיט ווער איך אין אייך געבן· אונ׳ איך ווער אב טון דש שטיינן הערץ פֿון אייער
פֿלייש אונ׳ ווער אייך געבן איין פֿליישיג הערץ· אונ׳ איך ווער איין רוח הקודש אין
אייך געבן אונ׳ ווער אמכן דז איר ווערט אין איין גיזעצן גין אונ׳ איין גירעכט היטן
אונ׳ טון)· אונ׳ די איבריגי פסוקים די דר נאך שטין בייז אם ענד פֿון דש קאפיטל
די זיין אלי גיזאגט אונדר אייניגן תנאי· אזו אך איבר אל וואו דוא ווערשט פֿינדן
דז גאט בילובט וואש צו טון פֿון זיינט וועגן אונ׳ אום ווילן זיין נאמן אונ׳ ניט פֿון
אונזרט וועגן דא איז קיין תנאי דר בייא· גלייך בייא איין אנדר קלאר [illegible]
ביקענט איז· אונ׳ אזו פֿינדן איר אך אין דיזא נבֿואה פֿון דיא אנדרי נבֿיאים

פֿיל גוטי פֿר שפּרעכונגן דיא אך זונדר תנאי זיין גיזאגט · גלייך ישעי' נ"ד
(דען דש איז בייא מיר אז דיא וואסר פֿון נח דז איך הב גשוואורן דז דיא וואסר
פֿון נח זאלן ניט מער אויף דיא ערד קומן אזו הב איך אך גישוואורן ניט צו צערנן
איבר דיר אונ' דיך ניט אן צו טרייאן · דען ווען שון די בערג זעלטן פֿר גין אונ' דיא
היך זעלטן וייכן · ווערט דאך איין גינאד פֿון דיר ניט אב גיטאן ווערן אונ' איין
פֿר בונד דש פֿרידנש ווערט ניט וייכן זאגט דיין דר בארמיגר גאט ) · אונ'
ישעי' ס"ב (גאט האט גישוואורן בייא זיין רעכטי האנט אונ בייא זיין שטארקן
ארים אוב איך ווער נאך אער דיין קארן געבן צו שפּייז פֿר דיין פֿיינד אונ' אוב
דיא קינדר דר פֿרעמדי ווערן טרינקן דיין אמסט וואור איט דוא האשט דיך
באמיט · נייארט זיין אין זאמליר ווערן איס עשן אונ' ווערן גאט לובן אונ'
זיין אין זאמליר ווערן איס טרינקן אין איין היליגן האף) · אונ' ירמי' ל"א
(אזו האט גאט גיזאגט דער דא גיבט דיא זון צום ליכט בייא טאג · דיא גיזעצן
פֿון דיא לבנה אונ' שטערן צום ליכט בייא נאכט · ער אטלט איין שטראמן דש
ים אונ' זיין אינדן ברומן · גאט דער היאר שארן איז זיין נאמן · אזו ווינג
אז דיזי גיזעץ ווערן אב גיטאן ווערן פֿון איר זאגט גאט אזו ווערט אך דר זאמן
פֿון ישראל פֿר שטערט ווערן פֿון צו זיין איין פֿאלק פֿר איר אל צייט · אזו האט
גאט גיזאגט אזו ווינג אז דיא היאל ווערן גימאסטן ווערן פֿון אובן אונ' דיא גרונד
פֿעסט דר ערדן ווערן אויש גיפֿארשט ווערן פֿון אונטן אזו ווער איך אך פֿר
שטעהן מן דען גאנצן זאמן פֿון ישראל פֿון וועגן אל דיא זאכן וואש זיא האבן גיטאן
זאגט גאט ) · ווייא קען נאך איינר דאר קעגן שטרייטן אונ' זאגן דז גאט האט
ישראל פֿר ווארפֿן אונ' פֿר שטעהט אונ' ווערט זיא ניט אער ווען אן נעאן · נאך
דעם אמאל דז הקב"ה האט אן ישראל בילובט אונ' גישוואורן דז ער וויל זיא אויש לזן
אויש דעם גלות איט איין פֿול קומעטליכה אונ' איבינגה דר לזונג · אונ' נאך
דיזה צו קומנדה דר לזונג ווערט ער ניט אער איבר זיא צערנן אונ' זיין גינאד
אונ' פֿרידנש פֿר בונד ווערט ניט פֿון זיא וייכן · אונ' ווערט זיא אך ניט פֿר
ווערפֿן נאך פֿר שטערן פֿון איין פֿאלק פֿר איס צו זיין אזו לאנג אז דיא וועלט
ווערט שטין · אונ' דער גלייכן ווערט ער זיא אך ניט פֿר שטעהן פֿון וועגן אל
איר זינד וואש זיא האבן גיטאן נייארט ער ווערט איר זינד פֿר געבן גלייך דר
פֿיר שטיט (דען איך ווער איר אונגירעכטיקייט פֿר געבן אונ' איר זינד ווער
איך ניט אער גידענקן) · אונ' אן קען ניט פֿרעגן אויש מלכים ב' י"ז (אונ'
גאט האט פֿר שטעהט דען גאנצן זאמן פֿון ישראל אונ' האט זיא גיפּייניגט אונ'
איבר ענטפֿערט אין דיא האנט פֿון אויר רויבר ביז ער האט זיא פֿון זיך פֿר
ווארפֿן) · דען ווען שון ער האט זיא פֿר שטעהט אום זיא פֿון זיך צו ווערפֿן דז
ער האט זיין זון גיזעצט פֿון זיא פֿר במרגן אין דיא צייט פֿון גלות פֿון וועגן איר
זינד · נאך גלייך וואל האט ער זיא ניט פֿר שטעהט נאך פֿר ווארפֿן אויף

אייביג אום זיא צו פֿר דערבן · אונ׳ זיין פֿר בונד וואש ער האט מיט זיא געמאכֿט
צו פֿר שטערן · גלייך ויקרא כ״ו (אונ׳ ווען זיא אך שון ווערן זיין אין איר פֿיינדן
לאנד ווער איך זיא ניט פֿר שטאסן נאך פֿר אונווערדיגן אום זיא צו פֿר דערבן אום
איין פֿר בונד וואש איך הב מיט זיא צו פֿר שטערן דען איך בין גאט איר גאט) ·
כיימרט ער האט זיא פֿר שטאסט אונ׳ פֿון זיך גיווארפֿן אויף איין גוויילה לייט דיא
ביא גאט יתברך ביקענט איז · אום איר פֿאליקייט צו לייטרן · אז איין זאך
וואש מיט זייף גילייטרט ווערט · אונ׳ איר אונריינקייט פֿון זיא אב צו טאן דורך
דש פֿייאר פֿון דיא יסורים דיא שטעטיגליך איבר זיא קומן אין דיא לענדר פֿון
איר פֿיינד · גלייך ישעי׳ א׳ (אונ׳ איך ווער איין האנט ווידר אויף דיר לייגן אונ׳
ווער דיין פֿאליקייט לייטרן אז מיט זייף · אונ׳ ווער וועק טון אל דיין ציין אונ׳
ווער דיר דיין ריכֿטר ווידר געבן אז צום ערשטן אונ׳ דיין ראט געבר אז אין אן
פֿאנג · דר נאך ווערט מן דיך רופֿן דיא שטאט דר גירעכֿטיקייט דיא
וואר האפֿטיגה שטאט) · אונ׳ יחזקאל כ״ב (אונ׳ איך ווער דיך פֿר שפרייטן
אונטר דיא פֿעלקר אונ׳ צו שטרייאן אין דיא לענדר אונ׳ ווער דיין אונריינקייט
פֿון דיר אב טון) · דארויש קענטשו זעהן דז דיא אור זאך דר גיפֿענקניש אונ׳
פיין איז ניט אום זיא צו פֿר דערבן כיימרט אום איר פֿאליקייט וועק צו נעמן אונ׳
צו מאכֿן אויף הערן איר אונרייניקייט וועלכֿש איז איר זינד דורך וועלכֿי זיא זיינן
פֿר אונרייניגט · אונ׳ דאר פֿון האט דר נביא ירמי׳ גיזאגט אין איכה ד׳
(דיין זינד איז צו גענצט דוא טאכטר ציון ער ווערט דיך ניט מער פֿר טרייבן) ·
אך קען מן ניט דר קעגן שטרייטן אויש ירמי׳ ט״ו (אונ׳ גאט זאגט צו איר ווען
טון משה אונ׳ שמואל זעלטן פֿר איר שטין הב איך דאך קיין ווילן צו דעם פֿאלק
פֿר שיק זיא פֿון איר אונ׳ לאזן זיא וועק גין) · דען דש האט גאט גזאגט צו ירמי׳
נאך דעם ער האט טון דרייא מאל צו אים גיזאגט דז ער זאל ניט פֿר אים בעטן
פֿון וועגן יהודה אונ׳ בניאמין דז ער זאל זיא ניט אין גלות ברענגן גלייך ער האט
דיא צעהן שבֿטים גיבראכֿט · דען אז גאט האט צו אים גיזאגט אין ירמי׳ ז׳
(אונ׳ איך ווער אייך וועק ווערפֿן פֿון איין אן גיזיכֿט גלייך איך הב אוועק
גיווארפֿן אל אייער ברידר דען גאנצן זאמן פֿון אפֿרים) · האט ער תיכף דר
נאך צו אים גיזאגט · (אונ׳ בעט ניט פֿר דש פֿאלק אונ׳ נעם ניט פֿר זיא אויף
קיין גיזאנג נאך גיבעט אונ׳ בעט איך ניט דען איך ווער דיר דאך ניט צו הערן) ·
אונ׳ האט אים צו וויסן גיטאן דיא אור זאך פֿון וועסט וועגן ער וויל זיין תפֿילה
ניט אן נעמן גלייך ער ווייטר זאגט (זעהשטו דען ניט וואש זיא טון אין דיא
שטעט פֿון יהודה אונ׳ אין דיא גאסן פֿון ירושלים · דיא קינדר קלויבן העלצר אונ׳
דיא עלטרן צינדן דש פֿייאר אן אונ׳ דיא ווייבר קנעטן טייג אום בילדר צו מאכֿן
פֿון דיא שטערן אין הימל אונ׳ ויין אויש צו גיסן פֿר דיא פֿרעמדי געטר אום איך
צו דר צערנן) · אזו אך נאך דעם דז גאט יתברך האט גיזאגט צו ירמי׳ אין

ירמי' י"א (דרום אזו האט גאט גיזאגט איך ווער איבר זיא זעלבש ביז ברענג'
דז זיא ווערן ניט קענן דר פֿון קומן אונ' זיא ווערן צו מיר שרייאן אונ' איך ווער
זיא ניט הערן) · אונ' האט אים דיא אורזאך דר פֿון גיזאגט (דען אזו פֿיל
שטעט אזו דוא הושט אזו פֿיל ווארן דיין געטר דוא יהודה) · דר נאך האט גאט
צום אנדרן מאל צו אים גיזאגט (אונ' בעט ניט פֿר דש פֿאלק אונ' היב פֿר זיא
ניט אויף קיין גיזאנג נאך גיבעט דען איך ווער זיא דאך ניט הערן אז זיא ווערן
איך אן רופֿן פֿון וועגן אירר ביז) · דש איז וויל זיא טון וואש דא איבל גיפֿאלט אין
איין אויגן מיט דעם דז זיא דינן פֿרעמדי געטר · דרום ווען דוא שון זעלשט
בעטן דז איך זאל דש ביז ניט איבר זיא ברענגן וועלבש שון בישלאסן איז איבר
זיא צו קומן פֿון וועגן אירי זינד · ווערט דאך דיין גיבעט ניט אן גינומן ווערן
אונ' ווען זיא זעלטן נאך זעלבשט איך אן רופֿן ווער איך זיא דאך ניט דר הערן וויל
זיא גיט אב ווייכן פֿון איר זינד · גלייך ער האט גיזאגט (אונ' זיא ווערן צו מיר
שרייאן אונ' איך ווער זיא ניט צו הערן) · אונ' דש ביז וואש איבר זיא בישלאסן
איז דש איז שווערד אונ' דבר אונ' הונגר · גלייך ער האט ווייטר בישיידן אין
ירמי' י"ד (דען מיט שווערד אונ' הונגר אונ' דבר ווער איך זיא פֿר דערבן) ·
דרום אז ירמי' הנביא ע"ה האט גיזעהן דז זיין גיבעט וואש ער ווערט טון פֿר
דש הויז גיזינד פֿון יהודה ווערט ניט אן גינומן ווערן פֿון וועגן אירי זינד · האט
ער אן גיהובן צו בעטן דז ער זאל עש טון אום ווילן זיין נאמן · גלייך דארטן
שטיט (ווען אונזר זינד האבן איבר אונש בילייגט · גאט טוא עש אום ווילן דיין
נאמן) · אונ' ווייטר זאגט ער אויש (אונ' דיין נאמן ווערט איבר אונש גירופֿן
דרום פֿר לאז אונש ניט) · אונ' הש"י האט אים גיענטפֿרט (אזו האט גאט
גיזאגט צו דעם פֿאלק וויל זיא האבן ליבשט גיהאט צו פֿר וואגלן אונ' האבן איר
פֿיס ניט פֿר איטן · דרום איז גאט מיט זיא ניט צו פֿרידן · איצונדר ווערט איר
אונגירעכטיקייט אונ' איר זינד גידאכט ווערן) · דש איז וויל זיא פֿר זיכרן
זיך ניט אן איין נאמן ניימרט זיא האבן ליב צו פֿר וואגלן צו גין נאך אנדרים אונ'
אשור אום הילף צו זוכן פֿון איר פֿיינד · אונ' האבן איר פֿיס ניט פֿר איטן פֿון צו
פֿר וואגלן אונ' גין נאך זעלכי דיא זיא ניקש העלפֿן קענן · אזו ווער איך זיא אך
טון דז איך ווער זיא פֿר וואגלן אונ' פֿר טרייבן צווישן דיא פֿעלקר · אבר איצונדר
אז זיא ווערן אין גלות קומן ווער איך איר אונגירעכטיקייט גידענקן מיט הונגר
אונ' איר זינד מיט שווערד אונ' דבר · אונ' נאך דעם דז הש"י האט אים צו וויסן
גיטאן דז זיא ווערן ניט קענן בישטראפֿט ווערן פֿון דש ביז וואש בירייט איז
איבר זיא צו קומן · דרום האט ער צום דריטן מאל צו ירמיה גיזאגט דז ער
זאל ניט פֿר זיא בעטן · גלייך ווייטר שטיט (אונ' גאט זאגט צו מיר בעט ניט
פֿר דש פֿאלק צו גוטן דען ווען זיא ווערן פֿאסטן ווער איך איר גיזאנג ניט דר
הערן · אונ' ווען זיא ווערן אויך ברענגן בראנד אופֿפֿר אונ' פֿריזענט ווער איך זיא

גיט

ניט לאנג נעמן · נייארט מיט שווערד אונ' הונגר אונ' דבר · ווער איך זיא פֿר-
דערבן) · דש איז צו פֿר שטין דז ווען זיא אך זעלטן פֿאסטן אונ' ברענגן אופֿפֿר
אויך ברענגן ווער איך זיא ניט אן נעמן ווייל זיא נאך בלייבן אין איר בֿיזקייט אונ'
נעמן זיך ניט צו הערצן צו איר צו קערן · גלייך ישעי' א' (אונ' אז איר ווערט
אייער הענד אויש שפרייטן ווער איך אייך מיין אויגן פֿון אייך פֿר העלן · אך ווען
איר ווערט פֿיל בעטן ווער איך עש ניט צו הערן · דען אייער הענד זיין פֿול
מיט בלוט · וועשט אייך אונ' ווערט גילייטרט · טוט אב אייער בֿיזי ווערקן
פֿון מיין אויגן · פֿר אייערט ביז צו טון) · אויש דיזי פסוקים איז צו פֿר שטין
דז דש גיבעט דר זינדיגר ווערט ניט דר הערט אזו לאנג אז זיא נאך בלייבן ביים
אירי בֿיזי ווערקן · אבר נאך דעם זיא אב שטין פֿון איר בֿיזי ווערקן אונ'
קערן ווידר צו גאט מיט איר גאנצן הערצן דען ווערט איר גיבעט אן גינומן אונ'
דש גיבעט פֿון אנדרי דיא פֿר זיא בעטן צו גוטן · אונ' דארום אז דער נביא
ירמי' ע"ה האט גיזעהן דז ער האט דיא אמלט ניט אום דיא זינדיגר צו פֿר
בעהרן אונ' זיא צו גוטן צו ברענגן דא מיט דז זיין תפֿלה וואש ער פֿר זיא טוט זאל
אן גינומן ווערן · האט ער ווידר גיבעטן אונ' פֿר זוכט דז גאט זאל זיא ניט פֿר
שמעהן נאך פֿר אכטן אום ווילן זיין נאמן דז ער ווערט אל צייט גינענט דער גאט
פֿון ישראל · אך דז ער זאל ניט פֿר שמעכן נאך פֿר אכטן דיא שטאט ירושלים
וועלכה איז דער אורט פֿון זיין הערליכה וואונונג דז גינענט ווערט דער שטול פֿון
גאט · אך דז ער זאל גידענקן אונ' ניט פֿר שטערן זיין פֿר בונד וואש ער האט
מיט זיא פֿר שניטן אז ער האט זיא אויש מצרים גיצוגן · דארום האט ער
ווייטר גיזאגט (פֿר אכט זיא ניט אום ווילן דיין נאמן · דוא ווערשט דאך ניט
פֿר שמעהן דיין כסא כבוד · גידענק אונ' פֿר שטער ניט דיין ברית וואש דוא
האשט מיט אונש) · נאך גלייך וואול האט אים גאט ית"ב גיענטפֿרט דז
ניט אליין דז דיא תפֿלה פֿון ירמי' הנביא ווערט זיא ניט העלפֿן אום זיא צו
בישערמן פֿון דיא גזירה פֿון גלות אונ' פֿון דש ביז וואש דא איז בישלאסן איבר
זיא צו קומן פֿון וועגן אירי זינד · נייארט אך ווען שון משה אונ' שמואל זעלטן
אויף שטין אונ' זעלטן פֿר זיא בעטן אונ' דיא ווארן אויש דרש טבֿט פֿון ירמי' אונ'
נאך גרעשר אז ער אין דיא נבואה ווערט זיא דאך איר גיבעט ניקש קענן העלפֿן
ביז דז דיא זינדיגר ווערן איר שטראף אנטפֿאנגן האבן מיט שווערד אונ' הונגר
אונ' דבר · אונ' דארום האט ער גיזאגט (פֿר שיק זיא פֿון איר אונ' לאזן זיא
וועק גין · אונ' אז זיא ווערן צו דיר זאגן וואו זאלן איר הין גין · זאלשטו צו זיא
זאגן אזו האט גאט גיזאגט דעם אויף גיליגט איז צום טוט דער ווערט צום טוט
גין אונ' איין טייל צום שווערד אונ' אנדרי צום הונגר אונ' איין טייל אין דיא
גיפֿענקניש) · דש איז דז דיא דא האבן ביז גיטאן אום גאט צו דר צערנן אונ'
האבן אך אנדרי אמלט זינדיגן דיא ווערן פֿר גין אין דבר אונ' שווערד אונ' הונגר

אונ' דיא זינדיגר דיא זיא האבן גיפֿאלגט דיא ווערן גין אין גיפֿענקניס צו לײדן
צרות אונ' יסורים פֿון גלות ניימרט. איר לעבן ווערן זיא ביהאלטן דז איר נאמן אונ'
איבר בלײבונג ווערט נאך זײן אויף דיא ערד · דען ער ווערט זיא ניט גאר פֿר
דערבן גלײך וויא. גאט האט איהם פֿר זיכרט אין ירמי' ה' (אונ' אך אין דיא
זעלביגי טעג זאגט גאט ווער איך אייך ניט פֿר דערבן) · אונ' אזו פֿינדן איר
אך ביא דיא זינד פֿון עגל אונ' מרגלים דז דיא תפֿלה פֿון משה רבינו ע"ה האט
ניט אבר גיהאלפֿן אז דז דיא זינדיגר דיא דא האבן מכהדי אמלן זינדיג זײן
גישטארבן אונ' דיא איבריגי · דיא זיא האבן גיפֿאלגט זײן גישראפֿט גיוואָרן
מיט יסורים · אזו האט אים גאט אך דא צו ווישן גיטאן דז דיא תפֿלה פֿון משה
אונ' שמואל ווערט ניקש קענן העלפֿן ביז דיא זינדיגר ווערן איר שטראָף
אויס שטאנדן האבן דורך דען טוט פֿון דבר אונ' שווערד אונ' הונגר אונ' דיא איבריגי
ביז זיא ווערן גישטראפֿט ווערן מיט דיא פיין פֿון גלות · אבר נאך דעם דז
דיא איבריגה ווערן איר שטראָף אויס גישטאנדן האבן · אונ' איר זינד ווערן
ביוויליגט ווערן דורך דיא פיין פֿון גלות אז דש ענד פֿון דיא גאולה ווערט קומן
זעלבט ביים גאט ית' ביקענט איז · אוב שון זיא זעלטן ניט גמאכן פֿון
קאמענטליך פֿרום זײן · ווערט עש גאט טון אום ווילן זײן נאמן אז וויא ער האט
בילובט דורך שמואל הנביא ע"ה אין שמואל א' י"ב (דען גאט ווערט זײן פֿאלק
ניט פֿר לאזן פֿון וועגן זײן גרושן נאמן דען גאט האט זיך ביוויליגט אום אייך פֿר
איים צו אײן פֿאלק צו מאכן) · אונ' ישעי' מ"ח (אום ווילן מײן נאמן ווער איך איין
לאזן אויף' האלטן · אונ' דש אויז מײן לוב דז איך ווער ניט פֿערנן איבר דיר אום
דז איך וויל דיך ניט פֿר שנײדן · איך האב דיך גילײטרט אונ' ניט מיט זילבר
איך האב דיך אויש דר ווילט אונ' גיפֿרובט אין דיא טעסט פֿון אראוט · פֿון אײגנט
וועגן ווער איך עש טון דען וויא זאלט אײן נאמן פֿר שוועכט ווערן · אונ' אײן עהר
ווער איך אן קײן אנדרן געבן) · אך ווערט ער עש טון פֿון וועגן ירושלים ווערלכש
איז דש אורט. אונ' דיא וואונונג פֿון זײן עהר · גלײך ישעי' ס"ב (אום ווילן ציון
ווער איך ניט שטיל שווײגן אונ' אום ווילן ירושלים ווער איך ניט שטיל זײן ביז איר
גירעכטיקײט ווערט אויש גין אז אײן לײכטיגר שטערן · אונ' איר הײל ווערט
ברענן אז אײן ברונר) · אך ווערט ער זײן פֿר בונד ניט פֿר שטערן וואש ער
מיט זיא האט גימאכט גלײך ער האט פֿר זיכרט אין דיא תורה פֿון משה זײן
קנעכט אין ויקרא כ"ו (אונ' דש נאך אך דז ווען זיא ווערן שון זײן אין איר פֿײנד
לאנד ווער איך זיא ניט פֿר שמעהן נאך פֿר אומווערדיגן אום זיא צו פֿר דערבן
אונ' אײן פֿר בונד וואש איך מיט זיא האב צו פֿר שטערן דען איך בין גאט איר
גאט) · ניימרט ער ווערט זיא גידענקן זײן פֿר בונד גלײך ער האט פֿר זיכרט
אין יחזקאל י"ד (דאך ווער איך גידענקן אן אײן פֿר בונד דז איך האב מיט דיר
גימאכט אין דײן יוגנט אונ' ווער דיר אויף ריכטן אײן איביגן פֿר בונד) · אונ'

ווייטר שטיט (אונ׳ איך ווער איין פֿר בונד מיט דיר אויף ריכטן אונ׳ דאש ווערשטו
ווישן דז איך בין גאט דען מיט דז דוא זאלשט גידענקן אונ׳ פֿר שעמט ווערן אונ׳
ווערשט ווייטר ניקש לו רידן האבן פֿון וועגן דיין שאנד אז איך ווער דיר אלש
האבן פֿר געבן וואש דוא האשט גיטאן זאגט גאט דער הער) · זאו קען מן אך
אויש דיזן פסוק פֿר שטין וויל ער זאגט אז איך ווער דיר אלש האבן פֿר געבן
וואש דוא האשט גיטאן · דש ווייזט דז אוב גלייך דז איר האבן גיטאן וואש גאט
יתברך ניט גיפֿאלט · ווערט ער אונש גלייך וואול אונזרי זינד פֿר געבן פֿון
זיינט וועגן אונ׳ פֿון וועגן זיין פֿר בונד · אלזו דז דיא זינד ווערן ניט פֿר הינדרן
דיא גוטי זאכן דיא אונש אויף גילגט זיין גלייך וויא אונזר קעגן טרייטרט וויל
פֿר שטין · אונ׳ דאר מיט איז דש קלאר לו פֿר שטין וואש ער זאגט ווען שון משה
אונ׳ שמואל זעלטן אויף שטין אונ׳ בעטן פֿר גאט יתברך פֿון וועגן יהודה אונ׳
בנימין אוק זיא אין איר לאנד לו לאזן אונ׳ לו בישערמן פֿון דשבי׳ וואש איבר זיא
איז בירייט לו קומן · זעלט דאך גאט יתברך קיין ווילן לו זיא האבן ביז זיא ווערן
איר שטראף גיליטן האבן אונ׳ איר זינד ביזאלט האבן · אבר נאך דעם זיא ווערן
גילייטרט זיין אין פֿייאר דר אידיקייט אז דש פֿר הולינה ענד ווערט קומן · האט
גאט פֿר זיכרט אן ירמי׳ הנביא דז ער ווערט זיא אין זאמלן אויש דיא לענדר
אונ׳ זיא איין לו פֿלאנצן אין איר ערטרייך מיט פֿול קוועטנליכה ביגערונג אונ׳
גאנצן ווילן · אונ׳ דש איז וואש ער ווייטר זאגט אין ירמי׳ ל״ב (אונ׳ איך ווער איך
איבר זיא פֿרייאן אום זיא גוטש לו טון אונ׳ ווער זיא פֿלאנצן אין דעם לאנד מיט
וואר האפֿטיקייט מיט איין גאנצן הערלן אונ׳ ווילן) · אונ׳ דאראום קעגן דעם וואש
ער האט ערשט גיזאגט איך הב קיין ווילן לו דעם פֿאלק : זאגט ער דר נאך
אונ׳ איך ווער זיא פֿלאנצן אין דעם לאנד מיט וואר האפֿטיקייט מיט איין גאנצן
הערלן אונ׳ ווילן · אונ׳ דאר מיט האבן איר ווייט לויפֿדיג גיטאן דיזה שטרייטיקייט
פֿר ענטפֿרט :

## פרק כח ירמי׳ ל״א

אזו האט גאט גיזאגט עש ווערט איין שטים גיהערט אין דיא היך פֿון דיזר
וועלט · איין קלאג אונ׳ ביטרליך גיוויין · רחל וויינט איבר איר קינדר ·
זיא וויל ניט גיטרישט זיין איבר איר קינדר וויל זיא זיינן ניט דא · אויש דעם
פסוק ברענגן דיא נוצרים ביוויז אויף איר גלויבן דז זיא זאגן דז ירמי׳ הנביא
האט אן גיזייגט וויא ער האט גיהערט פֿון גאט דז דיא קינדר פֿון בית לחם
יהודה ווערן דר שלאגן ווערן דורך ביפֿעל פֿון הורודוס דער קיניג פֿון יהודה ·
דען אז אן דען אלך הורודוס איז גיזאגט גיווארדן דז אין בית לחם יהודה איז
שון גיבורן דער דא ווערט רעגירן איבר יהודה אונ׳ ער האט ניט גיוואושט

ווער עס איז · האט דער אלך הורודוס גיבאטן דז אן זאל דער שלאגן אל דיא
קינדר דיא אין צווייא יאר גיבארן ווארן אין בית לחם אונ' אין אל איררי גרענצן ·
אונ' פון דיא האט דער נביא גיזאגט רחל וויינט אום איר קינדר זיא וויל ניט
גיטריסט זיין איבר איר קינדר וויל זיא ניט דא זיין · וויא גישריבן שטיט
אין און גליון אין מתיאוס פרק ב':

**ענטפרט** איר האבן שון אין דיא פאריגי פרקים בישיידן דז דיא גיוואונהייט
דר נוצרים איז אום ביווייז צו ברענגן אויף איר גלויבן אויס איין
טייל ווערטר פון דיא נביאים זונדר דען רעכטן אין האלט דר פון צו פר שטין
אונ' זונדר צו טראכטן אויף דיא פסוקים דיא דרויף פאלגן · גלייך זיא אוך
ביווייז ברענגן אויס דיזן פסוק אויף איר גלויבן זונדר צו פר שטין וואש דער נביא
האט מיט דיזן פסוק גימיינט · אונ' זונדר דיא אויגן צו עפינן אויף דיא פסוקים
דיא ווייטר שטין · דען ווען דער נביא העט דש אזו גימיינט אזו וויא זיא עס
פר שטין · ווארום זעלט רחל וויינן אום דיא קינדר פון בית לחם יהודה וועלכי
דאך איר קינדר ניט ווארן נייארט דיא קינדר פון לאה · אזא העט דאך
פאלגנש איר איינקל אוזן גישריבן שטין לאה וויינט אום איר קינדר · אך
ווארום האט איר דען גאט גיענטפרט (אונ' זיא ווערן ווידר קומן אויש דש
לאנד פון דען פיינד אונ' דיא קינדר ווערן ווידר קומן צו איר גימארקן) · אבר
דער רעכטר אין האלט פון דעם פסוק איז דז דער נביא ירמי' ע"ה האט דאש
גיזאגט אויש אורדר פון הש"י אז איין פר גלייכניש אויף איר קינדר פון דש
גלות דר צעהן שבטים דיא גינענט ווערן נאך דען נאמן פון אפרים · אונ'
גלייך אז רחל זעלט וויינן בייא פר גלייכניש אום איר קינדר דיא דא ווארן פר
טריבן אויש איר לאנד דורך דיא קיניגן פון אשור · אונ' אל דיא צעהן גישלעכטר
ווארן גינענט מיט דען נאמן פון אפרים וויל איר ערשטר קיניג ווארר ירבעם בן
נבט אונ' דער ווארר אויש שבט אפרים · גלייך דר פסוק האט בישיידן אין
ירמי' ז' אז גאט האט אויף גילייגט דש גלות פון יהודה אונ' בנימין זאגט ער
(אונ' איך ווער איך פון איר אוועק ווערפן גלייך וויא איך הב פאר ווארפן אל
אייער ברידר דען גאנצן זאמן פון אפרים) · אונ' דש ביקענט אך דער קלוגר
נוצרי סיאן בודני אין ספר ירמי' אין זיין אויש לייגן דיזן פסוק זאגט ער אזו · דא
נענט דיא שריפט איט דען נאמן אפרים דיא צעהן גישלעכטר פון ישראל ·
וויל אזו בלד אז דיא צעהן גישלעכטר זיינן אב גישיידן גיווארן פון דש הויז פון דוד
האבן זיא איבר זיך צום קיניג גישטעלט דען ירבעם דער דא וואר פון דש
גישלעכט אפרים גלייך בישיידן איז אין ספר מלכים · אונ' דז דער נביא זאגט
(דז ער איז ניט דא) מיינט ער זעלט נור פון איינם רידן · דאר מיט מיינט
ער דש פאלק · דען אז יהודה אונ' בנימין זיינן ווידר גיקומן אויש דען גלות
פון בבל · ווארן דיא צעהן שבטים נאך ניט ווידר גיקומן אויש איר גלות אונ'

אין

אונ קענן ניט גוויש וויסן וואו זיא זיין הין גיקומן · דרום זאגט ער פון זיא דז
ער איז ניט דא · אונ ווייל זיא ווערן אך ווידר קומן אין ארץ ישראל אין דיא
צייט פון משיח · דרום זאגט דער נביא ביימ פר גלייכניש אז ווען גאט זעלט
ענטפרן צו רחל (פר אייד דיין שטים פון וויינן אונ דיין אויגן פון טרערן דען עש
איז איין לון צו דיין ווערק זאגט גאט אונ זיא ווערן ווידר קומן אויש דש לאנד פון
דיין פיינד · אונ עש איז איין האפונג צו דיין לעצט זאגט גאט אונ דיא קינדר
ווערן ווידר קערן צו איר גימארקן) · אויך דיא צווייא לעצטי פסוקים וועלכי
איין ענטפרט זיין אויף דען פאריגן פסוק קען אן קלאר זעהן דז ער רעט פון דיא
פר טריבן זיין אין פיינדן לאנד אבר ניט פון דיא דר שלאגן זיין גלייך דיא נולדים
זאגן · אונ דרום זאגט ער ווייטר (איך הב אפרים גיהערט קלאגן דוא
האשט איך גישטראפט אונ איך בין אונטר ריכט גיווארן אז איין אקש גיוואונט
קאלב) · ווייטר זאגט ער (איז איר דען אפרים איין ווערדיגר זון) · דר
נאך זאגט ער (שטעל דיר צייכנש · אך דיר טייטל בעם צו איין צייכן ·
שטעל דיין הערץ צום שטעג אין דען וועג וואו דוא בישט גיגאנגן · קער ווידר
דוא יונגפרויא פון ישראל · קער ווידר צו דיא שטעט דיא דיר צו קומן) ·
דש בייטייט דז ישראל ווערן ווידר קומן אויש דען גלות · דען דיא צום ערשטן אמל
אין איין וועג גין אונ דענקן ווידר צו קומן דיא מאכן זיך צייכנש אויף דיא וועגן דז
זיא זאלן ניט פר אירט ווערן אז זיא ווידר היים קומן · גלייך וויא דער נביא
האט פר צילט וויא גאט האט גיזאגט אונ זיא ווערן ווידר קומן אויש דש לאנד
פון דען פיינד · אונ זאגט נאך אמער אונ עש איז איין האפונג צו דיין לעצט זאגט
גאט אונ דיא קינדר ווערן ווידר קערן צו איר גימארקן · דש איז אוב שון זיא
זיינן ניט ווידר גיקומן אויש איר גלות אין דיא צייט אז יהודה אונ בנימין זיינן ווידר
גיקומן אויש בבל · איז גלייך וואול איין האפונג צו דיין לעצט דז זיא ווערן אך ווידר
קומן אין דיא לעצטי טעג וועלכש איז די צייט פון משיח · אונ דאר פון שטיט אין
יחזקאל ל"ז (אזו האט גאט דער הער גיזאגט איך נעם דש האלץ פון יוסף דז
דא איז אין דיא האנט פון אפרים אונ דיא גישלעכט פון ישראל זיין גיזעלן אונ
ווער דרויף ליגן דש האלץ פון יהודה אונ ווער איין האלץ דרויש מאכן אונ זיא
ווערן אין איין האנט צו איינש ווערן) · דען דש קאפיטל רעט פון דיא פר זאמלונג
דר צעהן שבטים אונ דז זיא ווערן זיך ביהעפטן מיט דיא גישלעכטר פון יהודה
אונ בנימין · אונ דז זיא ווערן גיהורזאם זיין צו איין מלך אויש דען זאמן פון דוד
המלך ע"ה אין דיא צייט פון משיח · פון וועלכן בישיידליך גישריבן שטיט אונ
האבן אין דען זעקסטן פרק דר פון גידאכט · אונ דז איר האבן גיזאגט דז דיא
צעהן שבטים זיינן ניט ווידר גיקומן אויש איר גלות אין דיא צייט פון דש
צווייטה בית המקדש · דאר פון שטיט בישיידליך אין עזרא דז נאך זעלבש
יהודה אונ בנימין זיינן ניט אלי מיט אנכנדר ווידר גיקומן נייערט צווייא אונ פירציג

טויזנט אונ׳ דרייא הונדרט אונ׳ זעכציג. אונ׳ דיזא אייניגטי זיין אין בבל גיבליבן
גלייך מיר האבן גישריבן אין אונזרי ענטפֿרט דר פֿאריגה דישפוטין · אונ׳ דש
האט אך צוגישטאנדן סיאן בורני דער לעצטר איבר זעצר דר נוצרים אין עזרא
ב׳ אין זיין אויטלייגונג דען פסוק (אונ׳ דיא כהנים אונ׳ לוים אונ׳ פֿון דש פֿאלק
דיא זינגרש אונ׳ דיא טאר היטרש אונ׳ דיא גבעונים זיינן גיבליבן אין איר שטעט
אונ׳ כל ישראל אין איר שטעט) · אויך דעם דז גיזאגט ווערט אונ׳ כל ישראל אין
איר שטעט זאגט ער אז עש קען זיין דז אין דיזא ערשטי צייט איז דא גישריבן
גישטאנדן אונ׳ גאנץ יהודה אין איר שטעט · דען דער נאמן פֿון ישראל גיט אויך
דיא צעהן שבֿטים דיא אויש איר לאנד פֿר טריבן וואָרן דורך שלמנאסר אונ׳ דיא
זיין נאך ניט ווידר אריין גיקומן: אבר וואש דער נוצרי זאגט דז דער נאמן פֿון
ישראל וייזט נור אליין אויף דיא צעהן שבֿטים · דש גיט ניט איבר אל אין · דען
אין דער פסוק גידענקט ישראל בייא יהודה גלייך ירמי׳ ל׳ (אונ׳ איך ווער
ווידר קערן דיא גיפֿענקניש פֿון מיין פֿאלק ישראל אונ׳ יהודה האט גאט גיזאגט
אונ׳ ירמי׳ כ״ג (אין זיין טעג ווערט יהודה גיהאלפֿן ווערן אונ׳ ישראל ווערט
רואן אין זיכרהייט) · אונ׳ עמוס ב׳ (אויף דרייא מיסטאטן פֿון ישראל) ·
נאך דעם ער האט גיזאגט (אויף דרייא מיסטאטן פֿון יהודה) · דען וייזט
דער נאמן פֿון ישראל אויף דיא צעהן שבֿטים גלייך וויא דער נאמן פֿון יהודה
ווערט ביזונדרליך גיזאגט פֿון יהודה אונ׳ בנימין · אבר דער נאמן פֿון ישראל
ווערט אך פֿון אלי ביידי גיזאגט פֿון דיא צעהן שבֿטים אונ׳ יהודה דען דש גאנצה
שבֿט יהודה זיין אך ישראל אבר כל ישראל זיינן ניט יהודה · אונ׳ דער גלייכן אך
איז איין אידר כהן אויך לוי אבר איין אידר לוי איז קיין כהן · דארום דר נאמן פֿון
ישראל דער אין דעם פסוק גידאכט איז דער וייזט אויף יהודה · אונ׳ דער
גלייכן אין דברי הימים ב׳ כ״ח (דען גאט האט יהודה גימאכט אונטר טעניג
פֿון וועגן אחז דער קיניג פֿון ישראל) · אונ׳ עש איז ביקענט דז אחז איז נור
איין מלך גיוועזן איבר יהודה אונ׳ דאך נענט איהם דער פסוק דער מלך פֿון
ישראל · אוך דז ער וייטר זאגט (אונ׳ זיא ווארן איהם צו מאכן שטרויכלן איהם
אונ׳ צו כל ישראל) · דש איז צו פֿר שטין פֿון דש פֿאלק יהודה וועלכי וואָרן
אונטר דיא מאכט פֿון דען מלך אחז · אונ׳ דאר מיט איז גינונג אום מיר ביוויז
קענן צו שטין:

## פרק כט ירמיה ל״א

עש ווערן טעג קומן זאגט גאט דז איך ווער פֿר שניידן מיט דש הויז גיזינד
פֿון ישראל אונ׳ יהודה איין נייאן פֿר בונד: אויש דעם פסוק ביוויזן
דיא נוצרים אויף איר גלויבן דז דיא זאגן וויא דער נביא ירמי׳ האט ביצייגט דז

גאט האט גיזאגט ער ווערט אן דען פאלק ישראל איין נייאה תורה געבן · אונ
דש זאל זיין דש מן גלויבן וועלכש ישו הנוצרי האט אן זיך ערנייאט :

**ענטפֿרט** היר אין איז נוך ביים איין אידר ביקענט דז זיא דש ניט רעכט
האבן פֿר שטאנדן · דען דער פסוק ביליינגט ניט דז אן ווערט
אן ישראל איין נייאה תורה געבן נייארט איין נייאן פֿר בונד מיט זיא לו פֿר
שטיין · אונ דש פֿר בונד גיט דיאה תורה ניט אן · דען איר פֿינדן ביים פנחס
אין במדבר כ"ה (איך גיב איהם איין פֿרידנש פֿר בונד) · אונ אן קען דאך
ניט זאגן דז גאט זעלט אן פנחס בילובט האבן איהם איין אנדרי תורה לו געבן אנדרי
דיא תורה פֿון משה · אך פֿינדן איר אין ויקרא כ"ו (אונ איך ווער גידענקן
אן איין פֿר בונד מיט יעקב אונ אך אן איין פֿר בונד מיט יצחק אונ אך אן איין פֿר
בונד מיט אברהם ווער איך גידענקן) · אונ אן קען דאך ניט זאגן דז אן איין
אידרן פֿון דיאה אבות איז איין בזונדרי תורה גיגעבן · אונ ביים אבימלך
שטיט אין בראשית כ"א (אונ זיא פֿר שניידטן מיט אנאנדר איין פֿר בונד) ·
אונ נאך פֿיל אנדר דער גלייכן · אבר דער אין האלט פֿון דיאה פסוקים איז דז
הש"י האט בילובט אן ישראל אוק מיט זיא איין נייא פֿר בונד לו אמכן · אונ דיאה
ערנייאונג פֿון דש פֿר בונד ווערט זיין דז עש ווערט בלייבן אין דיאה איביקייט
אונ ניט פֿר שטערט ווערן גלייך וויא דש פֿר בונד איז פֿר שטערט גיווארן וואש
גאט האט פֿר שניטן מיט ישראל אז זיא אויש אצרים גיגאנגן · אונ דארום זאגט
ער ווייטר (ניט אז דש פֿר בונד וואש איך האב פֿר שניטן מיט איר עלטרן אן
דעם טאג אז איך האב זיא אן גיגריפֿן אן איר האנט אוק זיא אויש דש לאנד
אצרים לו ציהן דז זיא האבן איין פֿר בונד פֿר שטערט) · אונ דער נאך בישיידט
ער דיאה אור זאך פֿון וועשט וועגן דש פֿר בונד ווערט בלייבן אונ אין דיאה איביקייט
ניט פֿר שטערט ווערן · (דען דש איז דש פֿר בונד וואש איך ווער פֿר שניידן
מיט דש הויז גזינד פֿון ישראל נאך דיאה טעג זאגט גאט · דז איך ווער האבן
גיגעבן איין תורה אין איר אין גווייד אונ אויף איר הערץ ווער איך זיא טרייבן) ·
דארויש קענשטו זעהן דז הש"י האט ניט בילובט אן ישראל איין נייאה תורה לו
געבן · נייארט ער האט זיא פֿר שפראכן דז ער ווערט אוין איר אינוויניגשטה
גידאנקן געבן זיין געטליכה תורה וועלכה זיא האבן שון גיהאט אין דיאה לייט פֿון
ירמי' אונ ווערט זיא טרייבן אויף איר הערץ דז זיא זאל ניאר אעד פֿון זיא פֿר
געסן ווערן אונ נאך אער אנדרי זאכן גלייך וויא ווייטר אין דעם קאפיטל
בישיידליך שטיט · אונ איר האבן שון אובן ביוויזן אין פרק י"ט אונ כ' מיט קלארי
ביוויז דז דיאה געטליכה תורה דיא אויף דען בארג סיני גישריבן איז דיא איז פֿר
איביג אונ זאל בלייבן אונ קען קיין אנדרי תורה אנדר דיא זעלביגה גיגעבן ווערן ·
אונ דארום האבן איר ווייטר ניט ניטיג ראיות דרויף לו ברענגן אונ ווייט לויפֿטיג
דר פֿון לו טרייבן דען מיט דיזי קלארי ביוויז איז גינוג אום אויף דיזה פֿראג

לו

צו ענטפרן:

# פרק ל הושע ב

און׳ איך ווער פר שטערן אל אירי פרייד איר פייאר טאג איר אנכהייט אול איר שבת אול אל איר יאים טובים׳ אויט דעם פסוק האבן דיא נוצרים ווס קענן אונט אין צו ברענגן דז זיא זאגן איר פינדן אין דיא נבואה פון הושע דז דיא שבתות אול חדשים אול יאים טובים ווערן אויף הערן נאך דיא צייט פון ישו׳ אלזו איז דש אוך זונשט דז איר האלט דיא שבתות אול חדשים אול יאים טובים דען גאט יתברך ביגערט זיא ניט דען ער האט זיא אילונר פיינט וויל דיא צייט פר בייא איז׳ גלייך ישעי׳ א׳ (אייער אנכיטן אול יאים טובים האב איך פיינד):

ענטפרט דאריש קענן זיא ניקט בווייזן׳ דען דער נביא זאגט אנדרשט ניקט אז ווען דיא גרושי צרות ווערן אויף ישראל קואן אין דיא צייט פון גלות׳ דען ווערט דיא גרושה פרייד וואש זיא האבן זיך פלעגן צו פרייאן אין דיא פייאר טעג אול חדשים אול שבתות אול יאים טובים פר שטערט ווערן אול דאר פון זאגט ער (אול איך ווער פר שטערן אל איר פרייד איר פייאר טאג איר אנכהייט אול איר שבת אול אל איר יאים טובים)׳ גלייך ביטיידן ווערט אין דיא פסוקים דיא ווייטר שטין׳ דאר בייא אוז אן פר שטין דז אין דיא צייט פון חורבן אז ישראל ווארן גילוואונגן פון איר פיינד האבן זיא פר געסן אן דיא רום פון שבת אול יאים טובים אול איר פרייד׳ גלייך איכה ב׳ (גאט האט גיאכבט פר געסן אין ציון יום טוב אול שבת)׳ נאך דעם ער האט גיזאגט (אול עס האט זיך גיאערט אין דיא שטאט יהודה קלאגן אול יאמרן)׳ אול ווען דיא נביאים הושע אול ישעי׳ העטן גיווייזט דז אין דיא צו קונפדה צייט ווערן דיא שבתות אול יאים טובים אויף הערן גלייך דיא נוצרים זאגן׳ ווארום האט דען דער נאך ישעי׳ אול אנדרי נביאים דיא נאך אים וואהרן אז הושע ירמי׳ יחזקאל אול נחמי׳ אן ישראל גיוואורנט מיט גרושי אול שטארקי דר אמונג דז זיא זאלן דען שבת היטן גלייך אין ישעי׳ נ״ו קלאר גישריבן שטיט אול אין אנדרי ספרים פון דיא נביאים׳ אך קענן זיא ניקט בווייזן אויז דעם פסוק (אייער אנכיטן אול יאים טובים הב איך פיינט)׳ דען דש איז ניט צו פר שטין דז הש״י האט פר שמעהט דיא חדשים אול יאים טובים אול האט זיא פיינט אול דז ער העט פר הייסן אום זיא אין דיא צו קונפדה צייט צו ניקש׳ אבן גלייך דיא נוצרים זאגן׳ נייארט וויל דיא רשעים פון דש צעליגה דור האבן זיך פלעגן צו פר זאמלן אין דיא ראשי חדשים אול יאים טובים אין בית המקדש אול האבן דיא עבודה זרה גידינט׳ דארום ווען שון זיא האבן גהיט דיא שבתות אול

חדשים אונ׳ ימים טובים וואָרן זיא ניט אן גינעם פֿר הש״י · ווייל איר גידאנקן
איז ניט גיוועזן אויף גאט דר איט צו דינן נייארט צו דיא עבודה זרה גלייך ווי
אין ישעי׳ ביטיידליך שטיט אין דיא פסוקים דיא דר פֿור אונ׳ דר נאך שטין ·
אונ׳ ווען הש״י העט פֿיינט אונ׳ פֿר שמעהט דיא חדשים אונ׳ שבתות אונ׳ ימים
טובים גלייך וויא זיא זאגן · ווארום האט דען ישעי׳ זעלבשט אך ענדר פֿון זיין
ספֿר אן גיזייגט פֿון גאטש וועגן דז זיא ווערן אין דיא צייט פֿון משיח היטן דיא
שבתות אונ׳ ימים טובים גלייך ישעי׳ ס״ו ( אונ׳ עש ווערט זיין דז אלי חודש אונ׳
אלי שבת ווערן אל דיא ביטשעפֿנים קומן אויף זיך פֿר מיר צו בוקן זאגט גאט )·
אך האט זכריה הנביא אם ענדר פֿון זיין ספֿר אן גיזייגט פֿון דיא היטונג פֿון
סוכות ( אונ׳ עש ווערט זיין דז איין איטר דער דא ווערט איבר בלייבן פֿון אלדי
פֿעלקר דיא דא קומן נאך ירושלים דיא ווערן אלי יאר ארויף גין אויף זיך צו בוקן
פֿר דען קיניג גאט דר היאר שאר אונ׳ צו פֿייארן דען פֿייאר טאג פֿון סוכות )·
דארויש קענשטו זעהן דז דיא חדשים אונ׳ שבתות אונ׳ ימים טובים ווערן בלייבן
אך זעלבשט אין דיא צו קונפֿטיגע צייט וועלכש איז דיא טעג פֿון משיח · אונ׳ ניט
אלייניט אונטר ישראל נייארט אך אונטר דיא פֿעלקר דיא דא ווערן איבר בלייבן
פֿון דיא מלחמה פֿון גוג ומגוג דיא זיך ווערן ביהעפֿטן צו דש הויז גיזינד פֿון יעקב ·
אונ׳ איר האבן שון גידאכט אין פרק י״ט דז ישו איט אל זיין תלמידים האבן
דען שבת גיהאלטן · אונ׳ נאך ישו אונגיפֿער פֿינף הונדרט יאר איז גיקומן דער
פֿויפס אונ׳ האט גיבאטן דז מן זאל היטן דען זונטאג אנשטאט פֿון שבת גלייך
ביטיידן איז אין לאח דור · וועלכש ניט ביפֿולן האט ישו נאך זיין תלמידים · אונ׳
דש איז קעגן דעם וואש זיא זאגן דז נאך דיא צייט פֿון ישו ווערט קיין שבת אעהר
גיהאלטן ווערן · אונ׳ איר האבן שון איט קלארי אונ׳ ווארהאפֿטיגי ראיות בווייזן
דז דיא מצוה פֿון שבת קען אויף איביגליך בטל ווערן זעלבשט נאך איר איינגה
איינונג · אונ׳ דאר איט איז גינוג אויף דש צו פֿר ענטפֿרן :

# פרק לא עמוס ב

אזו האט גאט גיזאגט אויף דרייא איסטאאט פֿון ישראל הב איך זיא פֿר
געבן · אבר דש פֿירדי אבר איך זיא ניט שענקן · ווייל זיא האבן דען
גירעכטן פֿר קויפֿט פֿר זילבר · אונ׳ ווען איין ארמר האט איין פֿעלד גיהאט
צווישן איר פֿעלדר האבן זיא אים אב גיצוואונגן אום איר פֿעלדר בייא אננדר
צו שליסן · אויש דעם פסוק ברענגן איין טייל חכמים דר נוצרים ביוויז אויף איר
גלובן דז זיא זאגן וויא דער נביא עמוס האט גיפראפֿעצייאט אויש דען אונד פֿון
גאט דז ישראל ווערן דען ישו הנוצרי פֿר קויפֿן פֿר וויניג געלט דש איז פֿר
דרייסיג זילבר לינג · ווייל דא שטיט דז זיא פֿר קויפֿן דען גירעכטן פֿר זילבר אונ׳

דען נוט בידערפטיגן פון וועגן דיא בישליסונג. אך וויל דער פסוק זאגט אונ׳
אויך דש פירדי ווער איך אים ניט ווידר קערן אונ׳ ווער איאט ניט שענקן · דש
איז דז דיא פירדי זינד וועלכה איז דיא פר קויפונג. פון דען גירעכטן דיא ווערט
אין דיא איביקייט אן ישראל ניט פר געבן ווערן · אונ׳ דארום פון וועגן דיא זינד
אליינט איז דש גריכט איבר ישראל פר זיגלט אונ׳ בישלאסן גיווארן דז זיא זאלן
ליידן דש גלות וואורין זיא היינט זיין:

**ענטפרט** דארויט קען אן אך זעהן דז זיא ברענגן ביוויז אויף איר ריד
זונדר דען אין האלט פון דען פסוק רעכט צו פר שטין אונ׳ זונדר
וייטר צו טראכטן אויף דיא פסוקים דיא דר נאך פאלגן אונ׳ אויף דיא אנדרי
זאכן דיא נאך דר ביא פר גליכן ווערן אין דיא זעלביגה נבואה · דען דז דער
פסוק זאגט אויף דרייא זינד פון ישראל אונ׳ אויף דיא פירדי ווער איך אים ניט
ווידר קערן · דש איז צו פר שטין דז אוב שון ישראל האבן דרייא שווערי זינד
גיטאן דז זיא האבן עבודה זרה גיטריבן אונ׳ זנות גיטריבן אונ׳ בלוט פר גאסן ·
איז איר גיריכט נאך ניט בישלאסן גיווארן פר הש״י אום איר לאנד צו פר וויסטן
אונ׳ זיא צו פר טרייבן דורך דיא קיניגן פון אשור אז נור אליינט פון וועגן דען רויב·
גלייך בראשית ו׳ ( דען דיא ערד איז דר פילט מיט רויב ) · אונ׳ נאך פיל אנדר
וייל דער רויב איז גישעהן דורך דיא ריכטר דז זיא האבן זעלן רעכט משפט טון
אונ׳ זיא האבן דש רעכט פר קערט פון וועגן שוחד · גלייך עמוס ה׳ (זיא בילייריגן
דען צדיק זיא נעאן אונגרעכט געלט אונ׳ דיא נוט בידערפטיגן האבן זיא אין דש
טאר דר ריכטר גינייגט פון זיין רעכט ) · אונ׳ דש אייניט ער דז זיא האבן פר
קויפט פר זילבר דען גירעכטן דער אין זיין ריכט גירעכט איז · גלייך שמות כ״ג
( אונ׳ ער פר קריאט דיא ריד דר גירעכטן ) · אונ׳ אך זייגן זיא גירעכט אין
אנדרי זאכן · דען דיא פר דש גריכט די וואורהייט זאגן די זייגן אין איר אייניטי
זאכן גירעכט · אזו אך דיא ארמן אונ׳ נוט בידערפטיגן דיא ווערן לום אייניטן
אונדרשט ניט אז דיא וואורהייט זאגן · אונ׳ דארום זאגט ער אונ׳ דען נוט
בידורפטיגן פון וועגן (נעלים) · דש איז ווען זיא נור אן דען ריכטר טיך געבן
נייגט ער דש גריכט אונ׳ פר לוקט דען ארמן דער רעכט פערטיג אין זיין
גריכט איז · אונ׳ דער רשע דער רייך איז אונ׳ אונגירעכט דער גיבט שוחד אונ׳
גווינט דש משפט דר מיט · אך איבר זעלכי עשירים דיא רשעים וואורן אונ׳ האבן
דיא תבואות אין גיזאמלט אונ׳ האבן זיא מיט אונגרעכט אונ׳ שאלקהאפטיקייט
פר קויפט אן דיא ארמן האט דער נביא גישריאן אין עמוס ח׳ ( הערט דש צו
דיא דא פר שלינגן דען נוט בידורפטיגן אונ׳ גילושטן צו פר שטערן דיא ארמן
פון לאנד · אונ׳ זאגן ווען ווערט דש יאר אום זיין חודש לענגר ווערן דז איר קענן
דש קארן טייאר פר קויפן · אונ׳ ווען ווערט שמיטה זיין וועלן איר אונזר אוצרות
מיט תבואה עפנן · אך גילושטן זיא דיא אמות צו פר קלענרן אונ׳ דש זילבר גוויכט

גרעשר צו מאכן · אונ' אונרעכט צו טון מיט שאלקהאפטיגי וואג שאלן · אונ' צו
קויפן אום זילבר דיא ארמי לייט · אונ' דיא נוט בידארפטיגן פון וועגן דיא
בישליסונג · אונ' דש שלעכטסטה קארן וועלן איר פר קויפן) · נון וייל דר פסוק
זאגט צו קויפן אום זילבר דיא ארמי · דא רעט ער פון פיל · אונ' דר נאך זאגט
ער אונ' דען נוט בידארפטיגן פון וועגן דיא בישליסונג · רעט ער פון איינס ·
אונ' ערשט האט ער גיזאגט וייל זיא האבן דען נדיק פר קויפט פר זילבר אונ'
דען נוט בידארפטיגן פון וועגן דיא בישליסונג · דאר מיט לאזט ער אונש וויסן
דז דיא ביידי פסוקים אויז פון אייניר לייא זאך פר שטאנדן ווערן · דז פון וועגן דש
אונרעכט וואש זיא טון איין גירייכט פר קויפן זיא דיא גירעכטי אונ' נוט
בידארפטיגי פר וויניג געלט · אונ' אזו אך דורך די פאלשקייט אונ' גיוואלט וואש
זיא טון אין קויפן אונ' פר קויפן דאר מיט קויפן זיא דיא ארמי אונ' נוט
בידארפטיגי אונ' דש קען אן ביוויזן וויל ער זאגט אין ביידי פסוקים אונ' דען
נוט בידארפטיגן פון וועגן דיא בישליסונג · אונ' דז ער זאגט ווען זיא זאגן ווען
ווערט פר בייא זיין (החדש) דש איז ראש חדש · גלייך שמואל א' ב' מחר חדש
אמרן ווערט ראש חדש זיין · דען אן דיא ראשי חדשים האבן ישראל גיגעסן
אונ' גיטרונקן אונ' וואורן פריליך אונ' נאך פיל מער אן דיא שבתות · דז זיא האבן
גירוט וואורן דיא קראמן גישלאסן · אונ' וואר דער גיברויך אונטר ישראל דז זיא
גינגן אין דיא טעג צו דיא נביאים אום גאטש ווארט צו הערן · גלייך מלכים ב' ד'
(וואורום גיסט דוא הייכט צו אים עס איז דאך קיין ראש חודש נאך שבת) · אונ'
דש וואר אן דיא תבואה פר קויפר איין פר הינדרונג · דז זיא קענטן איר תבואה
אין דיא טעג ניט פר קויפן · דארום האבן דיא פר קויפר גיטרויערט וייל זיא
קענטן אין דיא טעג קיין געלט לאזן דורך דרייארלייא אונרעכט אונ'
שאלקהאפטיקייט דיא זיא פלעגטן אל צייט צו טון · דש איינה איז דז זיא האבן
פר קלענרט דיא אמס ווארין זיא האבן דיא תבואה פר קויפט · דש אנדרי
איז דז זיא האבן דש געלט אנטפאנגן פון דיא ארמי דיא פון זיא גיקויפט האבן
מיט גרוסי גוויכט · אונ' דש דריטה איז דז זיא האבן דיא וואג שאל פר דארבן
אונ' שאלקהאפטיקייט מיט דיא וואג שאל גיטאן נאך דעם זיא האבן זיא פר
דארבן · אונ' מיט דער גלייכן שאלקהאפטיקייטן וואש זיא האבן אן זיא גיטאן
האבן זיא גיטראכט אום דיא ארמי אין גרוסי נוט צו ברענגן · אום זיא זעלבשט
פר איין קליינה זאך צו קויפן · אונ' דש איז וואש ער ווייטר זאגט אום צו קויפן
פר זילבר דיא ארמי אונ' דען נוט בידארפטיגן פון וועגן דיא בישליסונג · אדר
אום שיך · גלייך אך שטיט אין ויקרא כ"ה (ווען דיין ברודר ווערט פר ארמט
ווערן אונ' ווערט צו דיר פר קויפט ווערן) · אונ' דז ער ווייטר זאגט · אונ' דש
שלעכטי קארן וועלן איר פר קויפן · דש איז דיא זאך דש שלעכטסטי קארן וועלן איר
אויז פר קויפן וועלכש איז דש ארגסטי פון דיא וויין וואש אויש דיא זיב פאלט

אז אן דיא ווייל זיבט אונ' דש עשט אנדרשט קיינר אז דיא אנדרי פון וועגן איר
גרוסה גוט: דש איז דיא אייניגונג פון דיא פסוקים אונ' ניט וויא דיא נוצרים פר
שטין · אונ' דיזה גאנץ אויש ליגונג האט אך צו גישטאנדן דער צעלטר חיבר זעלבר פון
דיא נוצרים סיאון בוהני אין זיין אויש ליגן האט ער אן דיא זייט גישריבן אויף
דעם פסוק · (ע"ל זיא האבן פר קויפט דען גרעכטן פר זילבר אונ' דען נוט
ביהארפטיגן אום וועגן דיא בישלישונג) דש איז פון וועגן דען שוחד האבן זיא
קיין רעכט משפט גיטאן · נאך אבער איז אן צו מערקן דז ווען דער נביא העט
אין דעם פסוק גימיינט פון דיא פר קויפונג פון ישו הנוצרי · גלייך וויא זיא זאגן ·
זא העט ער מיט דיא זינד זעלן יהודה בישולדיגן · דען אין דיא צייט פון ישו
הנוצרי דער אין דינן צייט פון דש צווייטה בית המקדש וואר · ווארן ניט מער אין
איר לאנד אז יהודה אונ' בנימין אבר דיא צעהן שבטים דיא דער נביא נענט
מיט דען נאמן פון ישראל דיא ווארן אין דיא צייט פון דש צווייטה בית המקדש
נאך ניט ווידר גיקומן נייארט זיא ווארן אין איר פיינדן לאנד · אונ' האבן זעלבשט
דען ישו מיט איר אויגן ניט גיזעהן · אונ' וויא קענן דען אויס ישראל פר קויפט
האבן ווען דיא זיינן צעהן שבטים דז דער פסוק פון רעט · אך וואש זי ברענגן
אויש דעם פסוק (אונ' אויך דש פירדי וויל איך אים ניט ווידר קערן) · זאגן זיא
דז די פירדי זינד איז דז זיא האבן דען גירעכטן פר קויפט דש ווערט אן ישראל
קיין מאל פר געבן ווערן · דיא ענטפרט איז דז זיא האבן דש אך ניט רעכט פר
שטאנדן · דען דער פסוק האט אך אזו גיזאגט פון דיא זינד פון דמשק אונ' עזה
אונ' צור אונ' אדום אונ' פון דיא קינדר פון עמון אונ' מואב דען אוב שון זיא האבן
ישו ניט פר קויפט שטיט דאך פון זיא גישריבן אונ' אויך דש פירדי ווער איך
אים ניט ווידר קערן · אונ' וויל דאך דיא נוצרים ווערן גינענט אין דיא ספרים
דר נביאים מיט דען נאמן פון אדום גלייך איר האבן אין דען זעקשטן פרק
בוויזן · זא פאלגט אויש מיר דיר דז צו זיא זעלבשט ווערט אך קיין מאל קיין
פר געבונג זיין · אבר דז צו ישראל ווערט איין פר געבונג זיין אונ' ניט גלייך וויא
זיא זאגן · דאר פון שטיט בישיידליך אין דיא נביאים גלייך וויא דוד המלך האט
גיזאגט אין תהלים ק"ל (אונ' ער ווערט ישראל דר לייזן פון אל זייני זינד) · אונ'
ירמיה ל"ג (אונ' איך ווער זיא רייניגן פון אל איר זינד וואש זיא האבן קעגן מיר
גיזינדיגט · אונ' ווער פר געבן אל איר זינד וואש זיא האבן קעגן מיר גיזינדיגט
אונ' ווידר שפעניגט) · אונ' ירמיה נ' (אין דיא זעלביגה טעג אונ' אין דיא צייט
זאגט גאט ווערט גיזוכט ווערן דיא זינד פון ישראל אונ' זיא ווערט ניט דא זיין ·
אונ' דיא זינד פון יהודה אונ' זיא ווערט ניט גיפונדן ווערן דען איך ווער פר געבן
אן דיא איך ווער איבר לאזן) אונ' נאך פיל מער אנדרי פסוקים · אונ' דר מיט
איז דיזר פרק אך פר ענטפרט:

פרק

# פרק לב עמוס ה

זיא איז גיפאלן אונ׳ ווערט ניט ווידר אויף שטין דיא יונגה פרויא ישראל׃ זיא איז פר שפרייט אויף איר ערטרייך אונ׳ עס איז קיינר דער זיא אויף ריכט׃ אויז דעם פסוק ווארפן זיא אונש פור דז דער נביא עמוס האט בישיידליך אן גיזייגט דז איר ווערט ניט ווידר אויף שטין פון דעם פאל׃ דש איז דז איר ווערט ניט ארויז קומן אויז דעם גלות׃ אלזו פר האפט איך אום זונשט אום דר פון דר לייט צו ווערן׃

**ענטפרט** הארויש קענן זיא אך ניקש קעגן אונש שטרייטן׃ דען דער נביא האט ניט גימיינט דז ישראל אל צייטן קיין מאל ווידר אויף גהילפט ווערן פון דעם פאל׃ דען דער נביא זעלבשט האט דר נאך אום ענד פון זיין ספר גישריבן (אונ׳ איך ווער ווידר קערן די גיפענקניש פון איין פאלק ישראל אונ׳ זיא ווערן אויף בויאן דיא פר וויסטה שטעט אונ׳ ווערן זיא בזיצן׃ אונ׳ זיא ווערן ווין גערטן פלאנצן אונ׳ איר ווין טרינקן׃ אונ׳ ווערן גערטן מאכן אונ׳ איר פרוכט עסן׃ אונ׳ איך ווער זיא פלאנצן אויף איר ערטרייך׃ אונ׳ זיא ווערן ניט מער פר שפרייט ווערן פון איר ערטרייך וואש איך הב זיא גיגעבן זאגט גאט דיין גאט)׃ אונ׳ דיא ריד פון דען נביא ווערן דאך ניט קעגן אנגדר שטרייטן׃ אבר דער רעכטר איין האלט פון דעם פסוק איז דש׃ דז נאך דעם דער נביא האט דר צילט פון דיא פיל צרות אונ׳ בייז זאכן דיא גאט האט גיבראכט אויף ישראל פון וועגן אירי זינד אום זיא צו מאכן ווידר קערן צו אים אונ׳ זיא זיינן גלייך וואול ניט ווידר גיקערט צו גאט יתברך׃ אונ׳ דרום פון האט ער גיזאגט אין עמוס ד׳ פינף מאל (אונ׳ איר זייט ניט ווידר גיקערט צו איר זאגט גאט) דארום האט ער ווייטר גיזאגט (דארום ווער איך דיר דש טון ישראל׃ אונ׳ וויל איך ווער דיר דש טון זייא בירייט פר דיין גאט ישראל)׃ דש איז דארום טו איך דיר אל דיא בייז זאכן ישראל׃ אונ׳ וויל איך דיר דש אלש טוא׃ אזו דיך בירייט ארויש צו גין קעגן דיין גאט מיט תשובה אונ׳ גוטי ווערקן דען ווערט ער דיר גוטש טון אונ׳ ווערט דיר דש בייז פר ענדרן צו גוטן דען ער איז דיין גאט אונ׳ גיבט אכטונג אויף דיר צו ביזן אונ׳ צו גוטן נאך דעם דיין ווערקן זיין׃ אונ׳ דר נאך זאגט ער (דען ער איז דער בישעפר פון דיא בערג אונ׳ בישאפט דען ווינד אונ׳ זאגט דען מענשן וואש ער האט גירעט׃ ער מאכט דען מארגן שטערן אונ׳ דיא פינשטרניש׃ אונ׳ ער טרעט אויף דיא היך פון דיא ערד׃ גאט דר היאור שארן איז זיין נאמן)׃ דש איז דז דיין גאט איז דער בישעפר פון דיא וועלט אונ׳ טוט מיט זיין בישעפניש נאך זיין ווילן׃ אונ׳ ער גידענקט דארום דיא בערג וויל זיא זיינן שטארק אונ׳ בישטענדיג אונ׳ מן קען זיא פון ווייטן זעהן׃ אונ׳ ער גידענקט דען ווינד וויל ער איז אך איין שטארקי זאך אונטר דיא בישעפניש

אונ' ווערט ניט גיזעהן אונ' אנטלויפט אוף פאלן דיא העכשטי בערג וועלכי זיין דיא
היך פֿון דיא ערד · אונ' אז ווען גאט יתברך זעלט אויף זיא טרעטן · וויל ער
אנטלויפט זיא אויז פֿאלן דורך דען ווינד דער דא גיט אויבן אין דיא ערד אין דיא
ווייט פֿון שטארק · אך זאגט גאט יתברך צו דען מענשן וואז ער רעדט · דש
איז זיין המכרז אונ' מערקן לאזט ער איך זאגן דורך זיין נביאים · אז אך דער
אמרגן שטערן דער ליכטיג איז · ווען ער וויל מאכט ער איין פינשטר · אונ' אז
ווערט ער אך מיט אייך טון נאך זיין ווילן · אז איר ווערט ביז טון ווערט ער ביז
איבר אייך שיקן · אונ' אז איר ווערט גוטש טון ווערט ער אייך אך גוטש טון ·
דען ער זעהט אייך אונ' ווייש אייער ווערקן דרום ווערט זיין נאמן גיזעגנט
גאט הער גאט דה היר · שמרן וויל ער איז איין ריכטר איבר דיא איברשטי
אונ' אונטרשטי היזור טירן אונ' טוט איט זיא נאך זיין ווילן · דרום איז דש גוט
פֿר דיך ישראל דז דוא זאלשט דיך פֿר איין בירייט אמכן איט תשובה אונ' גוטי
מעשים אונ' דען ווערט ער דיר גוטש טון · אונ' דז ער הוט דיר ביז אילוגר איבל
גיטאן · דש הוט ער גיטאן פֿון וועגן דיין בייזי ווערקן · אונ' דר נאך זאגט ער
(הערט צו דיא זאך דז איך היב אויף פֿון אייערט וועגן איין קלאג ליד) · דש
איז ווען איר וועלט ניט ווידר צו איר קערן · זא הערט דש קלאג ליד וואש איך דר
היב איבר אייך) · זיא איז גיפאלן אונ' ווערט ניט אער אויף שטין די יונגה פֿרויא
ישראל · זיא איז פֿר שפרייט אויף איר ערטרייך אונ' איז קיינר דער זיא אויף
ריכט) · דש איז זיא ווערט ניט ווידר פֿון איך זעלבשט אויף שטין אויף איין
נאטויערליכה ווייז אונ' ווייא דער גיברויך איז אין דיא וועלט אנדר תשובה אונ'
גאט צו פֿארשן אונ' אנדר כו' · ביז נאך דעם זיא ווערט ווידר קערן צו הש"י
דען ווערט זיא ווידר אויף בישטאנדר האבן אונ' דז ער זאגט זיא איז פֿר שפרייט
אויף איר ערטרייך אונ' עס איז קיינר דער זיא אויף ריכט · דש איז דז זעלבשט
וויל זיא וואר נאך אויף איר ערטרייך וואר זיא פֿר שפרייט אין דש לאנד אונ' גינג
גיפֿאנגן אין איר פֿיינדן האנט · וויל איר אלהים אונ' הערן האבן זיא ניט דר צו
גיברוכט דז זיא זאלן תשובה טון דז זיא זאלן ווידר קערן אויף גירעכט ווערן · אונ'
דר נאך האט ער בישיידן דען שטארקן פֿאל אונ' זאגט (הכען) אזו האט גאט דער
הער גיזאגט אין די שטאט וואו טויזנט אמן זיין וועקן נור הונדרט איבר בלייבן
אונ' וואו הונדרט זיין ווערן צעהן איבר בלייבן פֿון דש הויז גיזינד פֿון ישראל) ·
דש איז דיא שטאט אויז וועלכי טויזנט אמן זיין גיגאנגן צום קריג ווערט
הונדרט דריכן בלייבן · דען עש ווערט ניש אער אז דש צעהנטי טייל דריכן
בלייבן דען דיא ווערן אלי פֿר גין אין הונגר אונ' שווערד אונ' דבר: אונ' די איברינגה
ווערן פֿר טריבן ווערן אויש איר לאנד · אונ' נאך דעם ער האט אן גילייגט דיא
ווייט דיא נידריקייט פֿון דען פֿאל ווערט גירייכן · האט ער באלד דר נאך אן
גילייגט אונ' פֿר צייכנט וואו דורך דש הויז גזינד פֿון ישראל ווערן ווידר אויף

שטין פֿון דען פֿאל׳ · אונ׳ זאגט ווייטר (דען אזו האט גאט גיזאגט צו דש הויז
גיזינד פֿון ישראל פֿארשט איך אונ׳ לעבט) · אונ׳ דיא פֿארשונג צו גאט איז דיא
תשובה אונ׳ מעשים טובים · גלייך איר פֿינדן אין ישעי׳ נ״ה דז נאך דעם ער
האט גיזאגט (פֿארשט גאט וויל ער לאזט זיך פֿינדן) · האט ער ווייטר בישרייבן
וואט דיא פֿארשונג איז · אונ׳ זאגט (דער רשע זאל זיין וועג פֿר לאזן אונ׳ דער
אונגירעכֿטר מאן זיין גידאנקן אונ׳ זאל ווידר קערן צו גאט דען ווערט ער זיך
איבר אים דר בארמן) · דאהויט קענטשו זעהן דז דער נביא עמוס ע״ה האט
קלאר אן גיוויזן דז דש הויז גיזינד פֿון ישראל ווערט ניט אויף גיריכֿט ווערן פֿון דעם
פֿאל דורך אין נס נייארט דורך תשובה אונ׳ דז זיא ווערן אין בישטאנד האבן
אונ׳ לעבן בלייבן · גלייך וויא ער האט לאזן ווישן אם ענד פֿון זיין ספֿר גלייך איר
האבן בישייהן · אונ׳ דער גלייכֿן פֿינדן איר אך וויא דיא פֿרויא פֿון תקוע האט
גירעט צו דוד המלך ע״ה אין שמואל ב׳ י״ד (דען איר אונז דאך שטערבן אונ׳
אז דיא וואסר דיא אויף דיא ערד ריקן דיא ניט אין גיזאמלט ווערן) · דש איז צו
פֿר שטין דען איר אונז דאך אלי שטערבן אונ׳ גלייך אז דיא וואסר דיא דא ריקן
נאך דעם אן האט זיא אויף דיא ערד גיגאסן אויף אין קרום אורט דיא ניט קענן
אין גיזאמלט ווערן · אזו ווערן אך דיא זילן דר מענשן ניט ווידר אין גוף גיטאן
ווערן אויף אין נאטוירליכֿה וויז נייארט דורך אין נס אונ׳ וואונדרליך ווערק אז
דיא טוטן ווערן לעבנדיג ווערן · אזו אך וואט דער זינגר דוד המלך האט גיזאגט
אין תהלים ע״ח (אונ׳ ער האט גידאכֿט דז זיא זיינן פֿלייש · דער אוטם גיט
אוועק אונ׳ ווערט ניט ווידר קומן) · דש איז דז דיא זיל ווערט ניט ווידר קומן
אין דש פֿלייש אויף אין נאטוירליכֿה וויז · דען דיא טבֿע ברענגט דש ניט איט
דז דיא זיל זאל ווידר קומן אין דען גוף נאך דעם זיא איז פֿון אים ארויש גיגאנגן ·
נייארט הש״י קען זיא ווידר ברענגן אין דען גוף אז ער ווערט וועלן דורך איין נס
אונ׳ וואונדר · אונ׳ דש וואונדר ווערט גישעהן גלייך וויא דיא אנדרי וואונדר דיא
גישעהן זיין דורך פֿר ענדרונג דר נאטוער דורך דיא נביאים ע״ה · אונ׳ אן קען
דאך גוויט ניט זאגן דז דוד המלך ע״ה אונ׳ דיא פֿרויא פֿון תקוע זעלטן ח״ו ניט
גיגלויבט האבן דז דיא טוטן ווערן לעבנדיג ווערן · דען וואט אן גיט דז דיא טוטן
ווערן לעבנדיג ווערן וועלכֿש גישעהן ווערט דורך נס אונ׳ וואונדר · דאר פֿון שטיט
גישריבן אין דברים ל״ב (איך ווער אמכֿן שטערבן אונ׳ ווער ווידר לעבנדיג
אמכֿן) · אונ׳ נום אנדרן אמל שטיט אין דיא נביאים אין ישעי׳ כ״ו (דיין טוטי
ווערן לעבן איין טוטי לייבר ווערן אויף שטין) · אונ׳ נום דריטן אמל שטיט אין
כתובים אין דניאל י״ב (אונ׳ פֿיל פֿון דיא דא שלאפֿן אין דיא ערטרייך דר
ערדן ווערן אויף וואכֿן) · אונ׳ דהרום האט דיא טריפֿט פֿר גלייכֿן דיא פֿר
זאמלונג דר גיפֿאנגני צו דיא אויף שטיאונג דר טוטן · גלייך יחזקאל ל״ז (דהרום
פרופֿעצייא אונ׳ זאג צו זיא אזו האט גאט דער הער גיזאגט איך ווער אייער

גרובן עפֿינן אונ׳ ווער אייך דרויף ברענגן מיט אייער גרובן איין פֿאלק · אונ׳ ווער אייך ברענגן אין דש לאנד פֿון ישראל) · גלייך פֿון דיא זאך וואול בישיידן איז אין דעם קאפיטל · אונ׳ פֿון וועגן דיא ניסים אונ׳ וואונדר דיא אין דיא צייט פֿון משיח ווערן גישעהן גלייך אז דיא פֿר זאמלונג דר פֿר טריבני אונ׳ דיא אויף שטיאונג דר טוטן · אונ׳ דער שלאק פֿון גוג ומגוג · אונ׳ נאך אנדרי נסים אונ׳ וואונדר דיא איר פֿר צעלט האבן אין פרקו׳ · דארום ווערט דש ענד פֿון דיא גאולה גינענט דש ענד דר וואונדר · גלייך דניאל י״ב (וויא לאנג ווערט דש וואונדרליכה ענד גיוועהרן) · אונ׳ דאר פֿון האט הש״י בילובט דורך זיין נביאים אין מיכה ז׳ (גלייך אז אין די טעג דז דוא ביסט אויז דש לאנד מצרים גיגאנגן אזו וויל איך אים לאזן וואונדר זעהן) · אונ׳ וויא ווייטר שטיט (דיא פֿעלקר ווערן זעהן אונ׳ פֿר שעמט ווערן פֿון אל איר שטארקייט · זיא ווערן דיא האנט אויף איר מויל ליגן · איר אורן ווערן פֿר טויבט ווערן · זיא ווערן ערד לעקן אז איין שלאנג גלייך אז דיא דא קריכן אויף דיא ערד ווערן זיא דר שרעקן פֿון אירי בישליסונג פֿר גאט אונזר גוט ווערן זיא דר שרעקן אונ׳ פֿר דיר פֿערכטן) · מיט דיא איבריגי פסוקים ביז אום ענד פֿון דען ספר לאזט ערווייזן דז דיזי פֿר זיכרונגן זיין נאך ניט בפֿעסטיגט גיוואורן אונ׳ דיא ווערן ערשט גישעהן אין דיא צייט פֿון משיח · גלייך איר האבן אין פרקו׳ פֿר קלארט · אונ׳ דאר מיט איז דיזה קעגן שטרייטונג ביז אום גאנץ פֿר ענטפֿרט:

# פרק לג מיכה ה

**א״ג** דוא בית לחם דש דא הייסט אפרת דוא העטסט זאלן דער גרינגשטר זיין אונטר דיא העררן פֿון יהודה פֿון דיר ווערט איינר פֿר איר אויס גין דער דא וועט גיוועלטיגן איבר ישראל אונ׳ זיין אויס גאנג איז פֿון פֿור אלז אזו לאנג אז דיא וועלט שטיט · מיט דעם פסוק ברענגן דיא נוצרים בווייז אויף איר גלויבן אונ׳ זאגן וויא דער נביא האט קלאר אן גיצייגט דז משיח ווערט גיבארן ווערן אין בית לחם · אונ׳ דיזה בילובונג איז שון גישעהן אן אונזר משיח אן ישו הנוצרי · דער דארטן וואר גיבארן · אבר איר יהודים קענט דיזן פסוק ניט אויז ליגן אויף דעם משיח דער אונטר אייך פֿר האפֿט ווערט וויל דיא שטאט בית לחם איז שון פֿר וויסט זא איז דש ניט מיגליך דז משיח זאלט דארטן גיבארן ווערן:

**ענטפֿרט** דארויף קענן זיא ניקס בווייזן אויז דיזן פסוק · דש איינה איז וויל זיא האבן קיין קלאר בווייז אויז דיא נביאים דז ישו הנוצרי איז משיח גיוועזן · אבר איר האבן פֿיל קלארי בווייז אויז דיא נביאים ע״ה אונ׳ אויז דיא שרייבר פֿון איר אונגליון דז ישו הנוצרי איז קיין משיח

גלייך

גלייך איר האבן אין דען ערשטן פרק פֿון דיזן ספר בישיידן · אונ׳ דארויש
פֿאלגט ניט דז ער איז דארום משיח געוועזן וויל ער וואר געבארן אין בית
לחם · דען עס וואָרן אזו פֿיל הונדרטן אונ׳ טויזנטן געבארן אין בית לחם אונ׳ זיא
קענן דאך ניט אלי איט אנדר אייטל משיחים געוועזן זיין · זא קען אך ישו אזו
געוועזן זיין אז איין אנדרר פֿון זיא · אונ׳ דש אנדרי איז דז עס ניט קען אזו זיין אז
ווי אז זיא זאגן · דען דער פסוק זאגט ( פֿון דיר ווערט איינר פֿר איר אויש גין
אום אין געוועלטיגר צו זיין איבר ישראל ) · אונ׳ ישו הנוצרי האט גאר ניט
געהערשט איבר ישראל אבר זיא האבן איבר אים געהערשט דען זיא האבן
אים גימורטיילט צום טוט גלייך אז איין גיאיינר אמן רוצח דש פֿאלק · אונ׳ דש
דריטה איז דז אויש דעם פסוק איז ניט צו פֿר שטין דז משיח זעלבשט ווערט
געבארן ווערן אין בית לחם · דען ער זאגט ( אונ׳ זיין אויש גאנג איז פֿון פֿור
אמאלט אזו לאנג אז דיא וועלט שטיט ) · אבר דר רעכטר אין האלט פֿון דעם
פסוק איז דז ער רעט קעגן דיא שטאט בית לחם ווען שון דוא בישט צו גרינג
אום גירעכנט צו ווערן אונטר דיא שטעט פֿון דיא הערן פֿון יהודה · ווערט
גלייך וואל פֿון דיר איינר פֿר איר אויש גין דער דא ווערט הערשן איבר ישראל
אונ׳ דש ווערט זיין דער מלך המשיח דער דא ווערט אויש גין פֿון דען זאמן פֿון
דוד המלך ע״ה דער דא איז געוועזן פֿון בית לחם יהודה · גלייך שמואל א׳ י״ז
( איין זון פֿון דעם אמן פֿון אפֿרת פֿון בית לחם יהודה ) · אונ׳ דארום זאגט ער
אונ׳ זיין אויש גאנג איז פֿון פֿור אמאל פֿון דיא טעג פֿון דיא וועלט · דען אין די לייט
פֿון משיח ווערן זיא זאגן דז פֿון פֿאר אמאל אונ׳ פֿור איין לאנגה לייט איז משיח
אויש גיגאנגן פֿון בית לחם אונ׳ דש איז דוד המלך ע״ה דער פֿור איין לאנגה
לייט וואר געבארן אין בית לחם · דען עס איז איין לאנגה לייט צווישן דוד אונ׳
משיח · אך קען אן פֿר שטין אויש דיא פסוקים דיא צו פֿור אונ׳ דר נאך שטין דז
ער האט גיפראפֿעצייאט פֿון זעלכי זאכן דיא לאנג דר נאך ווערן גישעהן · דען
דרפֿור שטיט ( אונ׳ אילונדר ווערן אך פֿיל פֿעלקר צו דיר פֿר זאמלן ) איט דיא
אנדרי פסוקים דיא דרויף פֿאלגן וועלכי וויזן אויף דיא קוואשט פֿון גוג ומגוג אונ׳
פֿיל פֿעלקר דיא איט אים ווערן זיין וועלכש ווערט גישעהן אין דיא לייט אז כל
ישראל ווערן פֿר זאמלט ווערן אויף איר ערטרייך אונ׳ ווייא דיא פֿעלקר ווערן פֿאלן
אויף דיא בערג פֿון ישראל גלייך ווייא בישרייבט ווערט אין יחזקאל ל״ח אונ׳ ל״ט
אונ׳ זכריה י״ד · אונ׳ אן קען ניקש פֿרעגן אויף דש ווארט (ועתה) אילונדר
וועלכש ביטייט אויף איין לייט דיא באלד ווערט זיין · דען איר פֿינדן דש ווארט
( עתה ) אין פֿיל ערטר אין דיא נביאים דז עס ווערט אך גיזאגט פֿון איין
לייט דיא לאנג דר נאך ווערט זיין · גלייך ישעי׳ מ״ג ( איך ווער אויין נייאה זאך
טון (עתה) אילונדר ווערט זיא אויש שפראצן ) · דש איז דז זיא אוגן פֿר זיכרט
זיין אונדיזה פֿר הייסונג דז ווען שון זיא ווערט ערשט אין איין לאנגה לייט

גישעהן איז זיא דאך אזו גוויס אז ווען איר זעלט זיא איצונדר מיט אייער אויגן זעהן · אזו אך אין ישעי' מ"ט (דען עש ווערט דיר איצונדר צו ענג זיין פון צו זיצן אונ' דייני פר דערבר ווערן דר ווייטרט ווערן) · אונ' יחזקאל ל"ט (איצונדר ווער איך ווידר קערן דיא געפענקניש פון יעקב אונ' ווער איך דר בארמן איבר דיא גאנצה הויז גזינד פון ישראל) · אונ' יחזקאל מ"ג (איצונדר ווערן זיא איר אום שטעטיקייט אונ' דיא טוטי לייבר פון אירי קיניגן פון איר דר ווייטרן) · אונ' מיכה ה' (דען איצונדר ווערט ער זיך גרישן ביז אן דיא ענד דר ערדן) · דש זאגט ער פון דיא טעג פון משיח · אונ' מיכה ד' (איצונדר אזגשטו מיט איין שאר איבר אונש קואן דוא טאכטר דיא פיל שארן בייא זיך האט אום דארטן איבר אונש צו בילעגרן) דש ווערט גיזאגט פון די מלחמה פון גוג ומגוג דז ער ווערט איין בילעגרונג מאכן איבר ירושלים מיט אל זיין שארן אונ' הימר לעגר · אונ' דז ער ווייטר זאגט (מיט דיא רוט שלאגן זיא דען ריכטר פון ישראל אויף דיא קין באקן) · דש איז וואש גיזאגט ווערט אין זכריה י"ד (אונ' דיא העלפט פון דיא שטאט ווערט אויש גין אין דיא געפענקניש) · דען דש זעלביגט מאל ווערן פר לארן אונ' בירובט ווערן דיא ריכטר אונ' דיא גרעשטן אונטר ישראל ביז זיא ווערן זיא שלאגן מיט דיא רוט אויף דיא קין באק אויף איין פר אכטליכה וויז · אונ' דש אלש ווערט געשעהן אום זיא צו לייטרן אין דש פייאר דר פר דריסיקייט גלייך זכריה י"ג (אונ' איך ווער דש דריטה טייל ברענגן אין פייאר אונ' ווער זיא לייטרן אז וויא אן לייטרט דש זילבר אונ' ווער זיא פריבן אז וויא אן פריבט דש גאלד) · אונ' מיכה ה' (דארום ווערט ער זיא געבן אין איר פיינדן הענד ביז צו דער צייט דז איין גווינרן ווערט גווינן) · דש איז צו פר שטין דז פור דיא לייט פון דיא הילף ווערט הש"י געבן דז ישראל ווערט אין איין גרושה צרה זיין דיא דא ווערט גלייך זיין אז דיא וויא טאג פון איין גווינרין דז דיא טריסטונג ווערט דר נאך וואול אונ' אן גינעם זיין · גלייך ירמי' ל' (אונ' עש איז איין צייט פון לייד פר יעקב אונ' ער ווערט דר פון גיהאלפן ווערן) · אונ' דניאל י"ב (אונ' עש ווערט זיין איין צייט פון לייד וועלכש ניט געשעהן איז פון דיא צייט דז איין פאלק איז גיוועזן ביז צו דער צייט אונ' אין דיא זעלביגה צייט ווערט דיין פאלק אנטרונן ווערן) · אונ' דז ער זאגט אין מיכה ה' (אונ' זיין איבריגי ברידר ווערן ווידר קערן צו דיא קינדר פון ישראל) · דש איז דז דיא איבריגי ברידר פון משיח וועלכי זיינן דיא קינדר פון יהודה אונ' בנימין דיא דא ווערן איבר בלייבן פון דיא צרות אונ' גזרות פון דעם גלות דיא ווערן צו גלייך ווידר קואן אין איר לאנדר מיט דיא קינדר פון ישראל וועלכי זיינן דיא צעהן שבטים · אונ' דז אין דעם פסוק שטיט (על) איז אזו פיל אז ווען עש זעלט שטין (עם) מיט · גלייך שמות ל"ה (אונ' זיא קאמן דיא מאנן (על) מיט דיא ווייבר) · אונ' דאר פון ווערט גיזאגט אין הושע ב' (אונ' זיא ווערן פר זאמלט ווערן דיא קינדר פון יהודה אונ' ישראל מיט

אננדר

אנדר אונ' ווערן איין הייבט אן איבר זיך שטעלן אונ' ווערן ארויז גין אויז דש
לאנד ) אונ' דז ער זאגט אין מיכה ה' ( אונ' ער ווערט אויף שטין אונ' ווערט זיא
שפייזן דורך דיא שטארקייט פון גאט ) דש איז דז דער אלך המשיח ווערט אויף
שטין אונ' ווערט ישראל שפייזן דורך דיא שטארקייט פון גאט · אונ' ווייטר זאגט
ער ( וישבו ) דש איז זיא ווערן אין זיין זיכרהייט אין זיצן גלייך מיכה ד'
( אונ' זיא ווערן זיצן איין איטליכר אונטר זיין ווין שטאק אונ' אונטר זיין פייגן בוים
אונ' קיינר ווערט זיא דר שרעקן ) · אונ' דיא אור זאך דר פון איז ווייל דער נאמן
פון משיח ווערט גיגריסט זיין ביז אן עק דר ערדן · אונ' ווייטר זאגט ער ( אונ'
דש ווערט דער רעכטר פריד זיין דז ווען שון אשור זאלט קומן אין אונזר לאנד )
דער פריד גיט אויף משיח דען ער ווערט דיא אור זאך דש פרידש זיין · גלייך
פון אים גיפראפעצייט איז אין זכריה ט' ( אונ' ער ווערט פריד רידן צו דיא
פעלקר ) · אונ' דז ער זאגט ווען אשור זאלט קומן אין אונזר לאנד · דש איז אין
שטאט דיא פארכט דז איר אונש איצונר פערכטן פר אשור דער דא האט
פלעגן צו קומן אין אונזר לאנד · ווערן איר פריד האבן דז איר ווערן ווייטר ניט
אזו פר קיין פיינד פערכטן · ווייטר שטיט אונ' איר ווערן אויף ריכטן ( עליו )
דש איז טייטש בייא אים · גלייך במדבר ב' ( ועליו ) אונ' בייא אים וואר דש
גישלעכט פון מנשה ) · דש איז צו פר שטין איר ווערן אויף ריכטן בייא משיח
זיבן הערטן אונ' אכט הערן דר מענשן · אונ' דיא הערטן אונ' הערן זיין דיא
הערן פון דען אלך המשיח דיא ווערן ישראל ווירן אין זיין גלות · אונ' הערן
ווערן איבר זיא גישטעלט זיין · אונ' דז ער זאגט זיבן אונ' אכט דש איז קיין
גוויסה צאל נייארט דש ביטייט פיל · גלייך קהלת י"א ( גיב איין טייל צו זיבן
אונ' אך צו אכט ) · אונ' ער אייכט דז עש ווערן פיל הערטן אונ' הערן זיין ·
אונ' ער רעט נור טאפלט הערטן אונ' הערן דען דיא הערטן זיינן דיא הערן ·
ווייטר זאגט ער ( אונ' זיא ווערן צו ברעכן דש לאנד אשור מיט דען שווערד ) דש
איז דז די הערטן ווערן דש לאנד אשור צו ברעכן מיט דען שווערד · אונ' דש ווארט
( ורעו ) איז טייטש אונ' זיא ווערן צו ברעכן · גלייך ירמי' י"א ( ורעו ) אונ' זיא ווערן צו
ברעכן זיין צווייגן ) · אונ' ירמי' ב' ( ירעוך ) זיא ווערן דיר צו ברעכן דען ווירבל ) · ווייטר
שטיט ( אונ' דש לאנד פון נמרוד ) דש איז בבל · גלייך בראשית י' ( אונ' דש ערשטי
פון זיין קיניגרייך וואר בבל ) · ווייטר שטיט ( בפתחיה ) איז טייטש מיט איר
שווערדר · גלייך תהלים נ"ה ( והמה פתחות ) אונ' זיא זיינן שווערדר · דז מיט
דש שטרייט גיפעכט פון דש לאנד ווערט אן זיא דר שלאגן ( אונ' ער ווערט אונש
בישערמן פון אשור אז ער ווערט קומן אין אונזר לאנד ) דש איז דער אלך המשיח
ווערט אונש בישערמן דורך זיין פר וויסטן דש לאנד פון אשור אונ' בבל דורך זיין
הערן אונ' פירשטן דז זיין פיינד ווערט ארויש גין אויש דש צעלביגה לאנד אונ'
זאלט קומן אין אונזר לאנד אונ' טרעטן אין אונזר פאלישן · אונ' דש ווארט ( כי )

וואש, אין דעם פסוק שטיט דש קואט אן שטאט פון איין ש אז ווען עס זעלט
שטין (שיבא) · גלייך שופטים ח׳ (כי נתן) דז איר זאלן געבן אן דיין פאלק
ברוט) דש איז אז ווען עס זעלט שטין (שנתן) · אונ׳ ער גידענקט אשור
אונ׳ בבל · וויל זיא האבן אן ישראל פר וויסט · אונ׳ דיזי הערטן אונ׳ הערן
וועקן זיא פר וויסטן · ווייטר זאגט ער (אונ׳ עס ווערט זיין דיא איבר בלייבונג
פון יעקב) דיא דא ווערן איבר בלייבן נאך דעם זיא ווערן גילייטרט זיין דורך
דש פייאר פון עלענדיקייט (צווישן פיל פעלקר) דיא זיך איט גוג ומגוג ווערן
איין זאמלן צו שטרייטן קעגן ירושלים (אז איין טויא פון גאט) דש איז דז צו דער
צייט ווערט דיא היילונג פון ישראל דורך קיין מענש גישעהן נייארט פון גאט ·
גלייך וויא דער טויא אונ׳ שפרייא רעגן איבר ווערכן קיין מענש דיא מאכט האט
אום זיא צו מאכן פון הימל קומן נייארט גאט אליינט · אונ׳ דז ער זאגט (גלייך
אז איין ליב אונטר דיא פיך פון וואלד) · דש איז צו פר שטין דז ישראל ווערן
זיך שטארקן איבר דיא פעלקר דיא דא ווערן ירושלים בילעגרן · אונ׳ ווערן זיא
דר שלאגן אונ׳ פר טילגן גלייך וויא דער ליב דיא מאכט האט איבר דיא פיך אין
וואלד אום זיא צו טרעטן אונ׳ צו רייסן אונ׳ קיינר קען עס פון אים ביטערען ·
ווייטר זאגט ער קעגן דש פאלק ישראל (דא ווערשט דיין האנט אויף היבן איבר
דיין ליידיגר אונ׳ אל דיין פיינד ווערן פר שניטן ווערן) · אונ׳ דר נאך שטיט
(אונ׳ עס ווערט זיין אן דעם זעלביגן טאג זאגט גאט ווער איך פר שניידן דיא
פערד פון צווישן דיר אונ׳ ווער אמכן פר לירן דיין רייט וועגן · אונ׳ איך ווער
פר שניידן דיא שטעט פון דיין לאנד אונ׳ ווער צו פירן אל דיין פעסטי שטעט) ·
דש איז דז צו דער צייט ווערט דש פאלק ישראל אין אזו איין הוכה מעלה זיין בייא
דז אל איהרי פיינד ווערן פר זיא פר שניטן ווערן · אונ׳ דרום ווערן זיא קיין
פערד נאך רייט וועגן אער בידארפן אום אין דיא מלחמה צו גין · אונ׳ ווערן
אך קיין פעסטי שטעט ניטיג האבן אום זיך דריכן איין צו שליסן פר דעם פיינד
דען זיא ווערן זיך פר קיינם פערכטן · אונ׳ דאר פון שטיט אין זכרי׳ ב׳ (ירושלים
ווערט אופן בייוואונט ווערן פון וועגן פיל מענשן) · דארויש קענטשטו זעהן דז
אל דיזי פר הייסונגן זיינן גיזאגט פון דיא טעג פון דען וואהרהאפטיגן משיח
וועלכן גאט ווערט אויף ריכטן אין דיא לעצט דר טעג דז אין זיין צייט ווערן כל
ישראל אויש איר גיפענקניש פר זאמלט ווערן אין דש הייליגה לאנד · אונ׳ ה
צו דער צייט ווערט גוג ומגוג קומן אויף דש לאנד פון ישראל אונ׳ ווערט דארטן
פאלן אונ׳ דער נאך ווערט פריד זיין אין דיא וועלט אונ׳ זיא ווערן בלייבן זיצן איט
רוא אונ׳ קיינר ווערט זיא דר שרעקן · אונ׳ דש איז ביקענט דז ניט איינה פון
דיזי פר הייסונגן זיינן גישעהן נאך גיהערט גיווארן אין דיא צייט פון ישו הנוצרי ·
דען ער איט זייני תלמידים אונ׳ שלוחים אונ׳ אלי דיא זיך צו אים האבן ביהעפט
אונ׳ דיא נאך זיין צייט ווארן גינענט דיא האבן אל איר צייט דורך גיבראכט אין

דר טרעקניש ביז זיא וואָרן פֿר גאנגן דורך וואונדר בערליכי טוט גלייך ביקענט
איז ביים דיזן אירי ביכֿר פֿר שטין · אונ׳ וואש זיא נאך אער פֿר ביווייז ברענגן
וויל גישריבן שטיט (אונ׳ זיין אויש גאנג איז פֿון פֿאר אאלט פֿון דיזן טעג דר
וועלט) · דארויש זאגן זיא דז היר איט ווייזט דער פסוק דז דער משיח וועלכֿר
אין דעם פסוק פֿר הייסן איז דש איז גאט זעלבשט וועלכֿר פֿון פֿאר אאלט פֿון
דיא טעג דר וועלט איז אהער גיקומן · אוז אן ענטפֿערן דז אן קען ביטייטליך זעהן
דז זיא זיך דארין אך טועה זיין · דען גאט יתברך האט קיין אן פֿאנג נאך ביגין
אונ׳ קיין ענד נאך לעצט · אונ׳ ווייל קען אן דען פֿון אים זאגן דז ער איז אהער
גיקומן פֿון פֿאר אאלט · אונ׳ דער אויש גאנג וואו ער איז אהער גיקומן דש
אידער אן פֿאנג אונ׳ גאט יתברך איז פֿון אייביג זונדר בגין אודר אן פֿאנג ·
דאר ביים האבן איר שון ביוויזן אויש דיא שרייבר פֿון אן גלוין אונ׳ אויש דיא ריד
פֿון ישו זעלבשט אין דש לעהנטי קאפיטל פֿון דיזן ספֿר דז ישו הנוצרי וואר קיין
גאט · זא פֿאלגט דז וואש זיא גלויבן דש קואט ניט איבר איין איט דיא ריד פֿון
ישו אונ׳ איט דיא ריד פֿון דיא שרייבר פֿון איר אן גלוין גלייך איר האבן
האַרטן ביטייטן אונ׳ גלייך נאך ווייטר ווערט ביטייטן ווערן דורך אונזר ביווייז
דיא איר ווערן ברענגן אויף דיא זאכֿן דיא אין אן גלוין שטין איין אידרש אויף זיין
אורט · אונ׳ נאך דעם דז גאט האט דיר דש אלט ביקענט גיאאכֿט · ווערשטו
זעהן אונ׳ פֿר שטין דז זיא אויש דיזן פסוק ניקש קענן ביווייזן דז ישו וואר איין
משיח אונ׳ איין גאט גלייך ווין זיא האבן פֿר שטאנדן:

# פרק לד חגי ב

עש ווערט גרעשטר זיין דער כבוד פֿון דיזש לעצטה הויז אז פֿון דש ערשטה
זאגט גאט דר הער שארן · אונ׳ אן דיזן אורט ווער איך פֿריד געבן זאגט
גאט דר הער שארן · אויף דעם פסוק פֿרעגן דיא נוצרים ווארין איז דער כבוד
פֿון דש לעצטה בית המקדש גרעשטר גיוועזן אז פֿון דש ערשטי · נאך דעם
אאל דז אין דיא צייט פֿון דש ערשטי בית המקדש זייט איר פֿרייא גיוועזן אונ׳
אין דיא צייט פֿון דש לעצטה זייט איר קנעכֿט גיוועזן אונטר דיא אאכֿט פֿון
דיא פרסיים אונ׳ דר נאך אונטר דיא יונים אונ׳ דר נאך אונטר דיא גיוואלט פֿון
דיא רואיים ביז דש בית המקדש איז דורך זיא פֿר וויסט גיווארן · אלזא וואורין
וואר דען דער כבוד פֿון דש לעצטה הויז אזו גרוש אכֿרשט ניט אז ווייל אין דיא
צייט פֿון דש לעצטה בית המקדש וואר ישו הנוצרי גיבארן אונ׳ דארין וואר דער
כבוד פֿון דש לעצטה הויז גרעשטר אז פֿון דש ערשטה:

ענטפֿרט דש ווארט (כבוד) ווערט אין דיא נבואה פֿון צווייארלייא זאכֿן
גיזאגט · דש איינה איז וואש זיך דיא אענשן אין בילדן אונ׳ איינן

דז עש איז איין כבוד וועלכש דער רעכטר כבוד ניט איז׃ גלייך אז עשירות
אונ׳ געלט · גלייך בראשית ל״א (אונ׳ פון אונזר פאטר האט ער אל דען (כבוד)
גקריגן) · אונ׳ משלי ג׳ (אן איר לינקה זייט איז עושר אונ׳ כבוד) : אונ׳
צום צווייטן ווערט עש גזאגט פון דען רעכטן כבוד · גלייך שמואל א׳ ד׳
(דער כבוד איז אוועק פון ישראל) אונ׳ תהלים פ״ה (דז דער כבוד זאל רואן
אין אונזר לאנד) · אונ׳ זכרי׳ ב׳ (אונ׳ צו כבוד ווער איך אין איר זיין) · אונ׳
נאך אנדרי פסוקים · אונ׳ איין טייל ציגן דעם פסוק אויש אויף דעם
רעכטן כבוד אונ׳ אויף דש צווייטי בית המקדש אונ׳ זאגן דז זיין גרושר כבוד איז
גוועזן דז זיא האבן צו דער צייט קיין עבודה זרה גדינט גלייך וויא זיא האבן אין
דיזא צייט פון דש ערשטי הויז פרעמדי דינשטן גדינט אונ׳ גילדני קעלבר · אונ׳
טייל ציגן דעם כבוד אויש אויף דען גיאייאן כבוד אונ׳ זאגן דז דער פסוק ווייזט
אויף דש גביידא פון דש בית המקדש וואש הורודוס האט גבויאט דש וואר אין
רייכקייט אונ׳ געלט בעשר אז דש וואש שלמה המלך ע״ה האט גבויאט · גלייך
וויא יוסף בן גוריון בילייגט אין זיין ספר אין פרק ל״ה · אונ׳ דער ראב״ד ז״ל
אין זיין ספר קבלה דף א״ג · אונ׳ כ״ד שרייבט ער דז דער פסוק (אונ׳ אויף דיזן
אורט ווער איך פריד געבן) דער שטרייט קעגן איר אויש ציגונג · ווייל אזו לאנג
אז דש צווייטה הויז האט גשטאנדן ווארן זיא אלי צייט אין אנגשט אונ׳ אנדר
פריד · אונ׳ אין דניאל ט׳ שטיט (אונ׳ נאך צוויא אונ׳ זעפלינג שאטות ווערט
ווידר אויף גבויאט ווערן דיזא גאס אונ׳ דער גראבן אונ׳ אין אנגשט דר צייטן) ·
אונ׳ נאך פיל וויניגר אין דיזא צייט פון הורודוס דא וואר גאר קיין שלום · דען דער
שווערד האט ניט אויף גהערט פון זיין הויז ביז ער שטורב · אונ׳ אך נאך זיין
טוט האט זיך דיזא פיינדשאפט גשטארקט צווישן דיזא יהודים אונ׳ דיזא פעלקר
האבן זיא אזו לאנג גיפלאגט ביז זיא האבן פר טילגט פון דיזא ערד ·
אך וואש רב אונ׳ שמואל דארויבר קריגן דז איינר זאגט דז דש אנדרי בית
המקדש וואר בעשר אז דש ערשטי אין גביידא אונ׳ דער אנדרר זאגט אין דיזא
יארן דען דש ערשטי האט גשטאנדן פיר הונדרט אונ׳ צעהן יאר אונ׳ דש צווייטה
פיר הונדרט אונ׳ צוואנציג יאר · אובר דארויף איז צו פרעגן דז דער פסוק זאגט
דאך ניט דז דש גביידא פון דש הויז ווערט גרוש זיין אודר דיזא צייט פון דש הויז
ביאורט דער כבוד פון דש הויז ווערט גרוש זיין · דען דז דש צווייטה הויז האט
צעהן יאר לענגר גשטאנדן אז דש ערשטי דש וואר אזו איין גרושר כבוד ניט דז
דער נביא זאלט דארום גזאגט האבן וואש ער האט גזאגט · אך ווען שון דש
צווייטה הויז וואר הונדרט יאר לענגר גשטאנדן אז דש ערשטי אונ׳ ווען עש שון
ווער טאפלט בעשר גבויאט אז דש ערשטי · וויא קענט דער פסוק דר פון
זאגן דז דארום זאלט זיין כבוד גרעשר זיין אז דש ערשטי · נאך דעם אז
דז דעם כבוד וואש אן האט גיהאט אין דש ערשטי הויז דעם האט אן אין דש

צווייטה

נוייאטה ניט גיהאט · אך וואש ער ווייטר זאגט אונ' אויף דעם אורט ווער
איך פֿריד געבן · דש איז גאר ניט גישעהן · אבר דיא אייניגונג פֿון דעם נביא
אין דיזן קאפיטל איז דש · דז דש ווערק אונ' גיבייא ווארט איצט זיא וואהרן
ביטעפֿטיגט דש וואר גרינג אונ' אלש פֿר ניקש גירעכנט פֿר הש"י · דען גאט
ית' ברך ווערט אמכן שטארן דיא היאל אונ' ערד · גלייך דר פֿיר שטיט (דען
אזו האט גיזאגט גאט דר הימר שארן נאך איין קלייניה זאך איז דז איך ווער אמכן
שטארן דיא היאל אונ' ערד אונ' דש ים אונ' טריקניש ) · דש איז צו פֿר שטין
נאך איין וואונדר ווערט זיין וועלכש גרינג איז אין איין אויגן · אונ' דז ער ווייטר
זאגט (אונ' זיא ווערן קומן דיא גלוסטיקייט פֿון אלי פֿעלקר ) · דש איז צו פֿר
שטין איט דיא גלוסטיקייט · גלייך מלכים ב' י"ב (דש דא איז גיפֿונדן
(בית ה') : דש איז צו פֿר שטין אין גאטש הויז · אונ' דש ווערט גישעהן אס
ענד אין דיא שטרייט פֿון גוג ומגוג גלייך וויא דער נביא האט ביטייטן אין
יחזקאל ל"ח (אונ' אין איין ניידן אין דש פֿייאר פֿון איין גריס לאזן הב איך
גירעט ווערט דען ניט אנדרען זעלביגן טאג זיין איין גרושי ציטרניש אויף דיא
ערטרייך פֿון ישראל · אונ' זיא ווערן פֿר איר ציטרן דיא פֿיש פֿון ים אונ' דיא
פֿיגל פֿון היאל ) · דארום האט דער פסוק גישטעלט דיא פֿר הייסונג פֿון
דש גיבייא פֿון דש לעצטה בית המקדש בייא דיא אלחמה פֿון גוג ומגוג · נאך
קענשטו זעהן דז דיא אייניגונג פֿון חגי הנביא איז גיוועזן אויף דיא צו קומעניגה
צייט דז דש זעלביגש אמאל ווערט גאט ית' ברך בויאן איט זיין זילבר אונ' גאלד פֿון
וועלכן ניקש ווערט גיברעכן · אונ' דען ווערט בייא איין אידר ביקענט ווערן
דען גרושן כבוד פֿון דש לעצטה הויז דז ער ווערט גרעשר זיין אז דער ערשטר
עס זייא אין דען וואר האפֿטיגן אונ' רעכטן כבוד אונ' אך אין דען גיאייכן כבוד ·
דש איז דז ער ווערט זיין כבוד אן צייט דריקן אמכן רואן · אונ' אך דז עס ווערט
פֿיל בעשר אונ' שענר גיבויאט זיין איט רייכקייט אונ' כבוד אז דש ערשטי הויז ·
אונ' דש האט ער גיאיינט דז ער ווייטר זאגט (איין איז דש זילבר אונ' איין איז דש
גאלד זאגט גאט דר הימר שארן ) · אך ווערט ער אויף דיזן אורט איין איביגן
פֿריד געבן אונ' ווערן זיך ניאר אער קריגן · אונ' דש האט חגי הנביא אך
גיאיינט אם ענד פֿון זיין ספֿר אז ער זאגט (זאג צו זרובבל דער גראב פֿון יהודה
איך ווער אמכן ציטרן דיא היאל אונ' ערד אונ' ווער פֿר קערן דען שטול פֿון דיא
קיניגרייכן · אונ' איך ווער פֿר טילגן דיא שטארקהייט פֿון דיא קיניגרייכן דר
פֿעלקר · אונ' ווער פֿר קערן דען רייט וואגן איט איר רייטר אונ' זיא ווערן
נידרן דיא פֿערד איט איר רייטר דער אאן אין דען שווערד פֿון זיין ברודר ) ·
דען דער רייט וואגן אונ' דיא פֿערד וואש ער האט גידאכט דש ביטייט דער
פֿירדר רייט וואגן אין וועלכן וואהרן גיפֿלעקלטה אשין פֿערביגי פֿערד דיא זכרי'
הנביא האט גיזעהן וועלכי ביטייטן אויף דש קיניגרייך פֿון אדום אונ' ישמעאל

אונ'

אונ׳ חגי הנביא האט דש אויש ניט גיפראפעצייאט אויף דש צווייאטה הויז
גיאורט גאט האט אים גיבאטן צו זאגן אן זרובבל וואש דא ווערט גישעהן אין דיא
צוקונפטיגי טעג׳ · אום ביקענט צו מאכן דז נאך דיא פר ווישטונג פון דען פירדן
רייך וועגן איט זיין פערד ווערט קומן משיח דער דא ווערט זיין פון דען זאמן
פון זרבבל · אונ׳ ער ווערט זיין איין גיגרונד פעסטר זיגל אונ׳ דש ענד דר
קיניגרייכן׳ גלייך וויא ווייטר שטיט (אונ׳ איך ווער דיך טון אז איין זיגל דען
אן דיר הב איך אויש דר ווילט זאגט גאט דער היאור שמרן) · אונ׳ דש ווערט
אנדר צווייבל גיזאגט פון דען משיח דער פר האפט ווערט דער דא ווערט זיין
פון דען זאמן פון זרובבל · אונ׳ דארום איז בייא אים דיזה פר זיכרונג גאר
ניט ביפעשטיגט גיוואורן דען צו דר צייט פון דיזה פראפעצייאונג וואר ער שון
אין גרמב פון יהודה אונ׳ איז ווייטר צו קיין העכרה אעלה גיקומן אז וויא ער ביז
צו דער צייט איז גיוועזן׳ · אונ׳ דער גלייכן פינדן איר אך דז גאט האט גיזאגט
צו אברהם אבינו בייא דעם פר בונד וואש ער האט איט אים גימאכט צווישן
דיא שטיקר אין בראשית ט״ו (איך בין גאט דער דיך האט גיצוגן אויש דש
פייאר פון די כשדים אום דיר דש לאנד צו געבן צו ערבן) · אונ׳ אנדר ספק האט
גאט יתברך גימיינט דז ער האט דש בילובט אן דען זאמן פון אברהם גלייך
ער האט צעלבשט דר נאך בישיירן דז ווייטר שטיט (אן דען צעלביגן טאג האט
גאט איט אברהם איין ברית פר שניטן אונ׳ זאגט צו דיין זאמן האב איך דש לאנד
גיגעבן) · אונ׳ נאך פיל אער דער גלייכן צאכן · דארום אווז איר דעם פסוק
אויש ליגן אויף דש דריטה בית המקדש וועלכש איז בילובט גיוואורן דורך יחזקאל
הנביא פון דש פירליגשטה קאפיטל אונ׳ ווייטר איט איין וואונדרליכה ווייט
לופטיקייט דז ער האט אים ביקענט גימאכט דיא גישטאלט פון דש הויז אונ׳
זיין לאנג אונ׳ זיין גישעל אונ׳ זיין אהמן אונ׳ זיין אויש אונ׳ איין גאנג אונ׳ זיין בייא
שטידל אונ׳ פור פאלטן אונ׳ פענשטר אונ׳ זיין פארטן אונ׳ וויא אן צאל זיא צו שליסן
אונ׳ עפינן דש האט ער אים אלש ווייט לופטיג אונ׳ בישיידליך ביטייט׳ וועלכש
ווייזט אויף דען גרושן כבוד פון דש הויז אונ׳ דז דער כבוד פון דיא שכינה ווערט
אל צייט דרינן בלייבן׳ · גלייך יחזקאל מ״ג (אונ׳ דער כבוד פון גאט קאם אין
דש הויז דורך דיא פארט דיא זיך קערט נאך דיא מזרח צייט · אונ׳ איין ווינד
האט איך אויף גיהובן אונ׳ האט איך גיבראכט אין דען אינוויניגשטן הויב זא
הב איך גיזעהן וויא דש הויז וואר פול פון דען כבוד פון גאט · אונ׳ איך הב
גיהערט ווי ער רידט איט איר פון דש הויז · אונ׳ איין אמן שטונד בייא איר
אונ׳ זאגט צו איר הוא אעגטשן דש איז דער אורט פון איין שטול אונ׳ דש אורט
פון דיא בחלן פון איין פיס וואו איך ווער אביגש דרום צוואונן דיא קינדר ישראל
אונ׳ דש הויז גינאמ פון ישראל זאלן איין הייליגן נאמן ניט אער פר אונריינגן)׳
אונ׳ דש הויז ווערט גיבוייאט וואקן אין דיא טעג פון משיח דז צו דער צייט ווערט
פריד

פריד אונ' רוא זיין אין דיזן גאנצה וועלט אונ' אין זונדרהייט אין דש לאנד פון ישראל גלייך איר האבן אין דיזם פארגי פרקים בישיידן · אלזו איז דש דיזא ביטייטונג פון דעם פסוק דז דער כבוד פון דש לעצטה הויז ווערט גרעסר זיין אז פון דש ערשטי · דש גיט אויף דען וואר האפטיגן כבוד וועלכש איז דער כבוד פון דיזא שכינה דיא דא ווערט אין דש לעצטה הויז אל צייט בלייבן וועלכש אבר ניט גיוועזן איז אין דש צווייטה הויז האט דער כבוד פון דיזא שכינה גאר ניט גיוואונט דען זיא האטן קיין ארון נאך כפורת אונ' כרובים אונ' קיין אורים ותומים נאך רוח הקדש אונ' אך ניט דש פייאר פון הימל אונ' קיין אייל דר מיט צו זאלבן גלייך ווי אין דש ערשטי הויז איז גיוועזן · דז ביידא גיברעך פון דיזי פינף חשובֿי זאכן וואר קיין שלום צווישן זיא · אבר אז דיזי זאכן ווערן אין דש צו קומנדי ווידר קומן אונ' ווערן איביג גיוועזן זא ווערט אך דער שלום אויף איביג ביים זיא בלייבן · אונ' דאר פון האט ער גיזאגט אונ' אויף דיזן אורט ווער איך פריד געבן זאגט גאט דר הימל שארן · אונ' עש קען אך אויש גילייגט ווערן אויף דען גיאייכן כבוד פון דיזה וועלט וואש אונטר דיזא אענכשן איז גלייך איר האבן בישיידן · אונ' אן קען דארויף ניט פרעגן וויא קען ער זאגן (דש הויז) אויף דאז אין הויז וואש ערשט זאל גיבויאט ווערן · דען פון דש ערשטי הויז וועלכש אין איר צייט איז שון לאנג פר ווישט גיוועזן האט ער אך גיזאגט (דש הויז) · גלייך חגי ב' (ווער איז אונטר אייך איבר גיבליבן דער (דש הויז) האט גיזעהן אין זיין ערשטן כבוד) · אונ' אזו אונ' אזער זאגט (דש הויז) פון דש בית המקדש וואש שון גיוועזן איז אונ' איז נאך פר ווישט · אזו זאגט ער אך (דש הויז) פון דש הויז וואש נאך ווערט גיבויאט ווערן · אונ' וויל איר פינדן דז דש אויש דר ווילטה אורט ווערט אין הויז גינענט · גלייך בראשית כ"ח (וויא פארכלום איז דש אורט דש איז אנדרשט ניט אז גאטש הויז) · אונ' דש אורט וואורויף דש ערשטי הויז וואר גיבויאט דארויף וואר אך דש צווייטה גיבויאט · אונ' דארויף ווערט אך דש דריטי הויז וועלכש פר הייסן איז דורך יחזקאל גיבויאט ווערן · דארום זאגט ער דר פון (דש הויז) אונ' אזו אז אן אך פר שטין וואש ער זאגט דש לעצטי ווערט בעסר זיין אז דש ערשטי אונ' אכן טכן דז ער זאגט אונ' אין דיזן אורט ווער איך פריד געבן זאגט גאט דר הימל שארן גלייך · איר האבן בישיידן · אונ' וואש אן גיט דז דיזא גלרים זאגן דז דער כבוד פון דש צווייטה הויז וואר גרעסר אז פון דש ערשטי ווייל ישו הנוצרי וואר גיבארן אין דיזא צייט פון דש צווייטה הויז · דש איז קיין רעדן · דען ישו הנוצרי וואר ערשט גיבארן אום ענד פון דיזא צייט פון דש צווייטי הויז · אונ' זיא זאגן זעלבשט דז אום זיינט וועגן וואר דש הויז פר ווישט · אך וועלט איך גערן וויסן ווען דש גישעהן איז דז ער זאגט אונ' אין דיזן אורט ווער איך פריד געבן זאגט גאט דר הימל שארן · דען אין זיין צייטן וואר גאר קיין פריד גלייך ער האט פון זיך זעלבשט בייגלייגט · אונ' זאגט איך

אונש ניט דענקן דז איך בין גיקומן אום פֿריד אויף דיא ערד צו לאזן · איך בין אנדרשט ניט גיקומן אלז אום דען שווערד צו שיקן גלייך אין מאטיאוש פרק י' פסוק ל"ד · אונ' דאר מיט איז דיזה פֿראג גענטפֿרט:

# פרק לה זכריה ט

**פֿרייא** דיך זער דוא טאכטר ציון · שאל דוא טאכטר ירושלים · דען דיין קיניג ווערט צו דיר קומן איין גירעכטר אונ' ווערט ווערן גיהאלפֿן · ער איז דעמיטיג אונ' רייט אויף איין איזל אונ' אויף איינם יונגן דר איזלין: אויש דעם פסוק בווייזן דיא נוצרים אירן גלויבן אונ' זאגן דז דער נביא האט בילייגט דז ישו הנוצרי ווערט משיח זיין · דען אן איים אונ' אן קיין אנדרן איז פֿר פֿילט גיווארן וואש דער נביא האט גיזאגט · דז דיין קיניג ווערט צו דיר קומן איין גירעכטר אונ' ער ווערט ווערן גיהאלפֿן ער איז דעמיטיג אונ' רייט אויף איין איזל · גלייך אין איר אנגליון שטיט אין מאטיאוש פרק כ"א:

**ענטפֿרט** דש איז אך קיין רעכט בווייז · דען דש גאנצה קאפיטל רעט פֿון דש צו קונפֿטיגה פֿון דיא פֿר זאמלונג דר פֿר טריבני פֿון כל ישראל אונ' פֿון דיא קוואשט פֿון דען אלך המשיח דען וואר האפֿטיגן אויף וועלכש קוואשט איר האפֿן אין דיא לעצט דר טעג · אונ' אויף דיא גוטי פֿר זיכרונגן אונ' פֿר הייסונגן דיא אין זיין צייט ווערן גישעהן גלייך ווי דיא איינונג דר שריפֿט ווארט פֿר קלארט ווערט אויש דען אין האלט דר פֿאריגי פסוקים אונ' דיא ווייטר שטין · דען דער פֿיר טיט אם אן פֿאנג פֿון דיזן קאפיטל (איין ווייזאגונג דורך דיא ריד פֿון גאט אין דש לאנד פֿון חדרך אונ' דמשק ווערט זיין רואה זיין) · וועלכש צו פֿר שטין איז דז דיזה נבואה ווערט גיזאגט פֿון וועגן דש לאנד חדרך · אונ' דיא ב פֿון דש ווארט (בארץ) וואש אין דעם פסוק שטיט · דיא קוואט אן שטאט פֿון (בעבור) אום ווילן · גלייך ישעי' כ"א (איין ווייזאגונג (בערב) · דש איז אום ווילן ערב · אונ' הושע י"ב (אונ' ישראל דינט (באשה) · אום ווילן איין אשה · אונ' בראשית י"ח (ווערשטו דען פֿר דארבן (בחמשה) · אום ווילן פֿינף · אונ' זכרי' ט' (בדם) אום ווילן דש בלוט פֿון דיין פֿר בונד · אונ' דמשק ווערט זיין רואה זיין · דש איז דז דיזי שטעט חדרך אונ' דמשק אונ' נאך אנדרי דיא ווערן אין דיא צייט פֿון דען אלך המשיח זיין פֿון ארץ ישראל אונ' זיא ווערן הייסן דיא רואה פֿון הק"בה גלייך וויא ארץ ישראל ווערט גיהייסן זיין רואה אין דברים י"ב (צו דיא רואה אונ' צו דיא ערב) · אונ' תהלים צ"ה (אוב זיא ווערן קומן צו איין רואה) · וייל דורטן איז דיא רואה פֿון דען כבוד פֿון גאט אונ' גיבט שטעטיגליך דרויף אכט · גלייך דברים י"א (דש לאנד וועלכש גאט דיין גאט שטעטיגליך פֿארשט דיא אויגן פֿון גאט דיין

גאט

גאט זיינן דארויף) · ווייטר שטיט אין זכרי' (דען צו גאט ווערט זיין דש אויג
פון דען מענש) · דש איז דז אין דיזי טעג ווערט דש אויג פון איין · אידר
מענש זיין צו גאט אול ניט צו דיא אב געטר אול בילדר · דארום דש זאגר חדרך
אול דמשק אול דיא אנדרי שטעט דיא נאהנט בייא ארץ ישראל זיין גלייך אז
חמת צור ליידן אול דיא שטעט פון דיא פלשתים דיא ווערן ביהעפט ווערן צו דש
הויז גזינד פון יעקב אול ווערן אלי האלטן דען גלויבן פון ישראל · וואש דז אויך אידר
ווערט זיין אויג האבן צו גאט אול צו אלי געשלעכטר פון ישראל צו גין אין אירי
זעגן גלייך וויא ער צו פאר זאגט (איר וועלן איט מייך גין דען איר האבן געהערט
דז גאט איז איט אייך) אול דיא ל' פון ליי' וואש אין דעם פסוק שטיט דיא
געהערט אך צו דיא ווערטר (וכל שבטי ישראל) · אז ווען עש זעלט שטין
(ולכל שבטי ישראל) אול צו אלי געשלעכטר פון ישראל · אול דער גלייכן שטיט
אין ירמי' כ"ג (זיא זאגן צו איין דר ליידר דז גאט האט גירעט עש ווערט פריד
צו אייך זיין (וכל הולך) דש איז אזו פיל אז ווען עש זעלט שטין (ולכל הולך) אול
צו איין אידר דער דא גיט · אול נאך פיל אנדר פסוקים דיא און אזו אזו פר שטין·
ווייטר שטיט (אול אך חמת ווערט אין איר גימארקן זיין · צור אול ציידן דיא
זער קלוג איז) · דש איז צו פר שטין דז אך חמת דיא גרוש איז גלייך עמוס ו'
(אול גיט פון דארטן נאך דש גרושי חמת) · אול דש ליגט אויטר דיא גרענץ
פון ארץ ישראל · דיא ווערט אך צו דער זעלביגה צייט אין דיא גימערקן
פון ארץ ישראל זיין · אך צור אול ציידן דיא אך נאהנט בייא ארץ ישראל זיין ·
דיא ווערן זיין דיא גרעניץ פון ארץ ישראל · אול פון צור זאגט ער דז זיא וואר
זער קלוג גלייך פר אלדט ווערט אין יחזקאל כ"ח · דאר איט וויל ער זאגן
דז אוב זיא שון זער קלוג איז ווערט איר ניט העלפן איר קלוגהייט אום ביטעראט
צו ווערן דז זיא זעלט ניט זיין אונטר דיא אמכט פון ישראל · אך ווערט איר ניט
העלפן איר רייכקייט וויא ער ווייטר זאגט (אול זיא הייפט אויף דש זילבר
גלייך וויא ערד אול פיין גאלד אז וויא דש לייס אויף דיא גאסן) · דארום זאגט
ער ווייטר ( כון גאט (יורישנה) ווערט זיא ארם אמכן · גלייך שמואל א' ב' (גאט
(אוריש) אמכט ארם אול רייך · ( אול ער ווערט שלאגן אין אער איר גוט אול זיא
ווערט אין פייאר פר צערט ווערן) · דש איז דז אל איר רייכקייט אול געלט
ווארויף זיא האט זיך פר זיכרט · ווערט גאט דש ים דריבר ברענגן אול ווערט
זיא פר טרענקן · אול דיא שטאט איט איר געבייא אול טערן אול אויארן דיא
שטארק זיין ווארון זיא הוט זיך פר זיכרט · ווערט איין פייאר דרויש קואן
אול ווערט זיא פר ברענן גלייך גידראכט ווערט אין יחזקאל כ"ח · (אשקלון ווערט
דש זעהן אול ווערט זיך פערכטן אול עזה ווערט זער ליטרן אול עקרון וואש דיא
שטאט ווארויף זיא האט גילוגט אול זיך פר זיכרט איז פר שעאט גיווארן) ·
דש איז דז דיא שטעט פון דיא פלשתים אז זיא ווערן זעהן דען פאל פון צור ווערן
זיא

זיא זיך פֿער לאזן אונ׳ דער שרעקן אונ׳ ווערן אך אונטר טעניג זיין אונטר דש
פֿאלק פֿון ישראל׳ אונ׳ דיא א׳ פֿון דש וואָרט מבטה וואס אין דעם פסוק
שטיט׳ דיא האט איין קליינן פתח דש איז איין סגול אן שטאט פֿון איין
גרוסן פתח׳ (אונ׳ עס ווערט פֿר לארן ווערן איין קיניג פֿון עזה אונ׳ אשקלון
ווערט ניט בוואונט זיין )׳ דש איז זיא ווערן זיין אונטר דען קיניג פֿון ישראל
אונ׳ אשקלון ווערט אך ניט בוואונט ווערן פֿון איר לייט נייארט דיא שלעכטשטי אונ׳
ארגשטי פֿון ישראל ווערן זיא בוואונן אונ׳ דארום זאגט ער ווייטר (אונ׳ עס
ווערט וואונן איין אמזר אין אשדוד ) דש זיינן זעלכי דיא געבארן ווערן פֿון זעלכי
ווייבר דיא פֿר באטן זיין אונטר ישראל דיא ווערן אלייני וואונן אין אשדוד אונ׳
אשקלון אונ׳ אין דיא איבריגי שטעט פֿון דיא פלשתים׳ דען זיא ווערן אב
גישיידן ווערן פֿון גאנץ פֿר זאמלונג דז זיא זאלן זיך ווייטר ניט פֿר איטן מיט
דיא אויך ריכטיגי פֿון ישראל אונ׳ דארום ווערט פֿר שניטן ווערן דיא הערשאפֿט
פֿון דיא פלשתים דען זיא ווערן זער אונטר טעניג זיין אונ׳ ווערן זיך האלטן אן
דען גלויבן פֿון ישראל׳ אונ׳ דארפֿון זאגט ער ווייטר (אונ׳ איך וועל אב טון
זיין בלוט פֿון זיין אונד אונ׳ זיין אונוועדריקייט פֿון צווישן זיין צען )׳ דש איז וואס
זיא האבן צו פֿאר גיגעסן בלוט אונ׳ אונרייניקייט דש וועל איך אב טון פֿון איר
אונד דז זיא ווערן עס ניט מער עסן גלייך ביטיידן איז אין פרק ט״ו פֿון דעם ספֿר
(אונ׳ ער ווערט אך איבר בלייבן צו אונזר גאט) דש איז דיא דא ווערן פֿון
זיא איבר בלייבן דיא ווערן אונזר גאט דינן׳ אונ׳ דז ער זאגט (גם הוא)
ער אך׳ דש מיינט ער דיא קינדר דר פֿרעמדי דיא זיך ווערן צו גאט
ביהעפֿטן׳ (אונ׳ ער ווערט זיין אז איין גילערנטר אונטר יהודה אונ׳ עקרון
ווערט זיין אז דער יבוסי )׳ דש איז ווען שון זיא ווערן צווישן ישראל וואונן ווערן זי
אזו דש לאנד ארביטן אונ׳ אס געבן אן ישראל גלייך ווייא דר יבוסי דר דא וואונט
אין ירושלים צווישן דיא קינדר פֿון ישראל אונ׳ האט זיא אס גיגעבן אזו ווערן זיא
אך זיין אין דיא טעג פֿון משיח׳ אונ׳ דש וואָרט (כאלוף) איז טייטש אז איינר
דער איז גילערנט אונ׳ צו ריכטש פֿון דיא ערטרייך׳ גלייך תהלים קמ״ד
(אלופֿינו) אונזר גילערנטי זיינן בילאדנט )׳ אונ׳ דארפֿון זאגט ער אין
ישעי׳ ס״א (אונ׳ דיא קינדר דר פֿרעמדי ווערן זיין אייער אקרש לייט אונ׳ ווין
גערטנר)׳ דען דיא אייניג פֿון דען נביא איז אין דיזי פסוקים דז אין דיא
לייט דר פֿר זאמלונג דר פֿר טריבני ווערן דיא קינדר פֿון ישראל אונ׳ יהודה
מיט אננדר זילן אין איר לאנד מיט דיא גרים דיא זיך ווערן ביהעפֿטן צו דש הויז
גזינד פֿון יעקב דיא דא ווערן זאגן איר וועלן מיט אייך גין דען איר האבן גיהערט
דז גאט איז מיט אייך גלייך וויא אן ענד פֿון דש פֿאריגה קאפיטל שטיט׳ אונ׳
פֿון וועגן איר פֿיל הייט ווערט זיא ארץ ישראל ניט קענן אין זיך האלטן דארום
האט דער נביא אן גיזייגט דז דש לאנד פֿון ישראל ווערט לענגר אונ׳ ברייטר

זיין אזו וויא עש איז דר פֿיר גיוועזן ביז דז אל דיא שטעט דיא נאהנט בייא ארץ ישראל זיין ווערן מיט געהערן אונטר דיא שטעט פֿון יהודה אונ' ווערן נאך איר נאמן גינענט ווערן · אונ' דאר פֿון זאגט ער אין ישעי' נ"ד (דען זיא ווערן פֿיל זיין דיא קינדר דר פֿר וויסטה ) דש איז אין דיא צייט פֿון גלות ווערן זיא אבער זיין אזו וויא זיא דר פֿיר ווארן אז זיא איז ביוואנט גיוועזן אין דיא צייט פֿון איר קיניגרייך · אונ' דארום זאגט ער ווייטר (דר ווייטר דען אורט פֿון דיין גיצעלט אונ' דיא אום הענג פֿון דיין וואונונג זאלן זיך אויש שטרעקן זונדר אויף הערן · דר לענג דיין זיילר אונ' אויך שטארק דיין נעגיל דען אויף דיא רעכטי אונ' לינקה זייט ווערשטו דיך אויש שטרעקן) · אונ' ניט אליינט דז ארץ ישראל ווערט גרעסר ווערן נייארט אך ירושלים ווערט לענגר אונ' ברייטר ווערן · גלייך ירמי' ל"א ( עש ווערן טעג קומן זאגט גאט דז דיא שטאט ווערט גיבויאט ווערן פֿר גאט פֿון דען טורן פֿון חננאל ביז אן דיא עק פֿארט · אונ' דיא מאס שנור ווערט נאך ווייטר אויש גין קעגן איבר בייא דיא היך פֿון גרב. אונ' ווערט זיך אום ווענדן נאך געה · אונ' דער גאנצר טאל וואו דיא טוטי לייבר זיינן אונ' דיא אש אונ' אל דיא פֿעלדר ביז אן באך קדרון ביז אן דיא עק פֿון דיא פֿערד פֿארט אן דיא מזרח זייט ווערט היילג זיין פֿר גאט · עש ווערט נימר מער צו שטוסן נאך צו פֿירט ווערן) אך ווערט דש גיבייא פֿון דש בית המקדש גרעסר זיין אז וויא עש צו פֿאר איז גיוועזן גלייך דער פסוק אן לייגט אין יחזקאל פֿון דש פֿירציגשטה קאפיטל אונ' ווייטר · אונ' וויל אין דיא זעלביגה טעג ווערן כל ישראל וואונן אויף איר ערטרייך מיט פֿריד אונ' רוא אונ' ווערן זיך פֿר קיין מענש פֿערכטן · דארום זאגט ער ( אונ' איך ווער רואן בייא איין הויז פֿון וועגן דיא באלווערקן דז קיינר זאל דארטן פֿר בייא גין · אונ' דז קיין בילווינגר זאל מער בייא זיא קומן ) · דש איז צו פֿר שטין איך ווער רואן בייא איין הויז · אום דריבר צו בשיצן דז זיא זאלן זיך ניט פֿערכטן · אונ' דאר פֿון שטיט אין זכרי' ב' ( אונ' איך ווער צו איר זיין זאגט גאט איין פֿייאריגה מויאר פֿון רונד אום ) · דש איז איך ווער בייא איר בירייט זיין אז ווען איין פֿייאריגה מויאר ווער רונד אום איר (דען איצונד הב איך עש גיזעהן מיט מיין אויגן) · דש איז איצונד אין דיא צייט דז אל דיא פֿר זיכרונג. איז גישעהן הב איך מיט מיין אויגן גיזעהן איר לייד אונ' פיין אין גלות צו וויש · די פֿעלקר ווען שון דז איך הב ביז אל הער מיין אן גיזיכט פֿון זיא פֿר בארגן · אונ' דש וואורט ( ראיתי ) איז טייטש איך הב אכטונג אויף זי גיגעבן אונ' הב מיך מירר אן גינומן · גלייך שמות ב' ( אונ' גאט זאך די קינדר ישראל ) דש איז ער האט זיין אויגן אויף זיא גיטאן אונ' אכטונג אויף זי גיגעבן צו גוטן · אונ' ווייטר שטיט אין זכריה ט' ( פֿרייא דיך זער דוא טאכטר ציון שאל דוא טאכטר ירושלים ) · אום ביקענט צו מאכן דז אל דיזי פֿר זיכרונגן פֿון וועלכי אין דיזן קאפיטל אן גילייגט ווערט דיא ווערן גישעהן אין דיא צייט פֿון דען מלך

המשיח · אונ׳ ער גירעכֿט ציון אונ׳ ירושלים וויל זיא איז דש הייבט פֿון גט
קיניגרייך · (כן דיין קיניג ווערט צו דיר קומן איין גירעכֿטר אונ׳ דער דא ווערט
גיהאלפֿן) · דש איז דער משיח ווערט זיין איין גירעכֿטר אונ׳ דורך
זיין גירעכֿטיקייט ווערט ער גיהאלפֿן ווערן פֿון דען טוועדר פֿון גוג ומגוג · אונ׳
דש וואָרט (ונושע) וועלכֿש טייטש איז אונ׳ ער ווערט ווערן גיהאלפֿן · דש פֿר
ענדרן דיא נוצרים אונ׳ טרייבן (מושיע) איז טייטש איין העלפֿר · אום דארויש
איין היילנד צו ברענגן אויף איר גלויבן · גלייך וויא זיא אין פֿיל ערטר דר נבואה
פֿלעגן צו טון · אונ׳ זיא קענן ניט זאגן דז אונזרי שרייבר זעלטן עש פֿר ענדרט
האבן אונ׳ דז עש וואר גישטאנדן (מושיע) · דען ווען שון אין אונזרי ספֿרים וואר
גישטאנדן (מושיע) · העטן איר עש דאך גיקענט אויש לייגן ער ווערט ווערן
גיהאלפֿן · גלייך אום ענר פֿון עובֿדי׳ שטיט (אונ׳ זיא ווערן אויף גין (מושיעים)
דיא גיהאלפֿני אויף דען בארג ציון צו ריכֿטן דען בארג עשו) · אונ׳ דש וואָרט
(עני) וואש אין זכריה שטיט · איז אזו פֿיל אז ווען עש זעלט שטין (ענו) איין
דעמיטיגר · גלייך ישעי׳ מ״ב (ער ווערט ניט שרייאן אונ׳ ווערט ניט אויף היבן
אונ׳ אמכֿן הערן זיין שטים · איין צו שפאלטן רער ווערט ער ניט צו ברעכֿן) ·
אונ׳ דארום זאגט ער (אונ׳ ער ווערט רייטן אויף איין איזל) אונ׳ דש ווערט ניט
זיין פֿון וועגן גיברעך פֿון פֿערד דען די גאולה וועלט ווערט דאך אין זיין גיוואלד
זיין · ניירט פֿון וועגן דעמיטיקייט ווערט ער רייטן אויף איין איזל · אונ׳ אך אום
צו ווייזן דז אין זיין צייט ווערן ישראל ניט בידארפֿן קיין פֿערד נאך רייט וואגן
גלייך ער ווייטר זאגט אין דיא אנדרי פסוקים דען ווייטר זאגט ער (אונ׳ איך
ווער פֿר טיליגן דען רייט וואגן פֿון אפֿרים אונ׳ דש פֿערד פֿון ירושלים אונ׳ עש
ווערט פֿר טיליגט ווערן דר בוגן פֿון דיא שטרייט) · אונ׳ דאר פֿון זאגט ער אין
הושע ב׳ (אונ׳ דען בוגן אונ׳ שווערד אונ׳ שטרייט ווער איך צו ברעכֿן פֿון דיא
ערד אונ׳ איך ווער זיא אמכֿן ליגן אין זיכֿרהייט) · דען אין דיא צייט פֿון דען מלך
המשיח ווערט פֿריד זיין אין דיא גאנצה וועלט · גלייך ישעי׳ ב׳ (אונ׳ זיא ווערן
אן שטוסן איירי שווערדר צו זיכֿלן אונ׳ איירי שפיסן צו טייד מעסר · עש ווערט
איין פֿאלק קעגן דש אנדרי קיין שווערד אויף היבן אונ׳ זיא ווערן קיין שטרייט
מער לערנן) אונ׳ דארום זאגט ער אונ׳ ער ווערט פֿריד רידן צו דיא פֿעלקר
דען דער מלך המשיח ווערט פֿריד אמכֿן צווישן איין פֿאלק אונ׳ דש אנדרי אז עש
ווערט שטרייט צווישן זיא זיין · דען אלי פֿעלקר ווערן אים גיהורזאם זיין
גלייך דניאל ז׳ (אונ׳ אלי גיוועלטיגר ווערן אים דינן אונ׳ גיהורזאם זיין) · אונ׳
דאר פֿון זאגט ער (אונ׳ זיין גיוועלטיקייט ווערט זיין פֿון דש מייכה ים ביז
צום אנדרן אונ׳ פֿון דען באך ביז אום ענד דר ערדן) דש איז דז ער ווערט
רעגירן איבר דיא גאנצה וועלט · ווייטר זאגט ער (אך דוא פֿון וועגן דש בלוט
דיינש פֿר בונדש האב איך דיין גיפֿאנגינה גישיקט אויש איין ברונן וואו קיין
וואסר

וואשטר דריקן איז ) · אין דעם פסוק זאגט ער ( את ) אז־וויא אן רעט צו איין
נקבה · דאר מיט מיינט ער דיא פר זאמלונג פון ישראל · אונ׳ אזו וואול אז
ער האט גיזאגט פון דען מלך המשיח דז ער ווערט גיהאלפן ווערן פון וועגן
זיין גירעכטיקייט · אזו האט ער אך גיזאגט פון דש פאלק ישראל דוא ווערשט
אך גיהאלפן ווערן פון וועגן דש בלוט דיינש פר בונדש וועלכש איז דש בלוט דר
בישניידוניש וועלכש ישראל האבן אין גלות גיהאלטן מער אז אלי אנדרי גיבאט ·
אונ׳ דז ער זאגט ( פון איין ברונן וואו קיין וואשטר דריקן איז ) דש איז דש גלות ·
( קערט ווידר צו דיא פעסטונג ) · דש איז קערט ווידר צו גאט יתברך דער
דא איז איין פעסטונג אונ׳ איין שטארקר טארן צו דיא זיך אן אים פר זיכרן ·
( דיא דא גיפאנגן זיין אין האפונג ) · דש איז וויל איר זייט איין לאנגי צייט אין
גלות גיפאנגן גיוועזן אונ׳ האפט צו דיא ערלזונג ( זאג איך אך היינט דז איך
ווער דיר צווייא פאלדיג ווידר געבן ) דש איז איך זאג דיר אך היינט דז איך ווער
דיר צווייא פאלדיג ווידר געבן וואש די פעלקר האבן דיר אוועק גינומן אין גלות
אונ׳ ער זאגט דארום ( אך היינט ) · וויל ער האט שון גיזאגט אין ישעי׳ ס׳ ( אן
שטאט פון קופר ווער איך גאלד ברענגן ) · אונ׳ ישעי׳ ס״א ( אן שטאט דז איר
האט צווייא פאלדיגה שאנד גיהאט אונ׳ זיא האבן מיט שאנד גיקלאגט אין איר
טייל · דארום ווערן זיא אין איר לאנד צווייא פאלדיג ערבן ) · אונ׳ דז ער זאגט
איך ווער אייך צווייא פאלדיג ווידר געבן · אונ׳ אך דארום ווערן זיא צווייא
פאלדיג ערבן · דאר מיט מיינט ער ניט אליינט צווייא מאל אזו פיל נייארט פיל
מאל · גלייך ירמי׳ י״ז ( אונ׳ מיין צווייא פאלדיגה ברעכניש צו ברעך זיא ) אונ׳
משלי כ״ו ( דר נאר פר טאפלט זיין נארהייט ) · ווייטר שטיט אין זכריה ( דען
איך הב איר יהודה גישפאנט אז איין פיילן בוגן אונ׳ מיט דען בוגן הב איך דר
פילט דיא הנט פון אפרים ) · אונ׳ צו פאר האט ער גיזאגט ( אונ׳ איך ווער פר
שניידן דען רייט וואגן פון אפרים אונ׳ דש פערד פון ירושלים ) · דאר מיט האט
ער אן גילייגט דז אין דיא טעג פון משיח ווערן כל ישראל ווידר אין איר לאנד
קומן וועלכי זיינן יהודה אונ׳ אפרים · דען אין דיא צייט פון דש צווייאטה בית
המקדש זיינן נור איין טייל פון דיא קינדר יהודה אונ׳ בנימין ווידר קומן אויש דש
גלות פון בבל · אבר צו דער צייט ווערט יהודה אונ׳ אפרים איין קיניגרייך זיין
אונ׳ ווערן ניט מער אין צווייא קיניגרייכן גיטיילט זיין גלייך בישיידליך שטיט אין
יחזקאל ל״ז · ווייטר שטיט ( אונ׳ איך ווער דר וועקן דיין קינדר ציון ) · וויל זיא
איז דער הויבט דש קיניגרייכש גלייך איר האבן בישיידן · ( איבר דיין קינדר יון )
דאר מיט מיינט ער אך גוג ומגוג דען זיא וואורן ברידר פון דיא קינדר פון יפת ·
גלייך בראשית י׳ ( דיא קינדר פון יפת וואורן גומר אונ׳ מגוג אונ׳ מדי אונ׳ יון אונ׳
תובל אונ׳ משך אונ׳ תירס ) אונ׳ ער מעלדט איינה פון זיא אונ׳ מיינט אך דיא
אנדרי דען זיא ווערן אלי קומן איבר ארץ ישראל · אין דיא צייט פון משיח ·

דארויש קענשטו פֿר שטין דז דיא נוצרים קענן זיך גאר ניט העלפֿן מיט דעם פסוק (נון דיין קיניג ווערט צו דיר קומן) אוז דעם אויש צו ליגן אויף ישו הנוצרי · ווייל אין זיין צייט זיינן ניט ביפֿעסטיגט גיווארן דיא פֿר הייסונג. וועלכי אין דיזן קאפיטל אן גיצייגט זיין · וועלכי אבר ווערן ביפֿעסטיגט ווערן אין דיא צייט פֿון דעם מלך המשיח · דש איינה איז דז אין דיא צייט פֿון דעם מלך המשיח ווערן גאנץ ישראל וועלכי זיינן דש פֿאלק פֿון יהודה אונ' אפֿרים פֿר זאמלט ווערן · דש צווייאטה איז דז עש ווערן זיך פֿיל פֿעלקר ביהעפֿטן צו גאטש פֿאלק אין דיא זעלביגה צייט · דש דריטה איז דז אין זיין צייט ווערט גוג ומגוג קומן איבר ירושלים אונ' ווערן דארטן פֿאלן פֿר דיא קינדר פֿון יהודה אונ' אפֿרים · דש פֿירדי איז דז אין זיין צייט ווערט פֿריד אונ' וואל שטאנד זיין אין דיא גאנצה וועלט · אונ' דש פֿינפֿטה איז דז דער מלך המשיח ווערט אליינט הערשן איבר דיא גאנצה וועלט · אונ' אין דיא צייט פֿון ישו הנוצרי איז ניט איינש פֿון אל דיא זאכן גישעהן כייארט וואר אלש פֿר קערט · דען פֿון דיזן ווארהאפֿטיגן מלך המשיח זאגט די שריפֿט אונ' ער ווערט פֿריד רידן צו דיא פֿעלקר · אונ' ישו הנוצרי האט פֿון זיך זעלבשט גיזאגט איר זולט ניט מיינן דז איך בין גיקומן אום פֿריד אויף דיא ערד צו מאכן נייארט איך בין גיקומן אום דען שווערד צו שיקן · גלייך אין מתיא פרק י' פסוק ל"ד · איך זאגט דער פסוק פֿון דעם ווארהאפֿטיגן מלך המשיח אונ' זיין גיוועלטיקייט ווערט זיין פֿון איין ים ביז צום אנדרן אונ' פֿון דעם באך ביז אם ענד דר ערדן · אבר ישו הנוצרי האט ניט איין אמל גיהערשט איבר איין קליינה שטאט נייארט אנדרי האבן איבר אים גיהערשט גלייך ער האט פֿון זיך זעלבשט ביצייגט דז ער זאגט דז דער מענשן זון איז ניט גיקומן דז מן זאל אים דינן נייארט ער איז גיקומן אום צו דינן גלייך אין מתיא פרק כ' פסוק כ"ח · אלזו איז דאר מיט וואל פֿר קלארט דז ישו הנוצרי וואר קיין משיח · אונ' דיא ביווייז וואש דיא נוצרים ברענגן אויש דעם פסוק דש קענן זיא ניקש העלפֿן:

# פרק לו זכריה י"ב

אונ' איך ווער אויש גיסן איבר דש הויז גיזינד פֿון דוד אונ' דיא וואונרט פֿון ירושלים איין גייסט פֿון גינאד אונ' גיבעט אונ' זיא ווערן צו איר אוגן פֿון וועגן דעם וואש זיא האבן דר שטאכן אונ' ווערן איבר אים קלאגן אז ווי מא אין קלאגט איבר איין איינציגן זון אונ' ווערן איבר אים פֿר ביטרט זיין אז איינר דער פֿר ביטרט איז איבר איין ערשט גיבארנן זון:

אויז דעם פסוק ברענגן דיא נוצרים ביווייז אויף איר גלויבן אונ' זאגן דז דער נביא האט בילייגט דז אין דיא צוקונפֿטי טאג ווערן דיא קינדר ישראל בירויא האבן אונ' ווערן ווייגן אונ' קלאגן ווייל זיא האבן דר שטאכן אונ' דר טלאגן דען

אשיח

משיח דער צו זיא גישיקט וואר אונ' דש וואר ישו הנוצרי וועלכר געטליך אונ'
מענטשליך אין איין שטיק וואר · אונ' דר אר פון זאגט ער אונ' זיא ווערן צו איר צוגן
פון וועגן דעם זיא האבן דר שטאכן אונ' ווערן איבר אים קלאגן אז ווימאן
קלאגט איבר איין איינציגן זון :

**ענטפרט** דש האבן זיא אך ניט רעכט פר שטאנדן אונ' טון ווימ זי גיוואונט
זיין אום ביווייז אויף איר זאכן צו ברענגן אויש איין טייל פסוקים
דר פראפעצייאונג זונדר דיא צו זאמן בינדונג דר נאך פאלגנדי פסוקים רעכט
צו פר שטין אונ' וואש זיא דר מיט מיינן · דען אין דיזן קאפיטל ווערט גיזאגט
פון דיא קוואסט פון גוג ומגוג אויף דש לאנד פון ישראל אונ' ווימ זיא ווערן דארטן
פאלן גלייך ער האט אן גיפאנגן צו זאגן (מיך ווער אמכן אויש ירושלים איין בעקן
דר פר שטאפונג פר אלי פעלקר גרינגז הרוק) · אונ' דיא ווערטר (סף' רעל)
דיא אין דעם פסוק שטין דיא אוז אן פר שטין גלייך שמות י"ב (אין דש בלוט
וואש דא איז (בסף) אין דען בעקן) · אזו אוז אן דש פר שטין איין בעכר דר
פר שטאפונג · דז עש ווערט זיין איין פר טומלונג אונ' פר ווערונג · (אונ' יהודה
ווערט איט זיין אין דיא בילעגרונג אויף ירושלים) · דש איז דז דיא קינדר פון
יהודה ווערן איט דיא פיינד ירושלים בילעגרן · אונ' דז ער זאגט (אונ' אך אויף
יהודה) · דש איז דז אויף זיא ווערט אך ערשט זיין דער בעכר דר פר שטאפונג
דז זיא ווערן קעגן גירוויזן אונ קואן אין דיא בילעגרונג פר ירושלים אונ' דש
ווערט זיא זער לייד זיין · אונ' אזו ווערט עש צו גין · אז גוג ומגוג ווערט קואן פר
ירושלים כאך דיא ערלייזונג אונ' ווערן גין אויף דש לאנד פון יהודה · זא ווערן
זיא זיך ערשט ווענדן צו קואן אויף ירושלים · אונ' ווערן ניט ערשט ביגערן גאנץ
ארץ ישראל איין צו נעמן דען זיא ווערן זאגן אז ירושלים ווערט איין גינואן זיין
ווערט דר נאך גאנץ ארץ ישראל אין אונזר אהלט זיין · כיימרט זיא ווערן גין
נאך ירושלים דורך דש לאנד פון יהודה דען דש איז איר וועג · אונ' ווערן דיא
קינדר יהודה איט זיך נעאן דז זיא ווערן קעגן איר וילן אונז איט זיא גין אום
ירושלים צו בילעגרן · ווייטר שטיט (אונ' עש ווערט זיין אן דען זעלביגן טאג
ווער איך ירושלים אאכן צו איין לאשטיגן שטיין צו אל דיא פעלקר) · זא האט
ער ירושלים ערשט גיגליכן צו איין בעקן דר פר שטאפונג · אונ' דר נאך האט
ער זיא נאך אער גיגליכן צו איין לאשטיגן אונ' שווערן שטיין דז דער אים וויל
פון זיין אורט אוועק נעאן דער קען עש ניט טון ביז ער ווערט גיקראלט אונ' צו
קרעלט אן זיין לייב · דאראוף זאגט ער ווייטר (אונ' זיא ווערן זיך איבר איר איין
מאנן אל דיא פעלקר דר ערדן) אום זיא אוועק צו קריגן · אונ' צו פר טרייבן פון
איר אורט דורך פיל פאלק אונ' איין גרוש אונ' שווער היאר לעגר · (אן דעם
זעלביגן טאג זאגט גאט ווער איך שלאגן איטליכש פערד איט פר טואלונג אונ'
זיין רייטר איט אונזיניקייט) · דש גיט אויף דיא פערד אונ' רייטר פון דיא

פֿעלקר דש לאנדש׃ (אונ׳ אויך דש הויז גזינד פֿון יהודה ווער איך איין אויגן
עפֿן) אונ זיא צו היטן פֿר דיא שלעק דיא איך ווער ברענגן אויף די פֿעלקר אונ׳
איר פֿערד׃ אונ׳ אוב שון דיא פֿון יהודה ווערן לווישן זיא זיין ווערן זיא מיט איר
פֿערד ביטעראוט ווערן פֿון דיא שלעק׃ אבר (אל דיא פֿערד דר פֿעלקר ווער
איך שלאגן מיט בלינדהייט אונ׳ דיא העגן פֿון יהודה ווערן זיך גידענקן) אז זיא
ווערן נאך זיין לווישן איר פֿיינד דז דיא אין וואונר פֿון ירושלים ווערן איין
שטארקייט אונ׳ פֿעסטיקייט פֿר זיא זיין דז זיא ווערן אויז גין מיט איר פֿייגד
צו שטרייטן מיט דיא הילף פֿון גאט דר הימר שארן אונ׳ ווערן דורך זיא ביטעראוט
ווערן)׃ אונ׳ דש ווארט (אמלה) וואש אין דעם פסוק שטיט דש איז טייטש איין
שטארקייט גלייך אז (עזוז) אונ גירעכטיקייט (שלאה) גאנלקייט׃ (אן דעם
זעלביגן טאג ווער איך אמכן דיא העגן פֿון יהודה אז איין פֿייארינן הערד מיט
העלצר) דש איז דז די העגן פֿון יהודה די דא ווערן דרויסן זיין די ווער איך אמכן
אז איין הערד אונ׳ אז איין פֿייארינה קול דיא דא איז בייא דיא העלצר אונ׳
אז איין ברענד פֿייאר אן דיא גארבן׃ דען צו דער צייט אז איך
ווער טיקן אונטר דיא פֿעלקר אונ׳ איר פֿערד דען שלאק פֿון אונזיניקייט אונ׳
פֿר טואלונג אונ׳ בלינדהייט׃ ווערן זיא פֿר שטין דז עש פֿון גאט איז׃ אונ׳
זיא אונ׳ דיא קינדר פֿון יהודה דיא מיט זיא ווערן זיין דיא ווערן שלאגן אונטר דיא
פֿעלקר אויף דיא רעכטי אונ׳ לינקה זייט׃ אונ׳ דיא ווערטר (כיור אש) זיין
טייטש פֿייארינגי קול גלייך ווי אן אופֿט שטיט (תנור וכירים) אוז טייטש אי
אובן אונ׳ איין הערד וואו פֿייאר דרויף איז׃ (אונ׳ ירושלים ווערט ווידר זיצן אויף
איר אורט אין ירושלים) דש איז דז דיא פֿעלקר האבן זיא גיאייכט צו פֿר טילג
אונ׳ פֿר טרייבן פֿון איר אורט אונ׳ זיא צו פֿר וויסטן אז קיין שטאט אער צו זיין
אבר זיא ווערט ווידר קואן אויף איר אורט אונ זיא ווערט הייסט ירושלים גיצענט
(אונ׳ גאט ווערט ערשט העלפֿן דיא גיצעלדר פֿון יהודה)׃ דען דיא אי
שטאט בילעגרן דיא וואונן אין גיצעלדר׃ דארום זאגט ער דיא גיצעלדר פֿ
יהודה אונ׳ דז ער זאגט (צום ערשטן) דש אייגט ער אז די אין וואונר פֿון ירושלים
ווערן גיהאלפֿן ווערן ווערט ער ערשט העלפֿן דיא קינדר פֿון יהודה דיא ד
ווערן דרויסן זיין אויז פֿארצט פֿון איר פֿייגד דז זי ווערן מיט זיא קואן אין די
בילעגרונג (דא מיט דז דש הויז גיזינד פֿון דוד זאלן זיך ניט זער ריאן)׃ דע
דש הויז גיזינד פֿון דוד ווערן אויניוויניג זיין אין דיא שטאט מיט דיא אין וואונ
פֿון ירושלים׃ אונ׳ ווען זיא זעלטן ערשט גיהאלפֿן ווערן זעלטן זיא זיך ריאן קעג
דיא קינדר פֿון יהודה דיא דרויסן זיין אונ׳ זעלטן זאגן דז דיא קינדר פֿון יהוד
זייאן פֿון אירנט וועגן גיהאלפֿן גיווארן׃ (אונ׳ דער טוואכשטר אונטר זיא ווער
זיין אז דוד) דז הער טוואכשטר ווערט אזו שטארק זיין אז דוד דער איין שטארק
העלד ווער אונ׳ איין שטרייט האפֿטיגר מאן׃ (אונ׳ דש הויז גיזינד פֿון דוד ווער

זיין

זיין אז דיא ענגלן אז ווען איין ענגל פֿון גאט זאלט פֿר זיא גין ) דש איז דער אלך
המשיח דער דא ווערט זיין אויש דען זאמן פֿון דוד ע"ה דער ווערט זיין אז איין
ענגל פֿון גאט אונ' ער ווערט פֿר זיא ארויש גין אונ' אויך דיא זעלביגי פֿעלקר צו
שטרייטן· דר נאך זאגט ער (אונ' עש ווערט זיין אן דען זעלביגן טאג ווער
איך זוכן צו פֿר טיליגן אל דיא פֿעלקר דיא דא ווערן פֿר ירושלים קומן ) · ווייטר
שטיט (אונ' איך ווער אויש גיסן איבר דש הויז גזינד פֿון דוד אונ' איבר דיא אין
וואונר פֿון ירושלים איין גאייט פֿון גינאד אונ' דער בעטאיקייט אונ' זיא ווערן צו
איר לוגן איבר דעם זיא ווערן דר שטעכן ) · דש איז נאך דעם ער האט
גימעלדט פֿון איר הוכי מעלות זאגט ער דז ווענעט זאלט זיך טרעפֿן דז די פֿעלקר
זאלטן נייכן פֿון ישראל דר שטעכן אין דען זעלביגן שטרייט אונ' ווען עש זאלט
אך זיין דען גרינגשטן אונטר זי· ווערן זי זיך זער דריבר פֿר וואונדרן ווארום
דש איז גיקומן· אונ' ווערן איינן דז זיא אן היבן צו פֿאלן אונ' אונטר טעניג צו
ווערן פֿר איר פֿיינד · גלייך יהושע ז' אז דיא אנשי פֿון עי האבן גישלאגן פֿון
ישראל זעקש אונ' דרייסיג אזו האט יהושע גיזאגט (איך קלאג פֿר דיר גאט
דר הער ווארום האשטו דש פֿאלק אבן פֿארן איבר דען ירדן) אונ' ווייטר זאגט
ער (איך ביט דיך גאט וואש ווער איך זאגן נאך דעם דז ישראל האט דען
נאקן גיווענט פֿר זיין פֿיינד) · אזו ווערט עש צו דער צייט אך זיין אז זיא ווערן
זעהן דז אן ווערט פֿון זיא דר שטעכן אונ' ווען עש אך נור איינר זאלט זיין ווערן זיא
זיך פֿר וואונדרן · (אונ' זיא ווערן צו איר לוגן דעם זי האבן דר שטאכן) דש איז פֿון
וועגן דעם זיא האבן דר שטאכן · אונ' דיא ווערטר (את אשר) אזו אן פֿר שטין אז
ווען עש זאלט שטין (בעבור) גלייך יחזקאל ל"ו (אונ' איך ווער דש טון (את אשר)
פֿון וועגן דז איר זאלט אין איין גיזעצן גין) · (אונ' זי ווערן איבר אים קלאגן אז ווי
אן קלאגט איבר איין איינציגן זון אונ' ווערן איבר אים פֿר ביטרט זיין אז ווי אן
פֿר ביטרט איז איבר איין ערשט גיבארינן זון) · דש איז גלייך אז איינר דער אור
איין זון האט אונ' ער שטערבט · אודר אז איינר דעם זיין ערשטר זון שטערבט ·
(אן דעם זעלביגן טאג ווערט גרוש זיין גרושי קלאג זיין אין ירושלים גלייך אז
דר קלאג פֿון הדדרמון) דש וואר איין גרוישר חשובר אמן דער ביא זיא צו דער
צייט ביקענט וואר אונ' איר פֿינדט ניקט דר פֿון אין פסוק · (אונ' זיא ווערט
קלאגן דיא ערד) דש זיין דיא אנשי דיא אין דש לאנד וואונן דיא ווערן קלאגן
איבר דעם דער דא ווערט דר שטאכן ווערן אין דיא שטרייט (איין איטליכר
גישלעכט ביזונדר) דז איין איטליכר ווערט קלאגן אויף זיין אורט · אונ' דיא
גישלעכטר דיא היר פֿר מעלדט זיין גלייך אז נתן אונ' שמעי דיא ווערן צו דער
צייט גרוש אונ' ביקענט זיין אונ' דער נביא האט זיא גידאכט דורך זיין
פראפֿעציאונג · אונ' דז ער זאגט (אונ' איר ווייבר ביזונדר) דש ווערט זיין
פֿון וועגן זיטיקייט · נאך קענטשו זעהן אויש דען אן המלט דר דיר דף

פראפעצייאונג אונ׳ אויס דיא צו זאגן בידייטונג דר פסוקים דען איינן אייט דען
אנדרן דז דש גאנצה קאפיטל רעט פֿון דיא קומשט פֿון גוג ומגוג פֿר ירושלים צו
שטרייטן אונ׳ זיא ווערן זיא ניט קענן איין נעמן דען גאט ווערט גרושה שלעק
אויף זיא ברענגן אונ׳ זיא ווערן פֿאלן פֿר דיא קינדר פֿון יהודה אונ׳ ישראל׃
דארום קענן זיך דיא נוצרים ניט העלפֿן אויס דעם פסוק (אונ׳ זיא ווערן צו איר
זאגן פֿון וועגן דעם זיא האבן דר שטאכן) דען דער פסוק רעט פֿון איינם פֿון
ישראל דער דא אעבט דר שטאכן ווערן אין דיזן שטרייט׃ גלייך ביקענט אויז
אויס דען אין האלט פֿון דש קאפיטל אונ׳ אויס דעם פסוק דער צו פֿאר שטיט׃
אך אויס דעם וואס ער ווייטר זאגט (אונ׳ זיא ווערן איבר אים קלאגן אז וויא אין
קלאגט איבר איין איינציגן זון)׃ אונ׳ ווען דש אזו ווער אז וויא דיא נוצרים
זאגן דז אן ווערט צו גן צו דעם דער דא ווערט דר שטאכן ווערן׃ דען העט
ער זעלן זאגן אונ׳ זיא ווערן איבר איר קלאגן אונ׳ איבר איר דער ביטרט זיין
גלייך וויא ער זאגט אונ׳ זיא ווערן צו איר צוגן׃ אך נאך דעם איר האבן אייט
קלארי ביוויז ביוויזן אין דען ערשטן אונ׳ צעהנדן פרק פֿון דעם חלק דז ישו הנוצרי
גאר קיין משיח אונ׳ נאך פֿיל וויניגר אויז ער איין גאט גיוועזן אז וויא זיא איינן׃
זא ווער ביידא פֿר שטענדיגי לייט גינוג גיוועזן אייט דיזה ביווייזונג׃ כיימרט אויך
דש כיאכן זאל וואס האבן בייא צו ברענגן אומצו שטרייטן אויס דעם פסוק׃ דארום
האב איך אך אוין אירי גרונדן אונ׳ ביווייזונגן ווידר ליגן אויס דעם אין האלט פֿון דיזן
קאפיטל אונ׳ אויס דיזן פסוק זעלבשט גלייך וויא איך עש האב צו פֿר שטין גיגעבן׃

## פרק לז זכרי׳ י״ג

דוא שווערד דר וועק דיך איבר איין הערט אונ׳ אויף דען אאן איין גיזעלן
זאגט גאט דער הי׳אר שארן׃ שלאג דען הערט דען ווערן דיא שאף פֿר
שפרייט ווערן אונ׳ איך ווער ווידר קערן איין האנט אויף דיא יונגשטה׃ אויס
דעם פסוק ברענגן דיא נוצרים ביוויז אויף איר גלויבן דז דער נביא האט אן
גיזייגט פֿון דש דר שלאגן פֿון ישו הנוצרי׃ אונ׳ דאר פֿון האט ער גיזאגט איין
הערט אונ׳ דער אאן איין גיזעלן׃ אונ׳ דז ער זאגט שלאג דען הערט אונ׳ דיא
שאף זאלן פֿר שפרייט ווערן׃ דא מיט האט ער אן גיצייגט דז אין דיא צייט
אז ער ווערט דר שלאגן ווערן דען ווערן זיין תלמידים פֿון אים פֿר שפרייט ווערן
גלייך עש שטיט אין אוון גליון אין מרקוס פ׳ י״ד׃

ענטפֿערט דיזה ביוויז קענן אך ניט אן גין׃ דען דער פסוק רעט אנדרשט
ניט אז פֿון דען פֿאל דר קיניגרייכן דר ערד אונ׳ דז דיא ישראל
דיא אונטר זיא גיפֿאנגן זיין ווערן פֿון זיא ארויס גין׃ דען אין דיא צייט ווערן
פֿר שניטן ווערן אונ׳ פֿר גין דיא זינדיגר דיא אן דיא בילדר דינן פֿון דיא ערד
אונ׳ ווערן ניט אעער איבר בלייבן אז דיא פֿראמי לייט דיא הייליגן דיא אן גאט

יתברך דיני גלייך אן וואול פֿר שטין קען אויש דיא איינונג פֿון דען קאַפּיטל אויש
דיא פסוקים דיא צו פֿאַר אונ׳ דר׳ נאך שטין אונ׳ דיא זיינן ביקענט אונ׳ קלאר ·
דען דז ער זאגט דאז שווערד דר וועק דיך איבר איין הערט אונ׳ דען אמן איין
גיזעלן · דש איז צו פֿר שטין דז דער שווערד זאל זיך דר וועקן איבר דען קיניג
ישמעאל דש איז דער תוגר דער דא הערשט אין אסיאה אונ׳ אפֿריקה וועלכי
זיין אבר אז דרייא פֿירדי טייל פֿון דיא וועלט אונ׳ דש איינטסטה פֿאלק פֿון ישראל
זיינן אונטר אים אין גלות · אונ׳ גאט האט אים דארום גינענט איין הערט
וויל גאט האט אים זיין אמכֿט גיגעבן זיי שאף צו ווידן אין איר גלות · אונ׳ דש
שאף איז דש פֿאלק ישראל · אונ׳ דז ער פֿון אים זאגט דער אמן איין גיזעלן ·
וויל ער זיך אין בילד דורך זיין האפֿערטיקייט אונ׳ הוך הערליקייט דז ער איז
גלייך אז גאט · אונ׳ דער גלייכן שטיט אין בראשית ג׳ (דער אמנש איז גיוואָרן
אז איינר פֿון אונש אום צו וויסן גוטש אונ׳ בייז) · דש איז נאך זיין איין בילדונג
איז ער אזו גיוואָרן · דען דיא שלאנג האט אים אזו פֿר זיכרט אז ער זאגט
(אונ׳ איר ווערט זיין אז דיא געטר דיא דא וויסן גוטש אונ׳ בייז) אונ׳ דאז זאלישט
וויסן דז דיא האפֿערטיקייט איז גאר גרוש אונטר דיא ישמעאלים אך זעלבשט
אונטר איר שלעכֿטשטי · אונ׳ נאך פֿיל אבר ביי איר קיניג · וועלכש ניט אזו
איז אונטר דש פֿאלק פֿון אדום · דען זיא טראַכֿטן נאך דיא וועלטליכה ווייזהייט
אונ׳ פֿר שטין דז דיא האפֿערטיקייט שלעכֿט איז אונ׳ וויא גוט דיא דעמוטיקייט
איז · ווייטר זאגט ער (שלאג דען הערט דען ווערן דיא שאף פֿר שפרייט
ווערן) · דען אז דר קיניג ישמעאל ווערט פֿאלן ווערט דיא דר לייזונג פֿון ישראל זיין
אונ׳ ווערן ארויש גין פֿון אונטר איר אמכֿט · אונ׳ וויל דש פֿאלק ישראל זיינן אילונדר
אין דיא לייט פֿון גלות פֿר שפרייט אונ׳ פֿר טיילט אין אלי לענדר פֿון זיין
קיניגרייך אונ׳ זיינן ניט אין איין לאנדשאפֿט גלייך וויא זיא וואָרן אין גלות
אדום · דארום ווען זיא שון ווערן ארויש גין פֿון אונטר זיין גיוואלד אויש דיא
ערטר פֿון איר גיפֿאנגנשאפֿט אום צו גין אין דש היילגה לאנד · ווערן זיא ניט
גין מיט גרושי פֿר זאמלונג אונ׳ אין איין שאר אונ׳ אין איין וועג גלייך וויא דיא אויש
אדום גינגן · נייארט זיא ווערן גין פֿר שפרייט אונ׳ צו טיילט אין פֿיל שארן
אונ׳ פֿיל וועגן נאך דיא איניכֿטי דר ערטר וואו זיא דרינן וואונן · דרום נענט
דער פסוק דש אויש גין פֿון אלי פֿר זאמלונגן פֿון אונטר זיין גיוואלד פֿון אלי
ערטר אין וועלכי זיא זיינן בילוואונגן · אין איין לשון פֿון פֿר שפרייטונג דז ער
זאגט אונ׳ דיא שאף ווערן פֿר שפרייט ווערן · גלייך ישעי׳ י״א (אונ׳ דיא פֿר
שפרייטונג פֿון יהודה ווערט ער איין זאמלן פֿון דיא פֿיר עקן דר ערד) · (אונ׳
איך ווער ווידר קערן איין האנט איבר די גרינגשטי) דש זיינן דיא קיניגן דר
פֿעלקר פֿון אדום וועלכי אך זיינן דיא הערטן דר שאף דיא קלייני · אונ׳ דיזה
בילובונג ווערט אך בפֿעסטיגט ווערן ביים דען תוגר אין די שטרייט פֿון גוג

אונ׳ דען פֿון אים זאגט דער פסוק אין יחזקאל ל״ח (דש הויז פֿון תוגרמה דיא אן דיא צפֿון זייט זיין איט אל דיא בייא אים זיין) אונ׳ וויל דיא קונשט פֿון בוגן שיסן איז נאך געבליבן בייא דיא ישמעאלים וועלכש זיא האבן געערבט פֿון ישמעאל איר פֿאטר דער אין בוגן שיסר וואר׳ דארום זאגט ער אין יחזקאל ל״ט (אונ׳ איך ווער שלאגן דיין בוגן אויש דיין לינקה האנט אונ׳ דיין פֿיילן ווער איך אבן פֿאלן אויש דיין רעכטי האנט) אונ׳ פֿון דען פֿאל דר גרינגרה וועלכי זיינן דיא קינדר פֿון דש פֿאלק פֿון אדום האט ישעי׳ הנביא ע״ה גיפראפֿעצייאט אין ישעי׳ ל״ד וועלכש אן פֿאנגט (גינעהנט איר פֿעלקר אום צו הערן) אונ׳ דארונטר איז דיא גאנצה ווייז זאגונג פֿון עובדי׳ אונ׳ דאר איט איז גינוג אום דיזה איר בווייז צו ווידר ליגן:

# פרק לח מלאכי א

**דען** פֿון דיא אויף שטייגונג דר זונבי׳ זיין אונטר גאנג איז איין נאמן גרוש אונטר די פֿעלקר אונ׳ אין אלי ערטר ווערט גירעאפט אונ׳ גינעהנט אום איין נאמנש ווילן אונ׳ ריינה פריזענט דען איין נאמן איז גרוש אונטר די פֿעלקר זאגט גאט דר היאר שארן: אויש דען פסוק ברענגן דיא נוצרים בווייז אויף אירן גלויבן דז זיא זאגן וויא דער נביא מלאכי האט בילייגט אויש דען אונד פֿון גאט דז ער ווערט אנטפֿאנגן אונזר דינשט אונ׳ רעאפונג אונ׳ אונזר פריזענטן ווערן אים אן גינעם זיין׳ אונ׳ דש איז איין גרוש בווייז אויף אונזר גוטן גלויבן:

**ענטפרט** אויש דיזן פסוק קענן זיא ניקש בווייזן׳ וויל אין דיא צייט פֿון מלאכי הנביא איז דער גלויבן פֿון ישו הנוצרי נאך ניט אין דיא וועלט גיוועזן׳ דען חגי זכרי׳ אונ׳ מלאכי דיא האבן זעלב דריט צו גלייך גיפראפֿעצייאט אין דיא צייט פֿון דש צווייאטה בית המקדש אונ׳ ישו איז אבער אנ׳ דרייא הונדרט יאר נאך זיא געבארן׳ אבר אין דיא צייט פֿון מלאכי האבן דיא פֿעלקר דינשטן גיטאן אונ׳ גירעאפט אונ׳ אופֿפֿר געברא כט צו דיא זיבן צויפֿרה שטערן אונ׳ דיא צוועלף פלאנעטן אונ׳ צו אלירלייא בילדר דיא נאך איר נאמן געמאכט וואורן׳ דארום איז דער נביא ניט גיקומן אום אין דעם פסוק ביקענט צו מאכן דיא מעלה פֿון דיא פריזענטן אונ׳ רעאפונגן דר פֿעלקר דיא צו דער צייט צו דיא פֿרעמדי דינשטן זיינן געמאכט געווארן׳ נייארט ער איז גיקומן אום ביקענט צו מאכן דיא ביזקייט אונ׳ צו פֿר מאכטן דיא פריזענטן אונ׳ אופֿפֿר דר זינדיגר פֿון ישראל דיא בייא פֿון דש זעלביגי דור דיא איט איר זין זינדיגטן אונ׳ פֿר אונהייליגטן דען נאמן פֿון גאט דז זיא ברא כטן פֿר גאט צו אופֿפֿרן וועלכש פֿיך וואש גירויבט נאל בלינד אונ׳ הינקדיג אונ׳ קראנק וואר׳

גלייך

גלייך וויטר שטיט (אונ׳ איר פֿר אונהייליגט מיך מיט דעם דז איר זאגט דער טיש פֿון גאט איז פֿר אונווערדיגט אונ׳ איר רעט פֿון אים דז זיין שפייז איז פֿר שמעהט) ווייטר זאגט ער (אונ׳ איר ברענגט וואש גרויבט אונ׳ הינקדיג אונ׳ קראנק איז) גלייך ביטייטליך אין דיזא פסוקים שטיט דיא פֿור אודר נאך שטין: אונ׳ ער זאגט דז דארין זיינן זיא ארגר אונ׳ גרעטר זינדיגר אז דיא פֿעלקר דיא פֿרעמדי דינשטן טון· גלייך יחזקאל ה׳ (אונ׳ אז דיא גריכטן דר פֿעלקר דיא רונד אום אייך זיין האט איר ניט גיטאן)· דענדער פסוק ביטייט אפֿט זיא ניט וויל זיא האבן ניט גיטאן אז אלי דיא גריכטן דר פֿעלקר· נייערט וויל זיא האבן ניט גיטאן דיא גריכטן פֿון גאט· אונ׳ אך זעלבשט אז דיא גריכטן דר פֿעלקר דיא גוט וואורן האבן זיא אך ניט גיטאן גלייך גישריבן שטיט (אין איין גיזעץ זייט איר ניט גיגאנגן אונ׳ אייני גריכטן האט איר ניט גיטאן אונ׳ אז דיא גריכטן דר פֿעלקר דיא רונד אום אייך זיין האט איר ניט גיטאן) אונ׳ אין יחזקאל י״א זאגט ער (אין איין גיזעץ זייט איר ניט גיגאנגן אונ׳ איין גיריכט האט איר ניט גיטאן אונ׳ אז דיא גריכטן דר פֿעלקר דיא רונד אום אייך זיין האט איר גיטאן)· דאש דז עש טייטש אז ווען דיזא פסוקים זעלטן קעגן אננדר שטרייטן· דארום אוז אן זיך אוזו פֿר שטין· גלייך אז די גוטי גריכטן וואש דיא פֿעלקר האבן האט איר ניט גיטאן אבר איר ביזי גריכטן האט איר גיטאן· אונ׳ דז ער זאגט (אונ׳ אין אלין אורטן ווערט גידעאפט אונ׳ גינעהנט פֿר מיין נאמן)· דש איז צו פֿר שטין דז אויב שון דיא פֿעלקר דינן צו דיא פֿרעמדי דינשטן· דינן זיא גלייך וואול אין דעם נאמן פֿון גאט אונ׳ איר גידאנקן איז צו דעם נאמן פֿון גאט· דען אין דיא לייט אז זיא דעאפן אונ׳ ברענגן איין פריזענט צו דיא בילדר ווען זיא מיינר זעלט פֿרעגן פֿר וואן דעאפט איר אונ׳ ברענגט דיזה פריזענט· ווערן זיא ענטפֿרן איר דעאפן אונ׳ גינעהנן צו גאט דער דא האט ביטאפֿן הימל אונ׳ ערד· אונ׳ דארום זאגט ער עש ווערט גינעהנט אונ׳ גידעאפט אום מיין נאמן· אונ׳ דארום ביפֿלייסיגן זיא זיך צו אופפֿרן מיט פֿורכט אונ׳ עהר אונ׳ ריינקייט· אונ׳ דארום זאגט ער אונ׳ איין ריינה פריזענט· אונ׳ זאגט אך דען מיין נאמן איז גרוש אונטר דיא פֿעלקר· אונ׳ גלייך וואול זיינן אירי פריזענטן ניט אן גינעם פֿר גאט וויל זיא אים ניט קענן· וויל זיא נאך צו גלייך מיט אים דינן אן איינם פֿון זיין ביטעפֿניש· אונ׳ דארום ווארשטו ניט פֿינדן דז דער פסוק זעלט זאגן דז פֿר גאט יתברך זעלט אן גינעם זיין דיא פריזענטן פֿון דיא זעלביגי פֿעלקר גלייך ווייא זיא זאגן· נייערט ער זאגט אין מלאכי ג׳ (אונ׳ עש ווערט אן גינעם זיין פֿר גאט דיא פריזענט פֿון יהודה אונ׳ ירושלים גלייך אז דיא טעג פֿון איביג אונ׳ אז אין דיא ערשטי יארן)· אונ׳ דז ער זאגט (אונ׳ ער ווערט זיא ווידר לייטרן אונ׳ רייניגן אז איין זילבר אונ׳ ער ווערט דען לוי רייניגן אונ׳ ווערט זיא לייטרן אז ווייא גאלד אונ׳ זילבר אונ׳ זיא ווערן

פֿר גאט גינעהנן איין פריזענט מיט גירעכטיקייט ) · דש איז דז נאך דעם
זיא ווערן גילייטרט אונ' גיזויברט אונ' גירייניגט ווערן אין פֿייאר פֿון פֿר
דריסיקייט אונ' פיין · דען ווערן זיא פֿר גאט גינעהנן איין פריזענט מיט
גירעכֿטיקייט · אונ' דען ווערט פֿר גאט אן גינעם זיין דיא פריזענט פֿון יהודה
אונ' ירושלים אז אין דיא טעג פֿון איביג אונ' אין דיא ערשטי
יארן · אונ' דז ער זאגט אונ' ער ווערט רייניגן דיא קינדר פֿון לוי · דש
איז וויל דיא כהנים דיא קינדר פֿון לוי דיא ווארן דיא ערשטי דיא אן גאט
גיפֿעלשט האבן גלייך אין מלאכי א' זאגט ער (צו אייך זאג איך דש איר כהנים
דיא איין נאמן פֿר שמעהן) · אונ' דער גלייכן פֿינדן מיר אך דז דוד המלך ע"ה
האט גיזאגט אין תהלים קי"ג (פֿון דיא אויף שיינונג דר זון ביז זיין אונטר גאנג
איז דער נאמן פֿון גאט גילובט · גאט איז הוך איבר אלי פֿעלקר ) · קאן אן
דען זאגן דז דוד המלך ע"ה האט בילייגט דז אל דיא פֿעלקר פֿון דיא אויף שיינונג
דר זון ביז זיין אונטר גאנג זעלטן דען נאמן פֿון גאט יתברך גילובט אונ' דר היבט
האבן · זאם דז אל דיא פֿעלקר פֿון דיא אויף שיינונג דר זון ביז זיין אונטר גאנג
זעלטן אין זיין צייט גיגלויבט הבן אן גאט יתברך מיט איין גאנצן אונ' אויף ריכטיגן
גלויבן · אונ' דאש קען דאך גאר ניט גישעהן זיין · דען ער זאגט דאך פֿון זיא
אין תהלים קט"ו (איר בילדר זיינן זילבר אונ' גאלד · ווערקן פֿון מענשן הענד ·
זיא האבן איין מונד אונ' רידן ניט · זיא האבן אויגן אונ' זעהן ניט · זיא האבן
אורן אונ' הערן ניט · זיא האבן איין נאז אונ' ריכן ניט · איר הענד קענן ניט
טאסטן · איר פֿיס קענן ניט גין · זיא קענן ניט ברומן מיט איר קעל · גלייך
ווי זיא זיין אזו ווערן אך איר אמכר זיין אונ' אל דער זיך אן זיא פֿר זיכרט ·
ישראל פֿר זיכרט זיך אן גאט ער איז איר הילף אונ' בישילר) · אזו אך אין
תהלים קל"ה זאגט ער (דיא בילדר פֿון דיא פֿעלקר זיינן זילבר אונ' גאלד ווערקן
פֿון מענשן הענד · זיא האבן איין מונד אונ' רידן ניט · זיא האבן אויגן אונ'
זעהן ניט · זיא האבן אורן אונ' פֿר נעמן ניט · איר הויז גיזינד פֿון ישראל
לובט גאט · איר הויז גיזינד פֿון אהרן לובט גאט · איר הויז גיזינד פֿון לוי לובט
גאט) · דארויש קענשטו זעהן דז דוד המלך ע"ה האט גיוויזן דז אוב גלייך דיא
פֿעלקר לובן אונ' דר היבן גאטש נאמן וויל ער דיא ערשטה אורזאך פֿון אלי
בישעפֿניש איז · האבן זיא גלייך וואל קיין רעכטן גלויבן וויל זיא זיך פֿר זיכרן
אונ' גלויבן אן דיא בילדר דיא ווערקן פֿון מענשן הענד זיין · אבר דש גאנצה
פֿאלק ישראל מיט דיא כהנים אונ' לוים פֿר זיכרן זיך אן גאט אליינט ·
דארום גיהערן זיא אים צו לובן אונ' דאנקן וויל ער איז איר העלפֿר אונ'
בישילר · מיט דיזה אויש לעגונג דונקט אונש איז גינוג אום דיזה איר
בווייזונג צו ווידר לעגן:

# פרק לט מלאכי ג

איך ווער צו אייך שיקן אליהו הנביא אי דער גָטליכר טאג ווערט קומן דער גרויז אונ' פֿורכטזאם איז : דיא גלריק שטרייטן קעגן אונש אונ' זאגן אייר יהודים האפֿט אום זונשט אויף דיא קונשט פֿון אליהו הנביא · דען דיא פֿר הײשונג איז שון גישעהן · דען פֿון יאן דער אין אונזר לשון גינענט ווערט יוחנן איז דער פסוק גיזאגט דער אײנזײן פֿר שטאנד איז גלײך גיוועשט צו אליהו גלײך עש שטיט אין אונ גליון אין אטייאש פרק י"א דז ישו האט גיזאגט פֿון יאן דז ער וואר אליהו פֿון וועלכן גיפראפעצייאט וואר דז ער ווערט קומן · אונ' אין פרק י"ז שטיט דז ישו האט גיזאגט פֿון יאן דז אליהו איז שון גיקומן אונ' זיא האבן אים ניט דר קענט נײארט זיא האבן איט אים גיטאן נאך איר ווילן · דען האבן זײן תלמידים פֿר שטאנדן דז ער האט דש פֿון יאן גירעט · אזו וויט רידן אלז דיא קעגן אונש שטרייטן :

ענטפרט דארויש קענן זיא אך ניקש קעגן אונש שטרייטן · דען דיא שריפֿט זאגט קלאר איך ווער צו אייך שיקן אליהו הנביא גלײך אין מלכים א' י"ח (אונ' עש וואר אז דיא צייט פֿון מנחה אויף גינג גינעהנט אליהו הנביא) אונ' דברי הימים ב' כ"א (אונ' עש קאם צו אים איין שריפֿט פֿון אליהו הנביא) אונ' ווען עש אזו ווער אזו וויא זי זאגן · העט דער פסוק גיזאגט איך ווער צו אייך שיקן איינן גלײך אז אליהו הנביא אונ' ניט אליהו הנביא זעלבשט · אדר ער העט גיזאגט איך ווער אייך יוחנן שיקן · וואור צו איז דש ניטיג דז ער נענט יוחנן איט דען נאמן פֿון אליהו הנביא · אך שטיט אין אונ גליון אין יאן פרק א' פסוק כ"א אז די כהנים אונ' לויים האבן גיפֿרעגט אן יאן בישטו אליהו האט ער גיזאגט איך בין ניט אליהו · אך האבן זיא אים גיפֿרעגט בישטו איין נביא האט ער גיזאגט איך בין קיין נביא · אזו שטרייטן דיא ריד פֿון ישו אונ' יאן קעגן אננדר · דען איינר פֿון ביידי איז ניט וואר גיזאגט האבן · אונ' עש שײנט אײער צו זײן דז יאן האט וואר גיזאגט וייל ער האט דיא ווארהייט ביקענט דז ער וואר ניט אליהו הנביא · זא האט דער ניט וואר דער אויף איס האט בילײגט דז ער וואר אליהו · אונ' דער אויף איס דש בילײגט האט דער האט עש דארום גיטאן דז אן זאל אן אים גלויבן דז ער איז משיח ווייל דש ביקענט איז אונטר דש פֿאלק ישראל דז משיח ווערט ניט אייער גיאופֿנבארט ווערן אז נאך דיא קונשט פֿון אליהו הנביא גלײך אין דעם פסוק בישײדן איז · אך שטיט אין אטייאש פרק י"ז פסוק י' אונ' זײן תלמידים פֿרעגטן אים וואש איז דש דז דיא חכמים זאגן דז אליהו מוז ערשט קומן · האט ער זיא גיענטפֿרט אליהו מוז גוויש ערשט קומן אונ' אלז בירייטן · נאך אבער זאג איך אייך דז אליהו איז שון גיקומן אונ' זיא האבן

אים

אים ניט גיקענט ניארט זיא האבן איט אים גיטאן נאך אירן ווילן אונ' אך דער אענגשן זון ווערט בייא זי אונגביוואושט זיין · דא האבן זיין תלמידים פֿר שטאנדן דז ער האט דש גיזאגט פֿון יוחנן · דארויש קענטשו זעהן דז דיא פֿראג פֿון זיין תלמידים האט איט דר צו גיוואונגן צו בילייגן אויך יוחנן דז ער וואר אליהו · אך אויש דעם דז ער האט ערשט צו זיא גיזאגט אליהו ווערט פֿר גווישט קואן אונ' דר נאך האט ער גיזאגט דז אליהו איז שון גיקואן · דארויש קענטשו פֿר שטין דז זיין רייד קואן ניט איבר איין · אונ' דז דיא נוצרים דש פֿר ענטפֿרן אונ' זאגן ווייל יאן האט דש ניט גיוואלט אופֿן באַרן אונ' זיך זעלבשט ריאן דארום האט ער זיא גיענטפֿרט דז ער וואר ניט אליהו · דארויף קען אן פֿרעגן ווען ער ווער גישיקט גיוואורן אן שטאט פֿון אליהו הנביא גלייך וויא זי זאגן · דען העט ער עש ניט אונן פֿר לייקנן אונ' פֿר העלן ווייל צו ער איז גשיקט גיוואורן וועלכש זיך ניט בילעגט אן גיטרייאי גיזאנטי · גלייך איר פֿינדן בייא אלי עראפֿעטן דיא אירי גיזאנטשאפֿט ניט פֿר לייקנט נאך פֿר הולן האבן ניארט האבן עש אן אידר איין ביקענט אונ' אופֿן באַרט ווייל זיא ווארן דר צו גשיקט · אונ' וואש ווערן זיא דען דארצו זאגן דז ער האט גיענטפֿרט דז ער וואר קיין נביא · ווען ער אין זיין פֿר שטאנד גלייך וואר צו אליהו גלייך וויא זיא זאגן וויא וואר ער דען קיין נביא · אונ' דאר איט איז גינוג אוף דיזן דישפוט צו פֿר ענטפֿרן :

## פרק מ תהלים קי

ער זאגט גאט צו איין הער זיין צו איינר רעכֿטר האנט ביז איך ווער דיין פֿיינד אאכֿן צו איין שטעאיל אונטר דיין פֿיס : דארויף האט איך איין קלוגר נוצרי גיפֿרעגט פֿון וועאן האט דוד המלך ע"ה דעם פסוק גיזאגט דז גאט האט גיזאגט צו איין הער זיין אויף איין רעכֿטי האנט · ווער איז דער הער פֿון דוד המלך גיוועזן · דארום האט ער פֿר שטאנדן דז ער האט דעם אזאור גיזאגט פֿון ישו הנוצרי דער דא וואר דר זון פֿון גאט אונ' וואר לייבליך אונ' געטליך צו גלייך · דארום האט דוד המלך פֿון אים גיזאגט איין הער · אונ' ווען ער ווער קיין גאט גיוועזן ווער אים דאך ניט אייגליך גיוועזן צו זיצן אן דיא רעכֿטי זייט פֿון גאט יתברך :

אונ' · איך הב אים אזו גיענטפֿרט · זאג דוא איר נאא אך וויא האט דוד המלך גיזאגט אין תהלים קל"ז ( בייא דיא בעך פֿון בבֿל זיינן איר גיזעשן אונ' האבן אך גיוויינט ) · אונ' דש גלות בבֿל וואר אער אז פֿיר הונדרט אונ' צוואנציג יאר נאך זיין טוט · דארום איז דש דער רעכֿטר פֿר שטאנד פֿון דיזא פסוק אונ' אזאורים דיא אין תהלים שטין · דז דוד המלך ע"ה האט דש גאנצה ספר תהלים גישריבן דורך דען רוח הקודש דז צו קון טייל ביטרעפֿט עש דיא צייט דיא

מן

אין זיין דור ווארן · אונ׳ אך פֿר אל דיא דורות דיא נאך איס ווארן · אונ׳ דארונטר
זיינן פֿיל זאכן דיא ער האט פֿון זיך זעלבשט גיזאגט · גלייך תהלים ב׳ ( איך וויל
דש גיזעץ דר צילן גאט האט צו מיר גיזאגט דוא בישט מיין זון איך הב דיך הייגט
גיוואונן ) · אונ׳ אזו אך דיא אנדרי מזמורים דיא ווייטר שטין · אך זיינן זאכן
דרינן דיא ער האט גישריבן וויא דיא לייט ווערן ליגן אין גלות · גלייך דען מזמור
(בייא דיא בעך פֿון בבל זיינן מיר גיזעשן ) אונ׳ תהלים ע״ט (גאט דיא פֿעלקר
זיינן גיקומן אין דיין ערב זיא האבן דיין הייליגן פאלאש פֿר אונריינגט ) · אונ׳
תהלים ע״ד ( ווארום גאט האשטו אין דיא אייביקייט פֿר לאזן ) · דיא האט ער
אך גיזאגט דורך דען רוח הקדש דז דיא לייט אין גלות זאלן דש זינגן · אך זיינן
מזמורים דיא דורך דען רוח הקדש ווארן גיזאגט פֿון דיא פֿר זאמלונג דר
גיפֿאנגינה אונ׳ פֿון דיא טעג פֿון משיח · גלייך אין מזמור צ״ח ( זינגט פֿר גאט
איין נייא גיזאנג ) אונ׳ נאך מער אנדרי · אך זיינן פֿיל מזמורים דיא ער האט
גישטעלט דורך דען רוח הקודש פֿון וועגן דיא גישיכטניש אונ׳ נייאי זאכן דיא אין
זיין לייט גישעהן זיין · פֿון איין טייל זיינן דיא גישיכטניש פֿר מעלדט אין אן
פֿאנג דר מזמורים · אונ׳ איין טייל ניט וויל זיא זיינן ביקענט דורך דיא פסוקים
דיא אין דיא מזמורים שטין · גלייך מזמור כ׳ ( גאט זאל דיר ענטפֿרן אן טאג
פֿון לייד ) וועלכן דוד האט גישטעלט אין רוח הקודש אויף זיך זעלבשט אז ער
גינג אין דיא מלחמה קעגן זיין פֿיינד · אונ׳ האט איס גישטעלט דז ישראל זאלן
איס זינגן אז זיא ווערן אין דיא מלחמה גין · אזו אך דעם מזמור ק״י ( גאט
האט גיזאגט צו מיין הער ) דעם האט דוד המלך ע״ה גימאכט אויף זיך זעלבשט
אז דיא קנעכט פֿון דוד האבן גישווארן דז ער זאל ניט מער מיט זיא אין דיא
מלחמה גין פֿון וועגן דיא גישיכטניס וואש דוד וואר גישעהן מיט ( ישבי בנוב )
גלייך שמואל ב׳ כ״א ( דש זעלביגט מאל האבן דיא מאנן פֿון דוד גישווארן אונ׳
זאגטן צו איס דוא זאלשט ניט מער מיט אונש גין אין דיא מלחמה אונ׳ זאלשט דש
ליכט פֿון ישראל ניט פֿר לעשן ) · אונ׳ דעם מזמור ק״י האט ער אך גישטעלט
וויא זיין קנעכט אונ׳ מאנן האבן גירעט דיא איס האבן פֿר ווערט אין דיא
מלחמה צו גין דורך איר שבועה · אונ׳ אזו האבן זיא גיזאגט · גאט האט גיזאגט
צו מיין הער דוד בלייב זיצן אין מיין הויז אונ׳ פֿר זיכר דיך אויף מיין רעכטה האנט
אונ׳ שטארקייט דען דיא רעכטה האנט פֿון גאט ביווייזט דיא קראפֿט · אונ׳ דאר
מיט זאגט ער דוא האשט ניט ניטיג אין דיא מלחמה צו גין דען דיא רעכטה
האנט פֿון גאט ווערט פֿר דיר שטרייטן · אונ׳ גאט יתברך ווערט דיין פֿיינד
מאכן צו איין שעמיל אונטר דיין פֿיס · אונ׳ דז ער זאגט ( דיין שטארקה אונטר
לעהנונג ווערט גאט שיקן פֿון ציון ) דש איז גלייך תהלים כ׳ ( ער זאל דיין הילף
שיקן פֿון דיא הייליקייט אונ׳ פֿון ציון זאל ער דיך אונטר לעהנן ) · וויל דארטן איז
דיא שכינה פֿון גאט · גלייך תהלים קל״ב ( דען גאט האט אויש דר וועלט אן ציון

ער

ער האט גילושט דריקן צו וואשן) ׃ אונ׳ דז ער זאגט (דיין פֿאלק האט זיך בווילִיגט
אן דעם טאג פֿון דיין שטרייט) ׃ דש איז ווען דוא שון ווערשט ניט גין אין דיא
מלחמה ׃ ווערט זיך דיין פֿאלק בווילִיגן אויס פֿון דיינט ווענן צו שטרייטן ׃ אונ׳
דז ער זאגט (דוא בישט איין כהן אויף איביג פֿון ווענן דיא ריד פֿון מלכי צדק) ׃
דש איז צו פֿר שטין דוא ווערשט איין מלך אונ׳ איין כהן זיין אזו לאנג. אז דוא ווערשט
לעבן גלייך ווי אז מלכי צדק איז גיוועזן איין מלך אין ירושלים אונ׳ איין כהן פֿר דעם
אייברשטן גאט ׃ גלייך בראשית י״ד (אונ׳ מלכי צדק דער קיניג פֿון שלם האט
ארויש גיבראכט ברוט אונ׳ וויין אונ׳ ער וואר איין כהן פֿר דעם אייברשטן גאט) ׃
אונ׳ דארום פֿינדן איר אז דוד המלך ע״ה האט אויך גיבראכט דיא ברענד
אופֿפֿר אונ׳ פֿריד אופֿפֿר אין דעם טייאר פֿון ארונה היבוסי שטיט אם ענד פֿון
שמואל (אונ׳ גאט האט זיך בווילִיגט צו דיא ערד אונ׳ דער אמרט וואר אויף
גיהאלטן פֿון ישראל) ׃ אונ׳ ביים שלמה המלך וואר עס פֿר קערט ׃ דען אז ער
אויך בראכט דיא ברענד אופֿפֿר אונ׳ פֿריד אופֿפֿר אין גלגל ׃ שטיט אין שמואל
א׳ י״ג (דוא האשט ניט רעכט גיטאן וויל דוא האשט ניט אכט גינומן דיא
גיבאט פֿון גאט דיין גאט) ׃ אונ׳ דיא ווערטר (על דברתי מלכי צדק) אזו אין
פֿר שטין נאך דיא זאך פֿון מלכי צדק ׳דען דש ווארט (על) איז דא אזו פֿיל טייטש
אז (לפי) נאך ׃ גלייך איוב י׳ (על דעתך) דש איז אזו פֿיל אז (לפי דעתך) נאך
דיין דיעה ׃ אונ׳ דיא י׳ פֿון (דברתי) איז איבריג גלייך ווי אין איכה א׳ דיא י׳
פֿון (רבתי) ׃ אונ׳ גלייך קהלת ג׳ (על דברת בני האדם) דש איז טייטש נאך די
זאך פֿון דיא קינדר דר מענטשן ׃ אונ׳ דז ביים מלכי צדק שטיט ער האט ארויש
גיבראכט ברוט אונ׳ וויין ׃ דש האט ער גיבראכט אן אברהם אונ׳ זיין לייט אונ׳
ניט צו איין קרבן גלייך דיא נוצרים מיינן אונ׳ ווילן זיך דא מיט העלפֿן צו איירן
גלויבן וועלכש אנקאן פֿר שטין אויש די איבר זעצונג פֿון סיאון בורני דר לעלטר
איבר זעצר פֿון דיא נוצרים ׃ אונ׳ דז ער דריקן גידענקט דז ער וואר איין כהן צו
דעם אייברשטן גאט ׃ דש איז וויל אברהם האט אים דש מעשר גיגעבן פֿון אל
דש געלט וואש ער האט אין דיא מלחמה גיקריגן ׃ גלייך בראשית י״ד (אונ׳ ער
גאב אים דש צעהנטה טייל פֿון אליס) ׃ דארויש קענטשטו זעהן דז דער זינגר דוד
המלך האט אין דעם מזמור גאר ניט גימיינט דעם ישו נייארט ער האט דש אלש
פֿון זיך זעלבשט גיזאגט ׃ גלייך ווי ער האט אך מזמורים גיזאגט דורך דעם רוח
הקודש פֿון דיא פֿר זמלונג דר פֿר טריבני ׃ גלייך תהלים צ״ו (זינגט פֿר גאט
איין נייא גיזאנג זינגט פֿר גאט דיא גאנצה ערד) אונ׳ תהלים צ״ז (גאט איז
קיניג דיא ערד ווערט זיך פֿרייאן זיא ווערן זיך פֿרייאן פֿיל אי לענדר) גלייך אובן
בישיידן איז ׃ אונ׳ דז דיא נוצרים פֿרעגן ווען ער וואר קיין גאט ווער איז דאך
בית איגליך צו זיצן אן דיא רעכטה זייט פֿון גאט ׃ דש האבן איר שון בישיידן דז ווען
אין פסוק שטיט דיא רעכטה האנט פֿון גאט מיינט ער זיין גרושה קראפֿט דיא

קיין ענד האט ׃ גלייך תהלים קי״ח (דיא רעכטה האנט פון גאט איז הוך דיא
רעכטה היאנט פון גאט טוט קראפט) ׃ אונ׳ שמות ט״ו (דיין רעכטה האנט
גאט איז בישינט מיט קראפט דיין רעכטה האנט גאט צו ברעכט דען פיינד) ׃
אונ׳ וויל דיא קראפט פון איין מענש ווערט מער גיזעהן אן זיין רעכטה זייט ׃
דארום בישרייבט אך דער פסוק דיא קראפט פון דיא מענשן מיט דש ווארט
(ימין) דיא רעכטה האנט ׃ גלייך תהלים קמ״ד (אונ׳ איר רעכטה האנט איז
איין פאלשה רעכטה האנט) דאר מיט מיינט ער דז איר קראפט אונ׳ מאכט איז
פאלש ׃ אונ׳ אז זיא ווילן דיא ווערטר (שב לימיני) אויש ליגן נאך מיר פר שטאנד
זין אן איין רעכטה זייט ׃ זא ווער עס דאך ניט מיגליך דז דער זון זאלט קענן זיצן
ביא דעם פאטר ׃ דען וויא זיא זאגן וואר דער זון געטליך אונ׳ לייבליך צו גלייך
וויא קען ער דען זיצן אן דיא רעכטה זייט פון דיא געטליכקייט וואו גאר קיין
לייבליכקייט דר ביא איז דש איז דאך איין זאך וואס ניט מיגליך איז ׃ אבר ווען
דיא רעכטה זייט ביטייט דיא קראפט פון גאט גלייך וויא דיא פסוקים פון דיא
נבואה אויס ווייזן ׃ דען איז עס וואול מיגליך צו זיצן אן זיין רעכטה זייט דש איז
דז דיא צדיקים אונ׳ חסידים זאלן זיך פר זיכרן אן זיין קראפט דיא קיין ענד
האט ׃ אך קען מן ניט זאגן זין אן איין רעכטי זייט ביז איך ווער דיין פיינד
מאכן צו איין שטעול אונטר דיין פיס ׃ אז צו אזוויינם דער זיין רעכטה האנט
אונ׳ הילף ניטיג האט ׃ אבר איין גאט האט דאך קיין הילף ניטיג ׃ אך וויא קען מן
צו איין גאט זאגן דוא זאלשט אל לייט איין כהן זיין ׃ דען איין כהן איז איין דינר
אונ׳ דער פר גאט אופפערט ׃ אבר גאט זעלבשט אופפערט ניט ׃ אך וויא קען
גיזאגט ווערן גאט האט גישווארן אונ׳ ווערט זיך ניט בידענקן ׃ אונ׳ נאך מיר
מיינונג האט ער זיך דאך ווידר בידאכט ׃ דען ערשט האט ער גיבאטן צו
ברענגן פלייש אונ׳ בלוט ׃ אונ׳ דר נאך האט ער זיא פר וועקסלט מיט ברוט אונ׳
ווין ׃ אונ׳ אין שמואל א׳ ט״ו שטיט (דען ער איז קיין מענש דז ער ווערט זיך
בידענקן) ׃ אונ׳ אין בלק שטיט אך (ער איז קיין מענשן זון דז ער ווערט זיך
בידענקן) דען גאט יתברך קריגט קיין חרטה ׃ אונ׳ ווען איינר זעלט זאגן דז
וואס גיבאטן שטיט אין תורת משה וויא מן זאל קרבנות מקריב זיין פלייש אונ׳
בלוט אונ׳ אך אנדרי מצות אז מילה אונ׳ שבת אונ׳ נאך מער אנדרי דיא זיינן ניט
אויף איביג גיבאטן גיווארט פר איין לייט ביז ישו הנוצרי ׃ דען אזו באלד אז ער
איז גיקומן האבן דיא מצות אויף גיהערט דיא אין תורת משה שטין אונ׳ זיינן
אנדרי אן איר שטאט גיקומן ׃ קען מן אזו ענטפרן גלייך מיר האבן שון בישיידן
אין פרק י״ט וועלכס קלאר בווייזן איז אזו וואול אויס דיא תורה אונ׳ דיא נביאים
אז אויס מיר און גלין אונ׳ אויס דיא בישרייבונג פון איין טייל פון מיר חכמים
אונ׳ דארום איז עס ניט ניטיג ווידר איין אמל דר פון צו שרייבן ׃ אונ׳ אז דוא
ווערשט דיין פר שטאנד אונ׳ גידאנקן ליגן אויף דעם פרק ווערשטו פר שטין

ווער גלייך האט :

# פרק מא דניאל ז

איך הב גיזעהן אין דיזם גיזיכט דש נאכטש וויא מיט דיא וואלקן פון הימל
איז אז איין מענטשן זון גיקומן אונ׳ איז גירייכט ביז צו דעם דער דא איז
אלט פון טעג אונ׳ זיא האבן אים פאר אים גיבראכט : מיט דעם פסוק ברענגן
דיא נוצרים ביווייז אויף מיר גלויבן אונ׳ זאגן וויא דניאל האט גיפראפעצייאט
דז משיח ווערט גאט זיין דען ווען ער זעלט מיין מענטש זיין אז וויא איין אנדרר
מענטש גלייך וויא מיר זאגט · וויא ווערט ער דען קומן מיט דיא וואלקן פון הימל :
ענטפרט דיא ביווייז גילט נאך ניקש : דען אז דער פסוק זאגט דז מיט דיא
וואלקן פון הימל איז אז איין מענטשן זון גיקומן · דש מוז מן ניט
אייגנטליך פר שטין דז דער מלך המשיח ווערט קומן מיט דיא וואלקן פון הימל ·
דען דש האט ער גיזאגט פון דען טרוים דר נבואה · אונ׳ מיט דיא זאך זעלבשט
קען מן פר שטין דז דעם דניאל האט דש גיטרוימט אין דיא נבואה · גלייך ער
זאגט איך הב גיזעהן אין דיזם גיזיכט דש נאכטש וויא מיט דיא וואלקן פון הימל
איז אז איין מענטשן זון גיקומן · אונ׳ וויא זאגן זיא דען איין ביווייז ברענגן פון
איין זאך דיא אין דען טרוים גיזאגט איז אנדר צו זעהן אויף דיא בישיידניס פון
דען טרוים דען אין זיין בישיידניש שטיט בישיידליך דז נאך דיא פר לירונג דר
פיר קיניגרייכן ווערט אונז במלך דש בישטענדיגה קיניגרייך גיגעבן ווערן אן
דיא איברשטי הייליגן וועלכי זיינן דש פאלק ישראל · גלייך דארטן גישריבן שטיט
( אונ׳ דיא איברשטי הייליגי ווערן דש קיניגרייך אנטפאנגן אונ׳ ווערן דש
קיניגרייך ערבן ביז אימר אונ׳ אייביג ) אונ׳ ווייטר שטיט ( אונ׳ דש גרייכט איז
גיגעבן אונ׳ זיין הערשאפט ווערט אב גיטאן ווערן צו פר טיליגן אונ׳ פר לירן
ביז צום ענד אונ׳ דש קיניגרייך אונ׳ גיוועלטיקייט אונ׳ הערשאפט וועלכה רעגירט
אונטר אלי הימלן ווערט גיגעבן ווערן צו דש איברשטה הייליגה פאלק אונ׳ זיין
קיניגרייך ווערט זיין איין אייביג קיניגרייך אונ׳ אלי הערשאפטן ווערן אים דינן
אונ׳ גיהורזאם זיין ) · אונ׳ דז ער זאגט מיט דיא וואלקן פון הימל · דמאר מיט
ווייזט ער דז ער ווערט ניט קומן דורך ביפלייטיקייט אונ׳ קראפט דש מענטשן
נייארט דורך דען ווילן אונ׳ ביפעל פון גאט יתברך גלייך וויא דער אויף גאנג
דר וואלקן דיא דא מאכן רעגנן דיא קענן ניט אויף גין דורך דען ווילן אונ׳ אויש
ווערקונג דר מענטשן נייארט דורך דען ווילן אונ׳ ביפעל פון גאט יתברך ·, גלייך
ירמי׳ י״ד ( זיינן דען אונטר דיא נארהייט דר פעלקר די דא קענן מאכן רעגנן ·
אדר גיבן דען דיא הימל דיא שפרייא רעגן · פר וואר דוא בישט גאט אונזר
גאט אונ׳ צו דיר האפן מיר וויל דוא האשט דש אלש בישאפן ) · אך ווייזט ער

דמר

דאר מיט דז נאך דעם ער מערט זיך ביווייזן ווערט ער זיך ניט לאנג אויף האלטן אין זיין גין אונ' זיין קומשט ווערט ניט זיין גלייך וויא דיא וואלקן נאך דעם דז זי ווערן גיזעהן אם ענד דר ערדן זיין זיא זיך ניט אונ' קומן גאנץ גישווינד · אונ' דער גלייכן שטיט אין ישעי' י"ט ( גאט ווערט רייטן אויף איין גרינגן וואלקן אונ' ווערט קומן קען מצרים ) · דש איז איין משל אונ' ביטייט דז ער ווערט גאר גישווינד קומן אום דיא גזירה אויף זיא צו ברענגן · אונ' ירמי' ד' ( ער ווערט אויף גין אז דיא וואלקן אונ' זיין רייט וועגן אז דיא שטארם ווינד · זיין פערד זיין גרינגר אז דיא אדלער ) · אונ' ישעיה ס' ( ווער זיינן דיא אזו שוועבן אז איין וואלקן אונ' אז דיא טויבן אין אירי פענשטר ) אונ' ווייטר זאגט ער ( איך גאט ווער זיא אילן אין איר צייט ) · אונ' אזו זאגט ער אך פון דען טרוים פון נבוכדנצר אין דניאל ב' ( דא האשט גיזעהן וויא איין שטיין האט זיך אויש גריסן זונדר הענד אונ' האט דש בילד אויף זיינן פיס גישלאגן ) · דש איז דז דער שטיין וואר אויש גריסן ניט דורך מענשן הענד אונ' קראפט · ניימרט דורך דיא קראפט אונ' ביפעל פון גאט · אונ' דארום האט ער אין זיין אויש לעגונג גיזאגט ( אונ' אין דיא טעג פון דיזי קיניגן ווערט גאט דר הימל איין קיניגרייך אויף ריכטן דז אין דיא אייביקייט ווערט ניט פר דארבן ווערן ) דש איז צו פר שטין דז דיא אויף ריכטונג פון דען מלך המשיח וועלכש דש פינפטה קיניגרייך ווערט זיין · דש ווערט גישעהן פון גאט דר הימל דורך איין ביזונדרה אויש ווערקונג · אונ' פר ענדרונג דר נאטוער · אבר ניט גלייך אז דיא אויף ריכטונג דר פיר ערשטי קיניגרייכן דיא פון דיא ערד ווארן דש איז דז זיא ווארן נור אלין אויף איין נאטורליכה וויז · אונ' דאר פון זאגט ער אין דניאל ז' ( אונ' פיר גרושי חיות גינגן אויף אויש דען ים ) · אונ' דיא ביטיידניט דר פון איז דז פיר קיניגן ווערן אויף שטין פון דיא ערד · אונ' פון דש פינפטה קיניגרייך זאגט ער ( אונ' מיט די וואלקן פון הימל קאם אז איין מענטשן זון ) · דש איז דז דיא פיר קיניגרייכן ווערן ארויף קומן אויש דען ים וואס אויף דיא ערד איז · אונ' דש פינפטה קיניגרייך ווערט קומן מיט דיא וואלקן פון הימל · אונ' וויל ער האט דיא פיר קיניגרייכן גיגליכן צו דיא חיות · גלייכט ער דש פינפטה קיניגרייך צו איין מענטש · אום ביקענט צו מאכן דז גלייך וויא איין מענטש איז העכר אז דיא חיות אונ' הערשט איבר זיא · אזו ווערט אך דער מלך המשיח העכר זיין אז אלי קיניגן דר ערדן אונ' ווערט איבר זיא הערשן · אונ' וואס דיא נוצרים זאגן דז ווען דער משיח פון וועלכן אין דיא תורה אונ' דיא נביאים גיזאגט איז קיין גאט וואר וויא זאגט דען דער פסוק פון אים זיין הערשאפט ווערט זיין איין אייביגה הערשאפט וועלכה ניט ווערט ווערן אב גיטאן אונ' זיין קיניגרייך ווערט ניט פר דארבן ווערן · דארויש קענן זיא ניקש ביווייזן · דען דש איז צו פר שטין דז דש קיניגרייך פון דען מלך המשיח ווערט זיין בייא אים אונ' זיינן

קינדר דיא נאך אויז ווערן קומן זונדר אויף הערן ביז אין דיא אייביקייט · דש
איז דז עס ווערט אן קיין אנדרי איבר געגעבן ווערן · גלייך וויא דש קיניגרייך
איז פֿון דיא פֿיר ערשטי קיניגן וועק גינומן גיוואורן · גלייך דניאל ב׳ (אונ׳ דש
קיניגרייך ווערט אן קיין אנדר פֿאלק איבר געגעבן ווערן) · אונ׳ וואש דר נאך
שטיט אין דניאל ז׳ (אונ׳ אלי הערשאפֿטן ווערן אים דינן אונ׳ געהורזאם זיין)
דש שטרייט קעגן זיא · דען פֿיל פֿעלקר האבן אן ישו ניט גלייבט אונ׳ ווערן אים
ניט געהורזאם · גלייך אז דש פֿאלק ישראל אונ׳ דיא ישמעאלים אונ אין
לענדר אונ׳ פֿעלקר אונ׳ נאך פֿיל אנדרי דיא אן דיא ענדן דר ערד וואונן · אונ
אוב אין גלויביגר אנפֿאנט הר קעגן שטרייטן אונ׳ זאגן דז די ווערטר (וכל שלטניא)
איז ניט טייטש אלי הערשאפֿטן · ניימרט עס בטייט פֿיל הערשאפֿטן · דש
דש ווארט (כל) ווערט אופֿט געזאגט אום דיא זאך צו פֿר גרישן דז עס בטייט
פֿיל אונ׳ ניט אלי · גלייך בראשית מ״א (וכל הארץ באו מצרימה) איז ניט טייטש
אלי לענדר זיין גיקומן קעגן מצרים ניימרט פֿיל לענדר · אונ׳ בראשית כ״ד
(וכל טוב אדוניו בידו) איז ניט טייטש דז ער האט אל דש בעסטה פֿון זיין הער
מיט זיך גינומן ניימרט ער האט פֿיל גוטי זאכן מיט גינומן · אונ׳ דער גלייכן
אנדר מנהרי פסוקים · קענן איר אזו ענטפֿרן · עס איז וואול וואר דז דש
ווארט (כל) ווערט אופֿט געזאגט פֿון פֿיל · אבר דש איז נאך דען דז עס קא
מויז דען אן הלט פֿון דיזן פסוקים פֿר שטאנדן ווערן · דען וואו עס ניט קא
מויז גילייגט ווערן פֿון אלי איז אנדרש אז אן עס מויז ליגן · דז עס בטייט דיא
מיינשטי · אבר אין דיזן קאפיטל קען מאן קלאר מויז דיא זאך פֿר שטיק
ערקענט פֿון אלי קיניגרייכן · גלייך פֿר שטאנדן ווערט מויז דען אן פֿאנג פֿון
דיזן פסוק (אונ׳ דש קיניגרייך אונ׳ גיוועלטיקייט אונ׳ הערשאפֿט וועלכי
רעגירט אונטר אלי הימלן דש איז גיגעבן אן דש אייברשטה הייליג פֿאלק)
אונ׳ דניאל ב׳ (זיא ווערט צו מאלן אונ׳ צום ענד ברענגן אלי קיניגרייכן אונ׳ זיא
ווערט אייביג בלייבן) אונ׳ ישעיה ס׳ (דען דש פֿאלק אונ׳ קיניגרייך דיא דיך ניט
ווערן דינן דיא ווערן פֿר לארן ווערן) · אונ׳ וואש איך הב געזאגט דז דר פסוק
(אונ׳ דיא אייברשטי הייליגי ווערן דש קיניגרייך אנטפֿאנגן) דש גיט אויף דש
פֿאלק ישראל · דש קען מאן בווייזן אויז דיא תורה אונ׳ נביאים אונ׳ כתובים
אונ׳ וויל איין טייל דר פֿון אנעדן · אין שמות כ״ב שטיט (אונ׳ ווירדיגט איר
אין הייליג פֿאלק זיין · אונ׳ פֿלייש וואש אויף דש פֿעלד פֿר צוקט איז זאלט
איר ניט עסן איר זאלט עס פֿר דען הונט ווארפֿן) אונ׳ דברים ז׳ (דען דוא
בישט איין הייליג פֿאלק פֿר גאט דיין גאט · אן דיר האט גאט דיין גאט אויס
דר וויילט צום פֿר אים איין גליבט פֿאלק צו זיין פֿון אל דיא פֿעלקר דיא אויף דיא
ערד זיין) אונ׳ דברים י״ד (דען דוא בישט איין הייליג פֿאלק פֿר גאט דיין גאט
אונ׳ אן דיר האט גאט אויש דר וועלט) · אונ׳ ווייטר שטיט (איר זאלט קיין (נבלה)

עשן׳ צו דען (גר) דער אין דיין שטאט איז זאלשטו זיא געבן אול׳ ער זאל זיא
עשן אדר אן אין פֿרעמדן פֿר קויפֿן דען דוא בישט אין הייליג פֿאלק פֿר גאט
דיין גאט · דוא זאלשט דש ציקלין ניט קאכן אין דיא מילך פֿון זיין מוטר) · אול׳
ישעי׳ ס״ב (אול׳ אן ווערט זיא רופֿן אין הייליג פֿאלק דיא דורך גאט דר לייזט
זיין) · אול׳ דניאל ז׳ (איך הב גיזעהן ווי דיזר האָרן האט גישטריטן מיט דיא
הייליגן אול׳ האט זיא איבר וואונן · ביז עש קאם דער דא איז אלט פֿון טעג אול׳
האט דש גריכט גיגעבן אן דיא איברשטי הייליגי · אול׳ דיא צייט איז גירייכט
דז דיא הייליגן ווערן דש קיניגרייך ערבן) · ווייטר שטיט (אול׳ ער ווערט
ריד קעגן דען איברשטן הירן אול׳ דיא איברשטי הייליגי ווערט ער שענדן · אול׳
ווערט מיינן צו פֿר ענדרן דיא צייטן אול׳ דש רעכט · אול׳ זיא ווערן אין זיין האנט
גיגעבן ווערן ביז אין צייט אול׳ צייטן אול׳ אין האלבה צייט) · אול׳ דניאל ח׳ (אול׳
ער ווערט זיין קראפֿט שטארקן אבר ניט דורך זיין קראפֿט אול׳ ער ווערט
וואונדרליך פֿר דערבן אול׳ ווערט ביגליקן אול׳ טון אול׳ פֿר דערבן שטערקי אול׳
אין הייליג פֿאלק) · אול׳ דניאל י״ב (דען צו דער צייט אול׳ צייטן אול׳ אין
האלבה אול׳ אז עש ווערט פֿולענדט זיין דיא צו ברעכונג דר האנט פֿון דש
הייליגה פֿאלק ווערן אל׳ דיזה אין ענדה האבן) · גלייך אך סיאן בודני דר צעלטר
איבר זעלר דר נוצרים האט ביקענט אין זיין אויש לייגונג פֿון דיזן פסוק דז דש
הייליגה פֿאלק איז דש פֿאלק ישראל · גלייך איר האבן אין זעקשטן פרק בווייזן ·
אול׳ גלייך ווי אז דש פֿאלק ישראל ווערן גיהייסן דיא הייליגה פֿון גאט אזו ווערט
אך הקדוש ברוך הוא גיהייסן דער הייליגר פֿון ישראל · אן פֿיל ערטר דר נבֿואה
אול׳ וויל אין טייל דר פֿון אנצעלן · אין ישעי׳ י״ב (דען ער איז גרוש צווישן דיר
דער הייליגר פֿון ישראל) · אול׳ ישעי׳ ל״ז (אול׳ דוא האשט דיין אויגן אויף
גיהובן אום הויך צו דעם הייליגן פֿון ישראל) · אול׳ ישעי׳ מ״א (איך הב דיר
גיהאלפֿן זאגט גאט אול׳ דיין הר לייזר דר הייליגר פֿון ישראל) · ווייטר שטיט
(אול׳ דוא ווערשט דיך פֿרייאן אין גאט אין דעם הייליגן פֿון ישראל ווערשטו דיך
ריאן) · אול׳ ישעי׳ מ״ז (אונזר דר לייזר איז זיין נאמן גאט דער היאר שארן
דער הייליגר פֿון ישראל) · אול׳ ירמי׳ נ׳ (דען קעגן גאט האט זיא גימוטוויליגט
קעגן דעם הייליגן פֿון ישראל) · אול׳ אזו פֿינדן איר אך דז גלייך ווי השם
יתברך גיהייסן ווערט דער איברשטר גאט ווייל ער איז אין גאט איבר אלי
געטר אול׳ אין הער איבר אלי הערן · אזו ווערט אך דש פֿאלק ישראל גיהייסן
דש איברשטה פֿאלק · ווייל השי״ת האט זיא צום איברשטן גישטעלט איבר אלי
פֿעלקר דר ערד · גלייך דברים כ״ו (אול׳ ער ווערט דיך הוך שטעלן איבר אלי
פֿעלקר דיא ער האט בישאפֿן צו אין לוב אול׳ צו נאמן אול׳ צו אין רום · אול׳ דז
דוא זאלשט אין הייליג פֿאלק זיין פֿר גאט דיין גאט גלייך וויא ער האט גירעט) ·
אול׳ דברים כ״ח (אול׳ גאט דיין גאט ווערט דיך גאבן אן שטעלן איבר אלי פֿעלקר

דער ערד ) • נון קענטשו אויש אל דיזי ביווייזונגן פֿר שטין דז וואש ער זאגט
דז דיא איברשטי היילגן ווערן דש קיניגרייך איינפֿאנגן • דש רעט ער פֿון
דש פֿאלק ישראל אול ניט פֿון ישו גלייך וויא דיא נוצרים מיינן • דען וואש ער
זאגט אול נו דיא איברשטי היילגן דש שטרייט קעגן זיא • אך אויש דעם וואש ער
זאגט אם ענד פֿון דש גיזיכט איט איר אויש לייגונג אין סימן ז' (אול דש קיניגרייך
אול גיוועלטיקייט אול הערשאפֿט וועלכש רעגירט אונטר אלי היאלן איז גיגעבן
אן דש איברשטה היילגה פֿאלק ) קען אן גאנץ קלאר זעהן דז ער רעט פֿון דש
פֿאלק ישראל • אול דעם נאך קען דש וואורט (עליונין) אויף נוויאר לייא אויש
גילייגט ווערן • ענטפֿר אויף גאט ית' ברך • אול אוב שון עש שטיט אין לשון רבים
ווערט עש דאך פֿון גאט פֿר שטאנדן גלייך דניאל ד' (דז דיא נבואה (אלהין
קדישין) פֿון דען היילגן גאט איז אין אים) אוא דז דיא ווערטר (אלהין קדישין)
שטין אין לשון רבים אול ווערן דאך פֿון דעם איינציגן גאט גיזאגט • אול יהושע
ב"ד (כי אלהים קדושים הוא) דען ער איז אין היילגר גאט ) • זוא אין
דיא אויש לייגונג פֿון דיא ווערטר (קדישי עליונין) דיא היילגן פֿון דען איברשטן
גאט יאל ווען עש ניט גיט אויף דש פֿאלק ישראל • אוז אן עש פֿר שטין נו דיא
היילקייט פֿון דש פֿאלק ישראל וועלכי דיא איברשטי גינענט ווערן איבר אלי
פֿעלקר • אול דש זיינן דיא פֿראושטי פֿון זיא דען נו דער צייט ווערן דיא זינדיגן
פֿר גין פֿון דיא ערד אול ווערן קיין בייזי אער זיין • גלייך ישעי' ד' (אול דער
נאך ווערט איבר בלייבן אין ציון אול דער דא ווערט בלייבן אין ירושלים נו דעם
ווערט גיזאגט ווערן ער איז היילג ) • אול ישעי' כ"ד (אול דיין פֿאלק זיי
אייטל גירעכטי זיא ווערן אויף איביג דש לאנד ערבן ) • אול איט דיזה ביוו
קען אן גינוג זאם ענטפֿרן אול איז נאך איין וואוהה אפֿטיגה ענטפֿרט דיא איט ד
פסוקים דר שריפֿט איבר איין קואט קעגן וועלכה קיינר ווערט שטרייטן או
עש אוזט איין אונפֿרשטענדיגר אדר איין גיוואלדש אונזיין :

## פרק מב דניאל ט

אונ' נאך דיא נוויאן אול זיבציג שאטות ווערט דער גיזאלבטר פֿר שני
ווערן אול ווערט ניט דא זיין • אול דיא שטאט אול דש היילגה אור
ווערט פֿר הערבן דש פֿאלק איט דעם הער דער איבר זיא ווערט קואן אול ז
ענד ווערט זיין נו פֿר דערבן • אול ביז אם ענד פֿון דיא שטרייט ווערט א
דורך שניידיגה פֿר וויסטונג זיין : אויש דעם פסוק ברענגן דיא נוצרים ביוו
אויף איר גלויבן אול זאגן דז דער נביא דניאל האט אין זיין פר אפֿעלייאונג ביקע
גיזאגט דז דר גיזאלבטר דש איז ישו ווערט דר שלאגן ווערן גלייך גישריבן שט
דר גיזאלבטר ווערט פֿר שניטן ווערן אול ווערט ניט אער דא זיין • דען פֿון וו
פֿר

פֿר אײן גיזאלבטן קען אנדרשט דר פסוק רידן דז ער ווערט פֿר טײטן ווערן:
ענטפֿרט דארויף קענן זיא אך ניקט ביוויזן גלײך אן זעהן קען אויף דיא
פסוקים דיא דר בײא שטין׳ דען ערשט זאגט ער (זיבליג
שאטות זײנן גיזעלט איבר דײן פֿאלק אונ׳ איבר דײן הײליגה שטאט אום דיא
איסטאט צו אמכן פֿר גין אונ׳ דז די זינד זאלן צו קענד זײן אונ׳ די אונגירעכטיקײט
צו פֿר געבן אונ׳ דען גירעכטן דר וועלט צו ברענגן אונ׳ צו פֿר זיגלן די אויז זאגונג
אונ׳ דען נביא אונ׳ צו זאלבן דש אליר הײליגשטה)׳ אונ׳ זיבליג שאטות זײנן פֿירי
הונדרט אונ׳ ניינציג יאר דיא דא וואָרן פֿון די פֿר ווישטונג דש ערשטי בית המקדש
ביז צו דיא פֿר ווישטונג פֿון דש צווייאטה׳ דען זיבליג יאר וואָרן זיא אין גלות בבל
אונ׳ פֿיר הונדרט אונ׳ צוואנציג יאר האט דש צווייאטה בית המקדש גישטאנדן׳
אונ׳ ווייל דניאל האט גיזעהן וויא ירמי׳ הנביא האט בילײגט דז צו זיבליג יאר ווערט
זיא גוט בידענקן׳ גלײך ירמי׳ כ״ט (דען אז עש ווערט דר פֿילט זײן צו בבל
זיבליג יאר ווער איך אײך בידענקן)׳ דארום האט ער גידאכט דז אין דיא
זיבליג יאר ווערן אל אירי זינד צו קענד זײן אונ׳ ווערן דר נאך ניט מער פֿר
טריבן ווערן׳ גלײך איכה ד׳ (דײן זינד איז צו קענד דוא שטאט ציון ער ווערט
דיך ניט מער פֿר טרײבן) אונ׳ דז ער האט גיזעהן אין זײן טרוים אין סימן ז׳
פֿיר חיות אונ׳ דז די פֿירדה ביטײט אויף דש מלכות פֿון רום וועלכש ישראל ווערט
זער פלאגן אונ׳ דז זיא ווערן אין זײן האנט גיגעבן ווערן ביז אײן צײט אונ׳ צײטן
אונ׳ אײן האלבה צײט האט ער ניט פֿר שטאנדן וואש פֿר צײטן אן האט גימײנט׳
דארום האבן איך זײן גידאנקן דר טראכן אונ׳ האט נאך אל צײט דרויף גיטראכט
אום צו זעהן וואש דא ווערט דר פֿון קומן אונ׳ וויא עש ווערט איבר אײן קומן
דיא פֿר הײשונג וואש ער האט גיזעהן אין זײן טרוים איט דעם וואש אן
ירמי׳ איז פֿר הײשן גיוואָרן׳ דען ער האט ניט גיוואושט פֿון דש אנדרי גלות
דש דא ווערט נאך קומן נאך דיא פֿר ווישטונג פֿון דש צווייאטה בית המקדש׳
דארום זאגט ער ווײטר אום ענד זײנר דר צילונג פֿון זײן פראפֿעטישן טרוים (איך
דניאל אײני גידאנקן האבן איך זער דר שראקן אונ׳ אײן גשטאלט איז אין איר פֿר
ענדרט א.ו.ה.ב די זאך אין אײן הערץ ביוואָרט)׳ אך אז ער האט אין דש צווייאטה
גיזכט גיזעהן אין סימן ח׳ פֿון דיא פֿר שטערונג דש טעגליכה אופפֿר אונ׳ דש
הײליקײט אונ׳ דיא היאר שאר ווערט צו טרעטן זײן ביז אובנט אונ׳ מארגן צווײא
טויזנט אונ׳ דרײא הונדרט האט ער אך אויף דעם גיזיכט דיא צאל ניט פֿר
שטאנדן׳ דען ער האט דארום גיוויבלט אוב דיא צײט פֿון דעם גלות אין וועלכן
זיא וואָרן ווערט אזו לאנג גיוועהרן ביז דיא צײט פֿון דיא צאל וועלכה אזו פֿיל יארן
ביטײט אז ערשט צו ענד זײן׳ וויל דארויף גיזאגט ווערט (אונ׳ דוא פֿר שליס
דש גיזיכט דען דש ווערט גישעהן נאך פֿיל טעג)׳ ווען דש אזו ווער זעלט דאר
איט ניט איבר אײן קומן דיא פֿר הײשונג פֿון ירמי׳ וועלכה נור ווײזט אויף

איך ווער אים זיין צו איין פֿאטר אונ׳ ער ווערט מיר זיין צו איין זון · אך אז ער
בראכֿט זיין עוולטן זון אויף דיא וועלט האט ער גיזאגט זיא האבן זיך פֿר אים
גיבוקט אל דיא ענגלן פֿון גאט · אונ׳ צו דיא ענגלן האט ער אך דער גלייכֿן
גיזאגט ער אמכֿט זיין באטן ווינדן זיין דינר פֿלאמריג פֿייאר · אונ׳ צו זיין זון
האט ער אך גיזאגט דיין שטול גאט איז אימר אונ׳ איביג · איין רעכֿט פֿערטיגה
רוט איז דיא רוט פֿון דיין קיניגרייך · דוא האשט ליב גירעכֿטיקייט אונ׳ האשט
פֿיינט בוזקייט דארום האט דיך גאט דיין גאט גיזאלבט מיט איין פֿרייליך איל
מער אז דיין גיזעלן · דארויש קענשטו זעהן וויא דער שרייבר האט זיך אין דיא
פסוקים אופֿן בארליך גאירט · דען דז ער ברענגט ביוויז אויף ישו אויז דעם
פסוק גאט האט צו איר גיזאגט דוא בישט איין זון איך האב דיך היינט גיבארן ·
אונ׳ איר האבן שון בישיידן אין פרק י״ג פסוק ל״ג פֿון אקטו אפוסטולורום דז
דער פסוק מיט דעם גאנצן מזמור האט דוד המלך ע״ה אין רוח הקודש גיזאגט
פֿון זיך זעלבשט דארום קענן דיא נוצרים דארויש גאר ניקש ביווייזן · אך וואש ער
ברענגט אויש דעם פסוק איך ווער אים זיין צו איין פֿאטר אונ׳ ער ווערט מיר
זיין צו איין זון · דש גיט אך ניט אויף ישו ניימרט גאט האט דש גיזאגט צו דוד אויף
זיין זון שלמה אונ׳ דש קען אן קלאר ביווייזן אויש דעם וואש ווייטר שטיט (דז ווען ער
ווערט אונרעכֿט טון זא ווער איך אים שטראפֿן מיט איין רוט דר מענשן אונ׳
מיט פלאג דר מענשן קינדר) · אונ׳ דש איז ביקענט דז דיא נוצרים גלויבן דז
אזו לאנג אז ישו האט גילעבט האט ער גאר ניקש גיזינדיגט אונ׳ קיין אונרעכֿט
גיטאן · אונ׳ וויא קענן זיא דען דעם פסוק אויף אים אויש לייגן · אך דז ער
שרייבט דז פֿון אים איז גיזאגט דז אל דיא ענגלן פֿון גאט ווערן זיך פֿר אים
בוקן · דש גיט ניט אויף אים ניימרט דז אין פסוק שטיט אל דיא ענגלן בוקן זיך
פֿר אים דש גיט אויף גאט ית׳ · דען דש ווארט (לו) צו אים וואש אין
דעם פסוק שטיט דש גיט אויף דעם וואש צו פֿאר שטיט (פֿר דען הער פֿון דיא
גאנצה ערד) גלייך אלז בישיידליך אין דען מזמור שטיט · אך וואש ער ברענגט
אויש דעם פסוק דיין שטול דוא גאט איז אויף אימר אונ׳ איביג · אונ׳ ער
האט עש אזו בישיידן אז ווען ער זעלט דש ווארט (אלהים) צו אים זעלבשט
היבן גירעט אז ווען ער זאגט דיין שטול דוא גאט · דש איז אן אזו ניט פֿר שטין
ניימרט ער האט גימיינט דיין שטול איז דער שטול פֿון גאט · אונ׳ דער גלייכֿן
שטיט אין דברי הימים ב׳ ט״ו (אונ׳ דיא נבואה עודד הנביא) דש איז אזו ווען ער
זעלט זאגן אונ׳ דיא נבואה ונור דיא נבואה פֿון עודד הנביא · אונ׳ דש איז
גלייך דברי הימים א׳ כ״ט (אונ׳ שלמה זאס אויף דען שטול פֿון גאט) · דען
ווייל הט״י הייסט דער קיניג פֿון ישראל אונ׳ ישראל הייסן גאטס פֿאלק דארום
דער דא זיצט אויף דען שטול פֿון דש קיניגרייך פֿון ישראל דער הייסט ער זיצט
אויף דען שטול פֿון גאט · אונ׳ דער מזמור ווערט גיזאגט פֿון דען מלך המשיח

דעם גאט ווערט אויף ריכטן פֿון דעם זאמן פֿון דוד המלך ע"ה אונ׳ ער ווערט
איין אלק זיין איבר כל ישראל אונ׳ זיין רעגירונג ווערט קיין אויף הערונג האבן
נייארט ער ווערט רעגירן אונ׳ זיין זון אונ׳ זונס זון נאך אים ביז אייביג׳ אונ׳ דאר
פֿון האט ער גיזאגט דיין שטול דער דא איז דער שטול פֿון גאט ווערט גיוועהרן
ביז אייביג׳ אונ׳ דאר פֿון שטיט אך אין דניאל ב׳ (אונ׳ אין דיא טעג פֿון דיזי
קיניגן ווערט גאט דר היאלן אויף ריכטן איין קיניגרייך וועלכש אין דיא אייביקייט
ווערט ניט פֿר דארבן ווערן אונ׳ דש קיניגרייך ווערט אן קיין אנדר פֿאלק איבר
גיגעבן ווערן׳ דש ווערט צו מאלן אונ׳ אמכן פֿר גין אל דיזי קיניגרייכן אונ׳ דש
ווערט אייביג בלייבן)׳ אונ׳ דניאל ז׳ (אונ׳ זיא ווערן אנטפֿאנגן דש קיניגרייך
דיא הייליגי איברשטי אונ׳ ווערן ערבן דש קיניגרייך ביז אייביג אונ׳ ביז אייאר
אונ׳ אייביג)׳ גלייך איר האבן דש אלז בישיידן אין פרק ו׳ אונ׳ א"א פֿון דש
ערשטי טייל פֿון דעם ספר׳ אזו אך דיא ביוייז וואש ער ברענגט אויש דעם
פסוק וואש דר נאך שטיט (דוא האשט ליב גירעכטיקייט אונ׳ האשט דיא בוזקייט
דארום האט דיך גאט דיין גאט גיזאלבט)׳ זא האט ער אך אויש גילייגט דש
ווארט (אלהים) דוא גאט אז ווען ער זעלט אים אייגן אונ׳ אל זיין גידאנקן איז
דז ער וויל אן ישו דיא געטליכקייט צו שרייבן׳ אבר ער האט דש אך ניט רעכט
פֿר שטאנדן׳ דען דש איז אזו צו פֿר שטין׳ דארום האט דיך גאט דער דיין
גאט איז גיזאלבט׳ אונ׳ דער גלייכן שטיט אך אין תהלים מ"ח (דען דש איז
גאט אונזר גאט אייאר אונ׳ אייביג)׳ אונ׳ תהלים נ׳ (הער צו איין פֿאלק אונ׳
איך וויל רידן׳ ישראל אונ׳ איך וויל איבר דיר בילייגן איך בין גאט דיין גאט) :

**צו פרק ב** פסוק ז׳׳ האבן זיא אך ביוייז גיבראכט אויף ישו אויש
דעם פסוק דוא האשט אים וואש ווינגר גימאכט אז גאט
אונ׳ איט עהר אונ׳ שונהייט הושטו אים גיקרינט׳ אונ׳ אין פסוק ט׳ זאגט ער
דז ישו וואר וואש ווינגר אז דיא ענגלן׳ נאר קענשטו זעהן וויא דער שרייבר
שטרייט קעגן זיך זעלבשט׳ דען אין דען פֿאריגן פרק האט ער ישו בעסר
גימאכט אז דיא ענגלן פֿון גאט ביז ער זאגט דז פֿון אים ווערט גיזאגט דז אל דיא
ענגלן פֿון גאט זאלן זיך פֿר אים בוקן׳ אונ׳ אין דעם פרק האט ער אים פֿר
קערט אונ׳ גרינגר גימאכט אז דיא ענגלן ווייל ער זאגט דז ישו וואר וואש
ווינגר אז דיא ענגלן גלייך גישריבן שטיט אונ׳ ער האט אים וואש גרינגר
גימאכט אז דיא ענגלן׳ אלזו איז עש ניט איגליך דז דיא ענגלן זעלטן זיך בוקן
פֿר ישו ווייל ער גרינגר וואר אז זיא׳ אבר דער שרייבר האט איט פֿליס דעם
מזמור אזו אויש גילייגט אויף ישו הנוצרי וועלכש דוד המלך ע"ה גאר ניט גימיינט
האט׳ נייארט דיא אויש לייגונג פֿון דיזה פסוקים איז דש׳ דז ער זאגט (אז
איך זע דיין היאלן דש ווערק פֿון דיין פֿינגר דיא לבנה אונ׳ שטערן דיא דוא האשט
בירייט)׳ דש איז צו פֿר שטין דז ווען איך זע אונ׳ גיב אכטונג אויף דיזה גרושי
אונ׳

אונ׳ בישטענדיגי בישעפֿניש זא פֿר וואונדר מיך איך אונ׳ גידענק בייא איר
זעלבשט (וואש איז איין מענש דז דוא אן אים גידענקשט אונ׳ איין זון פֿון איין
מענש דז דוא זיינר גידענקשט)׃ דען וויא׳ איין מענש איז נור איין קליין
בישעפֿניש דען היינט איז ער דא אונ׳ מארגן איז ער אין דיא גרוב וויא האשטו
אן אים גידאכֿט אונ אים אזו צו בישאפֿן דז דוא בישט אים אזו גינעדיג גיוועזן
אונ׳ האשט אין אים איין זיל גיגעבן דיא דא איז הוך אונ׳ ריין אונ׳ בישטענדיג
דיא הער קומט פֿון דיא וועלט דר ענגלן׃ אך גידענקשטו אן אים איט דעם דז
דוא אל לייט דיין מלכות אויף אים גיבשט׃ אונ׳ איט דיזה הוכה זיל האשטו
דעם מענש גלייך גיאאכֿט איט דיא איבערשטי ענגלן׃ אונ׳ דאך איז ער נאך
וואט אינדר אז זיא וויל זיין לייב איז צו זאמן גישטעלט פֿון איין נידריג אונ׳ טריב
אונ׳ פֿר גענקליכֿה לייבליכֿקייט׃ אבר דיא ענגלן זיינן אייטל פֿר שטאנד אונ׳
פֿון לייבליכֿקייט אב גישיידן׃ נאך גלייך וואול פֿון וועגן דיא זיל האשטו אים
גיקרינט איט עהר אונ׳ שונהייט דען דוא האשט אים גיאאכֿט הערשן איבר דש
ווערק פֿון דיין הענט דש זיינן אל דיא אונטרשטי בישעפֿניש׃ אונ׳ דאר פֿון
האט ער גיזאגט (דוא האשט אלש גיטאן אונטר זיין פֿיס)׃ גלייך ער ווייטר
בישיידליך זאגט (שאף אונ׳ אלי רינדר אונ׳ אך דש פֿיך פֿון פֿעלד פֿיגל פֿון הימל
אונ׳ דיא פֿיש פֿון מער)׃ אונ׳ דש האט ער אך לאזן וויסן אין דש ווערק פֿון דיא
בישעפֿניש דז ער זאגט (איר וועלן איין מענש בישאפֿן אין אונזר פֿארם אונ׳
גלייכניש אונ׳ זיא זאלן הערשן איבר דיא פֿיש פֿון מער אונ׳ דיא פֿיגל פֿון הימל
אונ׳ איבר דש פֿיך אונ׳ איבר דיא גאנצה ערד)׃ גלייך איר האבן בישיידן אין
פרק י׳ פֿון דש ערשטי טייל פֿון דש ספֿר׃ דאר איט האט אן דיר בוויזן דז דיא
נאריש קענן ניקש בווייזן אויף ישו אויש דיא פסוקים דיא דער טרייבר האט
גיבראכֿט אין דיזי צוויא פרקים׃

## צו פרק ח

פסוק ח׳׃ ברענגט ער בווייז אויף איר אן גליון אויש ירמי׳
ל״א (עש ווערן טעג קואן זאגט גאט דז איך ווער איט
ישראל איין נייא פֿר בונד אאכֿן)׃ דאר פֿון האב איך טון גישריבן דז אן קענן
דארויש ניקש בווייזן אונ׳ וויא אן דיא נבֿואה אז פֿר שטין דש האב איך טון בישיידן
אין פרק כ״ט פֿון דש ערשטי טייל פֿון דש ספֿר אונ׳ דארום האב איך עש ניט
וועלן טאפלט אן טרייבן אום עש ניט צו לאנג צו אאכֿן דען אן קען עש דארטן נאך
זעהן׃ אונ׳ אין פסוק י״ג זאגט ער דז איט דעם דז ער זאגט איין נייא פֿר בונד
גיבט ער צו קענן דז דש ערשטי איז גישליסן אונ׳ וואש גישליסן אונ׳ אלט איז דש
קען באלד פֿר דארבן ווערן׃ דארויש קענשטו זעהן וויא דער טרייבר האט אזו
אונפֿרשטענדיג גישריבן דז דיא ריד אונ׳ גיבאט פֿון גאט קענן פֿר שליסן אונ׳
פֿר דארבן ווערן׃ אונ׳ האט פֿר געשן וואש דוד המלך ע״ה האט גיזאגט אין
תהלים קי״א (דיא ווערקן פֿון זיין הענד זיינן וואר האפֿטיג אונ׳ גירעכֿט׳ זיא

זיינן

זיינן וואר האפטיג אול זייני גיבאט זיא זיינן אונטר לעהנט אול פֿאשט ביז אין דיא אייביקייט· זיא זיינן גימאכֿט מיט אמרהייט אול רעכֿט פֿערטיקייט) · אול ישעי׳ מ׳ (דש גראז ווערט פֿר דערט דיא שפראלונג פֿר וועלגט אבר דיא ריד פֿון אונזר גאט בלייבט אייביג ) :

**צח פרק י׳ פסוק ה׳**· ברענגט ער ביוויז אויך איר גלויבן אויש תהלים אול זאגט עש שטיט גישריבן דוא האשט קיין שעכֿטונג אול פריזענט ביגערט גיימרט אין לייב האשטו איר בישאפֿן · אול אין פסוק שטיט ניט אז· גיימרט אין תהלים מ׳ שטיט (שעכֿטונג אול פריזענט האשטו ניט ביגערט · דוא האשט איין אורן אויש גיגראבן · ברא‍נד אופפֿר אול זינד אופפֿר האשטו ניט אן גיהייסן) · אול דש איז לו פֿר שטין דוא האשט איין אורן גיעפֿנט אונן דיין שטיק לו הערן דען דש איז וואש גאט ביגערט · גלייך ער האט גיזאגט אז זיא שטונדן בייא דען בארג סיני אין שמות י״ט (אול אילונד אז איר ווערט איין שטיק הערן אול ווערט איין פֿר בונד האלטן · זא ווערט איר איר גליבט זיין אער אז אל דיא פֿעלקר דען איין איז דיא גאנצה ערד) · אול ירמי׳ ז׳ (דען איך הב ניט גיזאגט לו אייער עלטרן אול הב זיא ניט גיבאטן אן דען טאג אז איך הב זיא אויש אלרים גילוגן פֿון וועגן ברא‍נד אופפֿר אול שעכֿטונג· גיימרט דש האב איך זיא גיבאטן הערט איין שטיק אזו ווער איך לו אייך זיין לו איין גאט אול איר ווערט איר זיין לו איין פֿאלק) · אול שמואל א׳ ט״ו (ביגערט גאט דען ברא‍נד אופפֿר אול שעכֿטונג אזו וואול אז גאטש שטיק לו הערן · דש הערן איז בעשר אז שעכֿטונג · לו פֿר נעאן גאטש גיבאט איז בעשר אז דש פֿעט פֿון דיא ווידר) · גיימרט דיא אופפֿר זיינן איין האלונג פֿר דיא ווייא טאג דר זינד דען ווען זיא ניט זינדיגן האבן זיא ניט ניטיג איין אופפֿר לו ברענגן · דען ווען איינר ניט עסט וואש אים שעדיגליך איז אזו האט ער קיין קרייטר ניטיג · אול עש טייכט דז דער שרייבר האט דיזן פסוק אויש פֿליים פֿר ענדרט · דען ער האט גישריבן אבר דוא האשט איר איין לייב בישאפֿן · אום זיין גלויבן דר מיט לו ביפֿעשטיגן דז דער לייב פֿון ישו וואר גיאופפֿרט אן שטאט פֿון שעכֿטונג אול פריזענט גלייך ער האט דארטן ביקענט גימאכֿט אין פסוק י׳ פֿון דען גיזעלדטן פרק דז ער זאגט איט וואש פֿר איין וואול גיפֿאלן איז דער לייב פֿון ישו דאין אחל גיהייליגט איוואַרן איט דיא אופפֿר · אול איר האבן דר אר פֿון שון גידמאכֿט אין פרק א״ה אין דש לווייטה טייל פֿון דיזן ספר :

דיא דר ליוונג פֿון דיא טרויש פֿון יזאן וועלכֿט אין איר שפראך גינענט ווערט אפוקליפסיס

**צט פרק ז׳ פסוק ה׳**· אעלדט ער דיא לוועלף גישלעכֿטר פֿון ישראל אין דיזה אורדר · ראובן גד אשר נפֿתלי מנשה שמעון לוי יששכר זבולון יוסף אול בנימין · נון זעהשטו זיא ער האט פֿר געשן דן שבֿטרן אול

אונ׳ האט אנטה אן זיין שטאט גישטעלט · אוב שון ער איז איט גירעכנט אונטר
דש שבט פון יוסף · דארויש קאן מן זעהן דז דער שרייבר פון דיזא טרויאן האט
ניט מיין אחל רבת גיוואוסט די נאמן דר גישלעכטר איט איר נעאן וועלכש אך
דיזא קלייני קינדר ווישן · אונ׳ דש ווייזט אך דז אך אנדרי זאכן דיזא אין אונז גליך
שטין האבן זעלכי גישריבן דיזא אך זעלבשט אין דיזא גאיינטשטי זאכן דיזא אין דיזא
הייליגי ספרים שטין ניט ער פארן ווארן גלייך איר האבן בוויזן אין פרק א״ה פון
דש ערשטי טייל פון דיזן ספר · אונ׳ אך אין אונזר פאר רעדן פון דש לווייאטה
טייל אונ׳ אך אין פיל פרקים פון דיזן חלק:

## ק פרק כב

פסוק י״ח דש איז אוש ענדר פון אין גליון שרייבט ער איך
בילייג אן מיין אידר דער דא הערט דיזא פרופעציאונגן
פון דיזי ביכר אונ׳ ווערט וואש דרויף פר אערן אויף דעם ווערט גאט פר אערן די
שלעק דיזא אין דיזי ביכר גישריבן שטין · אזו אך דער דא ווערט וואש פר
איגרן פון דיזא זאכן דיזא אין דען פרופעטישן בוך שטין · דעם ווערט גאט
פר איגרן זיין טייל אויש דען בוך דש לעבנש · אונ׳ פון דיזא הייליגה שטאט אונ׳ פון
דיזא פר זיכרונגן דיזא אין דיזא ביכר שטין · נון קענשטו זעהן דז דיזי ריד
שטרייטן אך קעגן זיא · דען אל דיזא נולדים פר אערן דיזא זאכן דיזא אין און
גליון שטין · דען זיא רופן דען ערשטן טאג אין דיזא וואוך וועלכש ישו נאך זיין
שלוחים ניט האבן גיבאטן · אך פר איגרן זיא וויל זיא זיך ניט היטן פון לו עסן
בלוט אונ׳ פון פיך דיזא דר שטיקט זיין וועלכש איגן דיזא שלוחים האבן פר באטן
גלייך אין מקטא אפוסטאלורום פרק ט״ו פסוק כ׳ אונ׳ כ״ט · אונ׳ דאר פון האבן
איר שון ווייט לויפריג גישריבן אין פרק ג׳ פון דש ערשטי טייל פון דיזן ספר:

היר איט איז פול ברא(?)לט וואש איך הב ביזאבט לו שרייבן אין דיזן לווייאטן טייל
דורך דיזא הילף פון דען אייניגן גאט דער דא איז דער ערשטר אונ׳ דער
הינטרשטר אונ׳ דז אנדר איז קיין גאט איז:

# תושלבע

